די ווערק פון היינריך היינע אין אַכט בענד מיט
אַ ביאָגראַפיע פון ע. קאַלישער און אַ פאָרוואָרט
פון דר. נ. סירקין, איבערזעצט פון: אייזלאַנד ר.,
ביאַליק ה. נ., באָראָכאָוויטש, גראָס נ., האַלפערן
מ. ל., הערבערט ל. מ., לאַנדוי ז., ליליפוט, מאני
לייב, עדעלשטאַט ד., פרישמאַן ד., פרץ י. ל.,
קיסין י., שוואַרץ י. י., שווייד מ., רייזען א.
און ראָלניק י.

צווייטע אויפלאַגע.



היינריך היינע.

צווייטער באנד:

# רייזע-בילדער.

ארויסגעגעבען פון פערלאג „אידיש“
1918 ניו-יארק, תרע"ח.

## פאָרוואָרט פון איבערזעצער.

ביים איבערזעצען די פאָרליגענדע שריפטען פון היינריך היי־נע, האָב איך זיך הויפּטזעכליך געהיט ניט אריינצופאַלען אין דעם דייטשען זאַץ־בוי און אין דייטשען אידיאָם. א שווערקייט, וואָס אַלע, וועלכע איבערזעצען פון דייטש אין אידיש האָבען זי געמוזט באַגעגנען. און נאָך מעהר האָב איך זיך מיט אָט דער שווערקייט גע־מוזט ראַנגלען ביים איבערזעצען די שריפטען פון היינריך היינע.

אויף וויפעל עס איז מיר געלונגען, זאָלען משפּט׳ן אנדערע. איך אַליין גלויב און פיהל, אז מעהרסטענטיילס איז דאָס מיר געלונגען. איך וויל אבער דאָ גלייך אויפמערקזאם מאכען, אז ביי געוויסע שטעלען און זאָגאר ביי מאנכע גאנצע ווערק, האָט זיך מיר דאָס ניט אין גאנצען איינגעגעבען.

באַזונדערס איז דאָס געווען דער פאַל מיט די „מעמוארען“.

אביסעל איז אפשר אין דעם שולדיג דאָס ווערק גופא. וואָרים אָט די מעמוארען, אונטערשיידען זיך פון אַלע אנדערע היינע׳ס שריפטען מיט דעם, וואָס זיי פעהלט דער שוואונג, די שפּיע־לעוודיגקייט, די גראַציע און די נאַטירליכע פּלעצליכקייטען, מיט וועלכע עס זענען אזוי רייך אַלע זיינע אנדערע שריפטען. די מע־מוארען פארמאָגען אין אָריגינאַל אויף א סך היפּערפּעריאָדישע פארדרעהטע זאַצען, פון וועלכע עס איז שווער זיך צו דערשלאָגען צום אידישען זאַץ־בוי און אידישען אידיאם.

אויף׳ן לעצט וויל איך נאָך אויסנוצען די געלעגענהייט, כדי צו דאנקען מיין פריינד און קאָלעגע מ. ל. האַלפּערן פאַר ערלויבען מיר זיך צו באַנוצען מיט זיין איבערזעצונג פון דעם ערשטען ליעד, וואָס פיהרט אריין אין „די רייזע אויפ׳ן הארץ“; און זאָל דאָ שוין אויך דערמאַנט ווערען, אז איינציגע שורות און סטראָ־פען פון די ליעדער „קעניג איז דער יונגער פאסטוך“ און „איך בין פּרינצעסין אילזע“, (ביידע אין „די רייזע אויפ׳ן הארץ“), האָב איך אויך איהם צו פארדאנקען.

ר. איי זלאנד.

קיין זאך דויערט ניט אזוי, ווי דאס בייטען זיך. קיין זאך איז ניט אזוי אייביג, ווי דער טויט. יעדער קלאפ פונ'ם הארצען, מאכט אונז א וואונד, און דאס לעבען וואלט געווען אן אייביגע טראגעדיע, ווען ניט די דיכטקונסט. זי גיט אונז דאס, וואס די נאטור האט אונז אפגעזאגט: א גאלדענע צייט, וואס ווערט קיינמאל ניט פאראסט, א פריהלינג וואס פארבליהט ניט. א גליק אהן וואלקענס און אייביגע יוגענד.

בערנע.

שווארצע רעק און זיידנע זאקען,
אויך מאנשעטען מוז מען טראגען.
ריידען פיין און עסען נאבעל —
וואלט מען נאר א הארץ פארמאגען.

יא, א הארץ אין ברוסט, און ליבע,
ווארמע ליבע אינ'ם הארצען! —
אך, מיך טויטען זיי'רע לידלעך,
מיט די אויסגעטראכטע שמארצען!

אויף די בערג וויל איך ארויפגעהן,
וואו עס שטעהען שטיבלעך קליינע,
וואו די ברוסט ווערט ברייטער, פרייער,
אטעמענדיג די לופט די ריינע.

אויף די בערג וויל איך ארויפגעהן,
צווישען סאסנעס וויל איך לעבען,
טייבלעך רוישען, פייגעל זינגען,
און די שטאלצע וואלקענס שוועבען.

זייט געזונד, איהר גלאטע זאלען,
גלאטע זיהן און גלאטע טעכטער! —
פון די בערג ארונטער הערען
זאלט איהר מיין געלעכטער.

די שטאָדט געטינגען, וואָס איז באַריהמט מיט איהר וואורשט און מיט איהר אוניווערזיטעט, געהערט צו דעם קעניג פון האַנאָ־ווער, און פאַרמאָגט 999 הייזער, פאַרשיעדענערליי קירכען, אַן אנשטאַלט פאַר קינפּעטאָרינס, א טורעם פאַר שטערנזעהערס, א קאַרצער, א ביבליאָטעק און א ראַטסקעלער, וואו דאָס ביער איז זעהר גוט. דאָס טייכעל, וואָס לויפט דאָרט דורך הייסט „די לײַנע" און דינט זומערס צייט צום באָדען; דאָס וואַסער איז זעהר קאַלט און אין א טייל ערטער איז עס אזוי ברייט, אַז לידער האָט זיך געמוזט גוט פאַרנאַנדערלויפען, איידער ער האָט עס געקענט אַרי־בערשפּרינגען. די שטאָדט אליין איז שען און זי געפעלט איינעם צום בעסטען, ווען ער קוקט אויף איהר מיט'ן רוקען. זי מוז שוין שטעהן זעהר לאַנג. ווארום איך דערמאָן זיך, אַז נאָך פאַר פינף יאָהרען, בעת איך בין דאָרט אָנגעקומען אויף דער אוניווערזיטעט, און בין טאַקי באַלד דערנאָך געוואָרען אויסגעשלאָסען, האָט זי שוין געהאַט דאָס זעלביגע גרויע, אַלט־קלוגע אויסזעהן, און איז שוין געווען פולשטענדיג פאַרזעהן מיט נאַכטוועכטער, הינט, דיסערטאַציעס, טהעע־הייזער, וועשערינס, קאָמפּענדיען, טויבענ־בראָטען, גאָאַלפּענאָרדענס, פּראָמאָציאָנס קוטשען, ליולקע קעפּ, הויף־ראַטען, יוסטיץ־ראַטען, רעלעגאַציאָנס ראַטען, גרויס גאָרניש־טען, און גלאַט גאָרנישטען. אנדערע ווילען אפילו באַהויפּטען אַז די שטאָדט איז אויפגעבויט געוואָרען אין דער צייט פון דער פעלקער־וואַנדערונג. יעדער דייטשער שטאַם האָט דעמאָלט אין איהר איבערגעלאָזען א ניט־געבונדענעם עקזעמפּלאַר פון זיינע מיט־גליעדער. און דערפון נעמען זיך דאָס אַט די אַלע וואַנדאַלען פריע־זען, שוואַבען, טויטאָנען, זאַקסען, טירינגער, א. ז. וו. וואָס נאָך היינטיגען טאָג קען מען זעהן פון זיי אזוי פיעל, ווי שלעפּען זיך אַרום איבער דער וועגדערגאַס, און אונטערשיידען זיך איינער פון אנדערן דורך די פאַרבען פון זייערע היטלען און פראַנזען פון די ליולקעס, אָדער שלאָגען זיך אַרום אויף די בלוטיגע דועל־פּלע־

צער לעבען ראזענמיהלע, רוטשענקרוג אדער באוודען. זייערע זיי־טען און מנהגים זענען היינט פונקט דיזעלביגע ווי אין דער צייט פון דער פעלקערוואנדערונג, און זיי ווערען רעגיערט א טייל דורך זייערע דוכסים, וואס מען רופט זיי הויפטהענער, און א טייל דורך זייער פארצייטיגען געזעץ־בוך, וואס הייסט קאמענט, און וואס פארדיענט זיך כשר אז ארט אין דעם Legibus barbarorumt

בכלל ווערען די איינוואוינער פון געטינגען איינגעטיילט אין סטודענטען, פראפעסארען, פיליסטער און בהמות. און אלע פיער שטאנדען זענען שטענדיג אפגעטיילט איינער פון צווייטען. דער בהמות־שטאנד איז דער בעדייטענסטער. אויסצורעכענען די נעמען פון אלע סטודענטען און פון אלע גאנצע און האלבע פראפעסארען, וואלט פארנומען צופיעל צייט. א חוץ דעם האב איך גראד איצט ניט אויפ'ן זכרון די נעמען פון אלע סטודענטען, און צווישען די פראפעסארען זענען גאר פאראן אזעלכענע, וואס האבען נאך גאר קיין נאמען ניט. די צאל פון די געטינגער פיליסטער מוז זיין אזוי גרויס ווי דער זאמד, אדער בעסער געזאגט, ווי דער קויט ביים ים; און ווירקליך, ווען איך זעה זיי אין א פריהמארגען, ווי זיי שטעהען אזוי לעבען דעם אקאדעמישען געריכטס־טויער, מיט זייע־רע שמוציגע פנים'ער און ווייסע חשבונות, דאן קען איך קוים בא־גרייפען, ווי אזוי גאט האט געקענט באשאפען אט די גאנצע כא־ליאסטרע.

גענויערעס וועגען דער שטאדט געטינגען, קען מען זעהר לייכט געפינען אין איהר טאפאגראפיע, פערפאסט פון ק. פ. ה. מארקס. און כאטש איך בין שולדיג א הייליגען חוב דעם מחבר, וואס איז געווען מיין רופא, און וועלכער האט מיר ארויסגעוויזען אזוי פיעל ליעבע, פון דעסטוועגען קען איך דאך ניט ראטען, אז מען זאל זיך באנוצען מיט זיין ווערק, און איך מוז איהם פארווארפען, וואס ער האט ניט גענוג שטארק אפגעלייקענט אין זיין בוך יענע פאלשע מיינונג, אז די געטינגער האבען צו גרויסע פיס. יא, איך אליין האב זיך זינט פיעל יאהרען אפגעגעבען דערמיט, כדי די דאזיגע פאלשע מיינונג אפצולייקענען. צוליעב דעם צוועק האב איך געהערט לעק־ציעס וועגען פארגלייכענדיגער אנאטאמיע, האב זיך פארצייכענט

שטעלען אוים די זעלטענסטע ווערק אין דער ביבליאטעק, שעה'ן־לאנג האב איך אויף דער וועענדערגאס שטודירט די פארבייגע־הענדיגע פים פון די דאמען; און אין מיין גרינדליך געלערנטער אפהאנדלונג, וואס ענטהאלט דעם פועל יוצא פון אט די אלע שטו־דיען רעד איך דארטען 1) פון פים בכלל, 2) פון די פים ביי זקנים, 3) פון די פים ביי עלעפאנטען, 4) פון די פים ביי די געטינגער פרויען, 5) שטעל איך צוזאמען אלץ, וואס איז שוין געזאגט געווא־רען וועגען די אלע פים אין אולריך'ס גארטען, 6) באטראכט איך אט די פים אין זייער צוזאמענהאנג, און ביי דער געלעגענהייט רעד איך באריכות וועגען די אויבערשטע דיקע טיילען. קניע, א. אז. וו. און צום סוף 7) ווען איך זאל נאר קענען קריגען אזא גרויס פאפיער, וואלט איך נאך צוגעגעבען עטליכע צייכענונ־גען מיט דעם פאקסימיל פון געטינגערשע דאמען פים.

ווען איך האב פארלאזט געטינגען, איז נאך געווען זעהר פריה. און דער געלערנטער איז נאך דאמאלס אודאי געלעגען אין בעט און ווי געוועהנליך געחלומ'ט, אז ער דרעהט זיך ארום אין א שעהנעם גארטען, וואו אויף די בייטען וואקסען לויטער ווייסע פא־פירלעך, וואס זענען באשריבען מיט ציטאטען. די פאפירלעך גלאנ־צען ליעבליך אקעגען דעם ליכט פון דער זון. וואו ניט וואו רייסט ער זיך אפ פון זיי א היבש ביסעל און פלאנצט זיי איין אין א נייעם בייט, און די נאכטיגאלען דערפרעהען זיין הארץ מיט זייערע זיסעסטע געזאנגען.

לעבען דעם וועענדער־טויער האב איך באגעגענט צוויי דארטי־גע קליינע שול־איינגלעך פון וועלכע איינער האט געזאגט צום צווייטען: „מיט טעאדאר'ן וועל איך זיך מעהר ניט חבר'ן", ער איז א פאסקודניאק. ווארים נעכטען האט ער צומאל ניט אנגעהויי־בען וויסען ווי עס הייסט דער סעניטיוו פון Menso. ווי ניט וויכטיג די דאזיגע ווערטער קלינגען, מוז איך זיי דאך איבערדער־צעהלען. יא, איך וואלט זיי אפילו געלאזט אויפשרייבען אויפ'ן שטאדט־טויער פאר א שטאדט מאטא; ווארים די יונגע שפייען, וואס די אלטע קייען. אין יענע ווערטער גיבען אין גאנצען איבער

דעם ענגען טרוקענעם נאטיצען־שטאַלץ פון דער הויכגעלערנ־טער געאָרגיא אויגוסטא.

אויף דעם שאָסעע האָט געוועהט דער פרישער מאָרגען ווינד. און די פייגעל האָבען פרעהליך געזונגען. און אויך מיר איז אויפ׳ן האַרצען געוואָרען וואָס אַמאָל פרישער און פרעהליכער. אַזאַ דער־קוויקונג האָב איך גראָד נויטיג באַדאַרפט. פאַר דער לעצטער צייט האָב איך ניט אַרויסגעטראָטען פון דער פאַנדעקטענשטאַל, און די רוימישע קאַסואיסטען האָבען מיין גייסט געהאַט פאַרצויגען מיט אַ גרויען שפּינגעוועב. מיין האַרץ איז געווען ווי צונויפגעקלעמט צווישען אייזערנע פאַראַגראַפען פון זעלבסטזיכטיגע רעכטס־סיס־טעמען, עס האָט מיר נאָך אַלץ כסדר געקלונגען אין די אויערען ווי „טריבאָניאַן, יוסטיניאַן, הערמאָגעניאַן און דומעריאַן“. און אַ צערטליך ליעבעס פּאָרעל, וואָס איז איצטער גראָד געזעסען אונטער אַ בוים, האָב איך גאָר אָנגענומען פאַר אַ קאָרפּוס־יוריס־אויס־גאַבע, מיט פערפלאָכטענע הענד.

אויף דעם שאָסעע האָט שוין אָנגעהויבען צו ווערען לע־בעדיג. עס זענען פאַרביי געגאַנגען מילך־מיידלעך, און אויך איי־זעלטרייבערס מיט זייערע גרויע אייזלען. הינטער וועענדע באַגע־געגנט מען דעם פּאָסטוך און דאָרים׳ן. דאָס איז אָבער ניט דאָס אי־דילישע פּאָר, וועגען וועלכע עס זינגט געסנער, דאָס זיינען אין שטאַלען גוט פערזאָרגטע אוניווערזיטעטס־פּעדעלען, וואָס מוזען זעהר און זעהר אויפּפּאַסען, אַז די סטודענטען זאָלען זיך ניט דועלירען און באַוודען, און אַז נייע אידעען, וואָס דאַרפען פאַר גע־טינגען, נאָך אַ פאַר צעהנדליג יאָהר געהאַלטען ווערען אין קאַראַנ־טין, זאָלען חלילה ניט אריינגעשמוגעלט ווערען, פון וועלכען ניט איז ספּעקולירענדען פּריוואַט דאָצענט. דער פּאַסטוך האָט מיך באַגריסט זעהר חבר׳יש. וואָרום אַ חוץ פּאַסטוך, איז ער אויך אַ שריפטשטעלער, און ער פּלעגט מיך אָפט דערמאָנען אין זיינע האַלביאָהריגע שריפטען. אַ חוץ דעם פּלעגט ער מיך אָפט צימירען, און ווען ער פּלעגט מיך ניט טרעפען אין דער היים, פּלעגט ער זיין אַזוי גוט און מיט קרייד אויפשרייבען די ציטאַטע אויף דער טיר פון מיין שטוב. ווען ניט ווען איז פאַרבייגעפאָהרען אַן איינ־

שפּענער, אנגעפּאקט מיט סטודענטען, וואס זענען איצט אפגעפאהרען אויף די פעריען, אדער שוין אויף אייביג. אין אזא אוניווערזיטעטס־שטאדט האלט מען אין איין קומען און אוועק געהן. אלע דריי יאהר געפינט מען דארט א נייעם דור סטודענטען. דאס איז אן אייביגער מענשען־שטראם, וואס איין סעמעסטער כוואליע פארדרענגט די צווייטע. און נאר די אלטע פראפעסארען בלייבען שטעהן אין דער דאזיגער אלגעמיינער ריהרעוודיגקייט, פעסט ניט פונ'ם ארט צו ריהרען, פונקט ווי די פּיראמידען אין מצרים—דער חילוק איז נאר, וואס אין אט די אוניווערזיטעטס פּיראמידען איז קיין חכמה ניט פארבארגען.

פון די מירטענביידלעך לעבען רוישענוואסער, האב איך געזעהן ארויסרייטען צוויי פרעהליכע בחורים, א פרוי, וואס באשעפטיגט זיך דארט מיט איהר האריזאנטאלער מלאכה, האט זיי באלייט ביז צום שאסעע, האט א פּאטש געטאן מיט איהר דארער האנד, אויף די הינטערשטע טיילען פון די פערד, און געלאכט הויך אויפ'ן קול, ווען איינער פון די רייטערס, האט איהר, אזוי זיך, גאר פלוצים דערלאנגט מיט דער בייטש עטליכע מאל איבער דער פּלייצע, און זי האט זיך געלאזט געהן קיין באוודען. די בחורים אבער האבען זיך א קערעווע געטאן קיין נערטען. האבען זיך גייסטרייך צושריען, און האבען גאר ליעבליך געזונגען דאס ראססינישע ליעד: „טרינק ביער, ליעבע, ליעבע ליזע“. דאס דאזיגע געזאנג האב איך דערנאך נאך לאנג געהערט פון דער ווייטענס. דאך די גוטע זינגערס זענען באלד פארשוואונדען פון מיינע אויגען, נאכדעם ווי זיי האבען זייערע פערד, (וועלכע האבען בטבע געהאט דעם דייטשען לאנגווייליגען כאראקטער), א זעץ געטאן מיט די שפּארען, און זיך א לאז געטאן ווייטער.

אין ערגעץ באגעהט מען זיך ניט אזוי אונ'רחמנות'דיג מיט די פערד ווי אין געטינגען. און אפטמאל, ווען איך פלעג זעהן, ווי אזא מיט שוויים באדעקטע לאמע קלאטשע, האט פאר איהר ביסעל עסען באדארפט אויסשטעהן אזוי פיעל יסורים פון די רוישענוואסער רייטערס, אדער ווען זיי האבען געמוזט נעביך שלעפּען א פול אנגעפּאקטען וואגען מיט סטודענטען, פלעג איך מיר טראכ־

טען: „אױ, דו אָרימע חיה, דײנע אבות האָבען אודאי געמוזט פּרעסען אין גן־עדן פאַרבאַטענעם האָבער״

אין דער קרעטשמע פון נערטען האָב איך װידער געטראָפען די צװײ בחורים. אײנער האָט געגעסען אַ הערינג־סאַלאַט, און דער צװײטער האָט זיך צוגעשפּיעלט מיט דער לעדער־געלער דיענסט יוסיא קאַנינא, אַדער װי מען האָט זי אויך גערופען: טריט־פויגעל. ער האָט איהר געזאָגט עטליכע „אָנשטענדיגע״ װערטער און זײ זענען געװאָרען חבר.

כדי לײכטער צו מאַכען מײנע רײזע־טאַשען, האָב איך אַרויסגענומען מײנע פאַרפאַקטע בלויע הויזען און זײ אָװעקגעשענקט דעם קלײנעם קעלנער, װעמען מען האָט גערופען קאַליברי. באַסניא, די אַלטע באַלעבאָסטע, האָט מיר דערװײל געבראַכט מײן ברויט מיט פּוטער, און האָט זיך באַקלאָגט, װאָס איך װײז זיך אַזוי װײניג אין דער לעצטער צײט. װאָרים זי האָט דאָך מיך אַזוי ליעב.

הינטער נערטען איז די זון געשטאַנען הויך און גלאַנצענדיג אין הימעל. זי איז געװען זעהר גוט צו מיר. און האָט מיר דערװאָרעמט מײן קאָפּ אַזוי, אַז אַלע ניט צײטיגע געדאַנקען זענען מיט אַמאָל געװאָרען פול־צײטיג. די ליעבע קרעטשמע „זון״ פון נאָרדהײם דאַרף מען אויך ניט פאַראַכטען. איך האָב זיך דאָ אָפּגעשטעלט און געטראָפען מײן מיטאָגעסען פאַרטיג. אַלע מאכלים זענען געװען צוגעגרײט מיט געשמאַק, און זײ האָבען מיר געשמעקט פיעל בעסער װי די אָפּגעשמאַקטע אַקאַדעמישע געריכטען, די ניט געזאַלצענע, לעדערנע שטאָק פיש, מיט זײער אַלטען קרויט, װאָס מען פלעגט מיר דערלאַנגען אין געטינגען. נאָכדעם װי איך האָב אַביסעל געשטילט מײן הונגער, האָב איך אין דערזעלביגער קרעטשמע, באַמערקט אַ הער מיט צװײ דאַמען, װאָס האָבען זיך געקליבען אָפּצופאָהרען. דער הער איז געװען באַקלײדט אין גאַנצען אין גרינעם. ער האָט אַפילו געטראָגען גרינע ברילען, װאָס האָבען אויף זײן קופּער־רויטער נאָז געװאָרפען אַ שײן פון קופּער זשאַװער, און אויסגעזעהן האָט ער װי דער קעניג נבוכדנצר אין זײנע עלטערע יאָהרען, אויף װעמען עס דערצעהלט די לעגענדע, אַז גלײך װי אַלע חיות אין װאַלד פלעגט ער ניט עסען עפּיס אַנדערש אַ חוץ סאַלאַט.

דער גרינער האט מיך געבעטען איך זאל איהם אנווייזען א האטעל אין געטינגען, און איך האב איהם געראטען, אז ער זאל זיך דאר־טען נאכפרעגען ביי דעם ערשטען בעסטען סטודענט אויף דעם האטעל דע בריהבאך. איין דאמע איז געווען זיין פרוי. דאס איז געווען א גאר גרויסע וויטלויפיגע דאמע מיט א רויט קוואדראט־מיילען געזיכט מיט גריבעלעך אין די באקען, וואס האבען אויסגע־זעהן ווי שפייקעסטלעך פאר די געטער פון ליעבע. א לאנג פליי־שיגער, אראפהענגענדיגער גוידער, וואס האט אויסגעקוקט ווי א שלעכטע פארטזעצונג פון געזיכט און א הויך אויפגעשטאפטער בוזים, וואס איז געווען באבויעט מיט שטייפע שפיצען און גע־צאקטע קראגענדלעך, ווי טורעמלעך און באסטיאנען, איז געווען עהנליך צו א פעסטונג. און געווים איז די פעסטונג ניט געווען וועניגער עהנליך צו יענע פעסטונגען, אויף וועלכע פיליפ פון מא־צעדאניען פלעגט זאגען, אז זיי וועלען ניט קענען ווידערשטעהן קיין עזעל, וואס איז בעלאדענט מיט גאלד. די אנדערע דאמע, א שוועס־טער, איז געווען אין גאנצען פארקעהרט פון דער נאר וואס באשרי־בענער. האט יענע געשטאמט פון פרעה'ס פעטע קיה, אזוי האט זי געמוזט קומען פון די מאגערע. דאס פנים — בלויז א מויל צווישען צוויי אויערען. די ברוסט וויסט ווי די סטעפ פון לינעבורג; די גאנצע אויסגעקאכטע געשטאלט, איז געווען גלייך צו דעם צדקה טיש פאר ארימע טעאלאגען. די דאמען האבען מיךביידע מיט אמאל געפרעגט צי אין האטעל דע בריהבאך לאזשירען ארענטלי־כע לייט. איך האב געענטפערט, יא, מיט א ריינעם געוויסען. און ווען דער ליעבער חוט המשלש איז אפגעפאהרען, האב איך זיי נאכגעגריסט דורכ'ן פענסטער. דער באלעבאס פון דער „זון" האט כיטרע געלאכט, און האט געוואלט וויסען צו דער קארצער פאר די געטינגער סטודענטען ווערט אנגערופען האטעל דע בריהבאך.

הינטער נארדהיים הויבט שוין אן צו ווערען בארגיג. און דא און דארט טרעטען שוין ארוים שענע בערג. אויפ'ן וועג האב איך צומייסטען באגעגענט קרעמער, וואס האבען זיך געצויגען צו דעם בראונשווייגער יאריד, אויך א מחנה ווייבער, וואס א יעדע פון זיי האט אויפ'ן רוקען געטראגען א הויך, כמעט הייזער־הויך בא־

העלטעניש, וואס איז געווען איבערגעצויגען מיט א ווייסער ליינ־וואנד. אין די באהעלטענישען זענען געווען געפאנגענע זינג־פייגעל וואס האבען אלץ אין איינעם געפישטשעט און געטשווימשערט. אין דער צייט ווען זייערע טרעגערינס האבען לוסטיג געשפאנט און געפלוידערט צווישען זיך. מיר איז פארגעקומען זעהר נאריש די מעשה, ווי אזוי איין פויגעל טראגט דעם צווייטען אויפ׳ן מארק.

ווען איך בין אנגעקומען אין אסטעראדע איז שוין געווען פעד שווארצע נאכט. איך האב ניט געהאט קיין חשק צו עסען און האב זיך גלייך געלעגט אין בעט אריין. איך בין געווען מיעד ווי א הונד און בין געשלאפען ווי א גאט. אין חלום האב איך זיך צוריקגע־קעהרט קיין געטינגען. און דאס אייגענטליך, אין דער דארטיגער ביבליאטעק אריין. איך בין געשטאנען אין א ווינקעל פון דעם יורים־טישען זאל, האב דורכגעווארפען אלטע דיסערטאציעס, האב זיך פארטיפט אין לייענען, און ווען איך האב אויפגעהערט, האב איך צו מיין פארוואונדערונג באמערקט אז ס׳איז נאכט, און אז דער אראפהענגענדיגער קריסטאל לייכטער באלויכט דעם זאל. די נאהענטע קירכענגלאקען האבען געשלאגען צוועלף, די זאל־טיר האט זיך פאמעליך געעפענט, און ס׳איז אריין א שטאלצע, גיגאנטי־שע פרוי, וועמען עס האבען מיט יראת הכבוד באלייט מיטגליע־דער און אנהענגער פון דער יוריסטישער פאקולטעט. די ריזיגע פרוי, כאטש שוין אין די יאהרען, האט נאך געטראגען אויפ׳ן פנים סימנים פון א היבשער שעהנקיים. יעדער פון איהרע בליקען האבען גלייך געוויזען די הויכע טיטאניז, די געוואלדיגע טעמים. די שווערד מיט די וואגשאלען האט זי נאכלעסיג געהאלטען אין איין האנד, אין דער צווייטער האט זי געהאלטען א מגלה פון פאר־מעט. צוויי יונגע **Doctores juris** האבען נאכגעטראגען די שלעפ פון איהר גרויען, פארבלייכטען קלייד. לעבען איהר רעכטער זייט האט ווי א ווינד ארומגעשפרונגען דער דינער הויפראט רוס־טיקוס, דער ליקרוג פון האנאווער, און האט דעקלאמירט פון זיינעם א נייעם געזעץ אויפוואורף. לעבען איהר לינקער זייט האט זיך געוואקעלט זעהר גאלאנט און אויפגעהייטערט איהר **Cavaliere servente** דער געהיימער יוסטיץ ראט קאיאקיוס, ער האט גע־

האלטען אין איין שיטען מיט יוריסטישע וויצען און האט פון זיי אליין אזוי הארציג געלאכט, אז אפילו די ערענסטע געטין, האט מעהרערע מאל זיך צו איהם אראפגעבייגט מיט א שמייכעל, געקלאפט איהם אויף דער פלייצע מיט דער פארמעטענע מגילה און האט פריינדליך געשעפטשעט: „דו, קליינער, ביטרער קונדס, וואס באשניידט די בוימער פון אויבען אראפ!“ יעדער פון די איבעריגע הערען, איז איצטער אויך צוגעקומען נעהענטער, און א יעדער האט געהאט עפים צו באמערקען און עפים צו שמייכלען. א יעדער האט געהאט עפים א נייע נאר וואס אויסגעגריבעלט סיסטעמעלע אדער היפאטהעזעלע, אדער עפים עהנליכעס, וואס זיין אייגענער שלעכטער קאפ האט נאר וואס געבוירען. דורך דער געפענטער טיר זענען אריין אין זאל נאך אנדערע פרעמדע הערען, וואס האבען זיך אויסגעגעבען פאר באריהמטע מענער פון דעם אילוסטרירטען ארדען. די מייסטע פון זיי זענען געווען אומבעהאלפענע ביטרע ערווארטענדיגע חברה לייט, וואס האבען מיט א ברייטער זעלבסט־צופריעדענקייט גלייך אנגעהויבען צו דעפינירען און דיסטינגואירען, און געפיהרט וכוחים איבער יעדען קליינינקען טיילכעל פון א פאנדעגטענטיטעל. און וואס אמאל זענען אריינגעקומען אליץ נייע און נייע געשטאלטען, אלטע חכמים פון געזעץ אין פארצייטיגע טראכטען, מיט ווייסע אלאנגע פאריקען און פון לאנג שוין פארגעסענע געזיכטער, וואס זענען געווען אויסער זיך, וואס מיט זיי די הויכע בארימטקייטען פון פארגאנגענעם יאהרהונדערט רעכענט מען זיך גאר ניט. און אויך די האבען באלד, אויף זייער אופן, געלאזט הערען זייערע שטימען צווישען דעם אלגעמיינעם, פלוידערן, ריידען און שרייען, וואס האט ארומגערינגעלט דער געטין, וואס אמאל פערווירטער און העכער, ווי דער גערויש פון ים ביי א פעלזיגען בארטען, ביז די געטין האט פערלוירען די געדולד, און מיט א שרעקליכען פארדראס האט זי פלוצים אויסגעשריען: „שווייגט שווייגט! איך הער דאס קול פון דעם טייערען פראמאטעאוס, די שפאטישע קראפט, און די שטומע געוואלד, שמידען דעם אומשולדיגען צו דעם פעלז פון מאטערגישען, און אייערע

אלע פלוידערייען און קריגערייען קענען ניט קיהלען זיינע וואונדען און קענען ניט צוברעכען זיינע פעלזען!" אזוי האט אויסגערופען די געטין, און טייכען טרעהרען האבען זיך געגאסען פון איהרע אויגען. דער גאנצער עולם, גלייך ווי ער וואלט פערכאפט געווארען פון א טויט־שרעק, האט זיך צואוויינט הויך אויפ'ן קול, די דעק פון זאל האט גענומען קראכען, די ביכער האבען גענומען פאלען פון די פאליצעס. אומזיסט איז דער אלטער מינכהויזען ארויס פון זיין ראם, און זיך באמיהט ס'זאל רוהיג ווערען, עס האט געהאלטען אין איין פאלען און שרייען — איך בין אנטלאפען פון דעם דאזיגען שרעקליכען משוגענעם ליארם און זיך געראטעוועט אינ'ם היסטארישען זאל. אין יענעם ארט פון גענאד, וואו עס שטעהן איינער לעבען צווייטען, די הייליגע בילדער פון דעם בעלוועדרישען אפאל און מעדיצעאישער ווענוס, און איך האב זיך געווארפען פאר די פיס פון דער געטין פון שענקייט. אין איהר אנבליק האב איך פארגעסען דעם גאנצען ווילדען ליארעם פון וועלכען איך בין נאר וואס אנטרונען געווארען, מיינע אויגען האבען מיט ענטציקונג געטרונקען די גאנצע שענקייט און די אייביגע ליעבליכקייט פון איהר הויך־געבענשטען לייב. מיין נשמה איז געווארען פול מיט גריכישע רוהיגקייט און איבער מיין קאפ האבען זיך געגאסען ווי א הימלישע ברכה, די זיסטע לירא קלאנגען פון פעבוס אפאלא.

ווען איך האב זיך אויפגעכאפט, האב איך נאך אלץ געהערט א פריינדליך קלינגען. די סטאדעס האבען זיך געצויגען צו דער פאשע, און זייערע גלעקלעך האבען געקלונגען. די ליעבע, גאלדענע זון האט געשיינט דורכ'ן פענסטער און האט בעלויכטען די פארשיעדענע שילדען אויף די ווענד פון צימער. דאס זענען געווען בילדער פון דעם בעפרייאונגס־קריעג, אויף וועלכע עס איז געווען טריי פארגעשטעלט, ווי מיר אלע זענען געווען העלדען. דאן האבען סצענען פארגעשטעלט ווי די פער'משפט'ע אין דער צייט פון דער רעוואלוציע ווערען געפיהרט צום טויט. לודוויג דער זעכצעהנטער אויף דער גילאטינע, און אנדערע אזעלכענע קאפ־אפשניידענישען, אויף וואס מען קען ניט קוקען, מען זאל ניט דאנקען גאט דערפאר, וואס מען ליגט רוהיג אין בעט, מען טרינקט גוט קאווע, און מען

פיהלט ווי דער קאפ זיצט באקוועם אויף די פלייצעס; אויף דער וואנד האבען אויך נאך געהאנגען אבעליאר און עלאאיז. עטליכע פנים'ר פון פראנצויזישע פ י י נ ע מיידלעך, אונטער וועלכע עס איז געווען אנגעשריעבען זעהר קאליגראפיש: „פערנונפט", „צניעות", „העלדישקייט" א. ז. וו. און צום סוף א מאדאנא, אזוי שען, אזוי ליבליך, אזוי אויסטערליש פרום, אז איך האב ביי מיר אפגעמאכט, אויפצוזוכען דעם אריגינאל, פון וועמען דער מאלער האט דאס דאזיגע בילד געמאלט, און עס נעמען פאר א ווייב. נאַטירליך וואלט איך באשטאנען דארויף, אז די דאזיגע מאדאנא זאל תיכף נאך דער חתונה ליקווידירען אלע באקאנטשאפטען מיט די הויכע, הייליגע גייסטער, ווארים איך וואלט ניט וועלען אז אין דעם זכות פון מיין פרוי זאל מיין קאפ קריגען אז אריאל אדער עפים אן אנדערע ציערונג?

נאכדעם ווי איך האב געטרונקען קאווע, מיך אנגעטועז, איבערגעלייענט די אויפשריפטען אויף די שויבען פון די פענסטער און אין קרעטשמע פאר אלץ באצאהלט, האב איך פארלאזט אסטעראדע.

אט די שטאדט האט אזוי פיעל און אזוי פיעל הייזער, פארשיעדענע אייגוואוינער, צווישען וועלכע עס געפינען זיך אויך אזעלכענע נפשות, וועגען וועלכע מען קען לייענען גאטשאלק'ס „טאשענבוך פאר די רייזענדע אויפ'ן הארץ". איידער איך בין ארויף אויפ'ן טראקט, בין איך פריהער נאך ארויף אויף די חורבות פון דעם אסטעראדער שלאס. איצטער באשטעהען זיי נאך פון א העלפט פון א גרויסען טורעם, מיט דיקע מויערען, וואס זעהען אוים ווי די שיידלעך פון א צופרעסענעם קרעבס. דער וועג קיין קלאוזטאל, האט מיך וויעדער געפיהרט בארג ארויף און פון איינעם פון די ערשטע הויכען, האב איך נאכאמאל אראפגעקוקט אין טהאל, וואו אסטעראדע מיט איהרע רויטע דעכער קוקט ארוים פון די גרינע טאנענוועלדער, ווי א מאך־רויז. די זון האט געגעבען א זעהר ליעבע, קינדישע באלייכטונג, פון דער איבערגעבליבענער טורעם העלפט, האט זיך געזעהן די אימפאנירענדע הינטערשטע זייט.

אין דעם דאזיגען געגענד ליגען נאך אנדערע חורבות פון שלעסער,

דער הארדענבארג ביי נערטען איז דער שענהסטער. ווען מען האט, אפילו ווי עס פאסט זיך, דאס הארץ אויף דער לינקער זייט, דאס הייסט אויף דער ליבעראלער זייט, קען מען דאך דעם הארצען ניט פארזאגען יענע עלעגישען געפיהלען, ווען מען דערזעהט די פעלזעננעסטער פון יענע פריווילעגירטע רויבפייגעל, וואס האבען פאר זייערע שוואכליכע קומענדע דורות, איבערגעלאזט בלויז די אפעטיטען. און פונקט אזוי איז עס איין יענעם פריהמארגען דער־גאנגען אויך מיט מיר. וואס מעהר איך האב זיך דערווייטערט פון געטינגען, אלץ ווייכער איז געווארען מיין געמיט, און פונקט ווי אמאל בין איך איצטער ווידער געווארען ראמאנטיש, און אזוי וואנ־דערנדיג האב איך געדיכטעט אט דאס ליעד:

„הויבט אייך אויף, איהר אלטע טרוימען,
מיין נשמה וויין זיך אויס
לידער־פרייד און אומעט טרערען
שטראמען פון מיין הארץ ארויס.

בלאנדזשען וויל איך דורך די טאנען
וואו די קוואל דארט פרעהליך שפרינגט.
וואו עס וואנדלען שטאלצע הערשען
און דער ליעבער דראסעל זינגט.

אויף די בערגער וועל איך שטייגען,
אויף די קרומע פעלזען געהן.
וואו די גרויע חורבות־שלעסער
אינם זונען־שיין דארט שטעהן.

דארטען וועל איך שטיל זיך זעצען,
זיך דערמאנען יענע צייט,
פון די בליהענדיגע דורות
און פארבליהטער הערליכקייט.

גראז באדעקט אצינד דעם קאמפס־פלאץ
וואו עס האט געקעמפט דער מאן
וואס איז אלע בייגעקומען
און דעם פרייז געוואונען דאן.

ווילד איז דער באלקאן פארוואקסען,
וואו געשטאנען איז די פרוי,
וועלכע האט מיט איהרע אויגען
באזיגט דעם זיגער דאן אזוי.

אוי, דעם זיגער און דער זיגערין
האט באזיגט דעם מלאך'ס האנד. —
יענער ריטער מיט דער קאסע
שטרעקט אונז אלע אויס אין זאמד".

נאכדעם ווי איך האב געהאט אפגעוואנדערט א היבש שטיק וועג, האב איך זיך צוזאמענגעטראפען מיט א רייזענדען בעל מלאכה, וואס איז געקומען פון בראונשווייג. און ער האט מיר דערצעהלט א מעשה, וואס איז זיך דארט פארלאפען. דער יונגער הערצאג איז אויף זיין רייזע צום הייליגען לאנד געפאנגען געווארען פון די טערקען. און נאר מיט א גרויסע סומע געלד וועט מען איהם קענען אויסלייזען. דעם הערצאגס ווייטע רייזע האט מסתמא גע־האלפען באשאפען די דאזיגע לעגענדע. דאס פאלק האט נאך אלץ יענעם טראדיציאנעלען פאבעלהאפטען אידעען־גאנג, וואס ער האט אזוי ליעב צוצושרייבען צו זיין „הערצאג ערנסט". דער דערצעה־לער פון יענער בייאיגקייט איז געווען א שניידער־געזעל, א צאר־טער, קליינער יונגער מענש, אזוי דין, אז די שטערען וואלטען גע־קענט דורך איהם דורכשיינען, ווי דורך אסיאנס נעבעל גייסטער, און אין גאנצען איז דאס געווען א פאלקסטימליכע מאדנע צוזא־מענמישונג פון הייטערקייט און אומעט. אט דאס האט זיך ארויס־געוויזען צום בעסטען אין דעם קאמיש ריהרענדען אופן, מיט וועל־כען ער האט געזונגען דאס וואונדערבארע פאלקס־ליעד: „זיצט

א זשוק זיך אויפ׳ן צוים, זשום, זשום!" דאס איז דאס שענע ביי אונז דייטשען. קיינער איז ניט אזוי פעריקט, ער זאל ניט געפינען נאך פעריקטערע, וואס זאלען איהם ניט פערשטעהן. נאר א דייטש קען נאכעמפפינדען יענעם ליעד און זיך דאביי צולאכען ביז צום טויט און צוואויינען ביז צום טויט. איך האב דא אויך באמערקט ווי טיעף דאס געטהע׳שע ווארט האט אריינגעדרונגען אין לעבען פון פאלק. מיין וועג חבר האט אויך פאר זיך געזונגען: „פול לייד. פול פרייד, געדאנקען זענען פריי!" אזא קארופציע פון טעקסט איזביים פאלק א געוועהנליכע זאך. ער האט אויך געזונגען א ליעד וואו „לאטכען טרויערט ביי ווערטהער׳ס קבר". דער שניידער איז שיער צוגאנגען פון סענטימענטאליטעט, ביי די ווערטער: „איינזאם וויין איך ביי דעם ארט פון רויזען, וואו די לבנה האט אונז ביידע בעלוישט. קלאגענדיג בלאנדזשע איך ארום לעבען די קוואלען, וואס האבען מיט פרייד אונז ליעבליך צוגערוישט". אבער מיט אמאל איז ער פלוצים געווארען גאר אן אנדערער און האט מיר דערצעהלט: אויף דער אכסניא אין קאסעל, האבען מיר דארטען געהאט א פריים, וואס האט אליין געמאכט אזעלכענע ליעדער; קיין לייטישען שטאך האט ער ניט געקענט נעהען. און האט ער פארמאגט אין טאש א גראשען, אזוי האט ער גלייך געקראגען פאר צוויי גראשען דארשט. און אז ער איז בגילופין, זאגט ער אז דער הימעל איז א בלויער קאמיזויל, און ער וויינט ווי די ריז פון דאך און זינגט א ליעד מיט טאפעלטער פאעזיע. איך האב געוואלט וויסען וואס ער מיינט מיט דעם לעצטען. נאר מיין שניידערל מיט די דינע ציגענפיסלעך האט געהיפט אהין און אהער און אלץ אין איינעם אויסגערופען: טאפעלטע פאעזיע מיינט טאפעלטע פאעזיע. צום סוף האב איך קוים דערגאנגען אז ער מיינט דאס א ליעד, וואס האט א טאפעלטען גראם, דאס הייסט סטאנצען, — פאר דער צייט איז דער ריטער פון דער נאדעל דורך זיין שטארקער ריהרעוודיגקייט און דורך דעם ווינד געווארען זעהר מיעד. ער האט אפילו נאך געמאכט עטליכע גרויסע אנשטרענגונגען צום געהן און האט זיך באריהמט: „איצט וועל איך א נעם טאן דעם ווינד צווישען די פיס!" דאך האט ער זיך באלד אנגעהויבען צו קלאגען אז ער איז

זיך אנגעגאנגען בלאזען אונטער די פיס, און אז די וועלט איז צו גרויס, און ענדליך האט ער זיך פאמעליך אראפגעלאזט אונטער א בוים, האט געשאקעלט מיט זיין צארט קעפיל, ווי א בעטריבט עקעל פון א לעמעלע און אומעטיג שמייכעלדיג האט ער געזאגט: „איצט בין איך ארימער נפש, אויסגעמאטערט צום טויט".

די בערג זענען דא געווארען שפיציגער, די טאנענוועלדער האבען אונטען געכוואליעט ווי א גרינער ים, און אויבען אין בלויען הימעל האבען זיך געשיפט די ווייסע וואלקענס. די ווילדקייט פון דער געגענד האט דורך איהר איינהייטליכקייט און פשוט'קייט, פארלוירען דאס ווילדע אויסזעהן. די נאטור האט, פונקט ווי א דיכטער, ניט ליעב קיין צו שארפע איבערגאנגען. די וואלקענס, וואס פאר א מאדנע אויסטערלישע געשטאלטען זיי שטעלען מיט זיך ניט פאר, האבען זיי דאך א ווייסען אדער מילדען קאלאריט, וואס פאסט זיך הארמאניש צו צו דעם בלויען הימעל און דער גרינער ערד, אזוי אז אלע פארבען פון א געגענד גיסען זיך צוזאמען ווי א לייכטע מוזיק, און יעדער נאטור־אנבליק ווירקט איינצושטילען די קרעמפען און בערוהיגט דאס געמיט. — דער זעליגער האפמאן וואלט געמאלט די וואלקענס מיט פלעקען פון פארשיעדענע פארבען.

— גראד אזוי ווי א גרויסער דיכטער, ווייס אויך די נאטור, ווי אזוי ארויסצוברענגען די גרעסטע עפעקטען מיט די קלענסטע מיטלען. דא איז פאראן בלויז א זון, בוימער, בלומען, וואסער און ליעבע. אודאי, ווען דעם צוקוקער פעהלט אין הארצען דאס לעצטע, אזוי גיט איהם דאס גאנצע א שלעכטען אנבליק. די זון האט דאמאלס בלויז אזוי פיעל און אזוי פיעל מיילען אין דורכמעסער, און די בוימער זענען גוט צום איינהייצען, און די בלומען ווערען קלאסיפיצירט נאך די שטויב פעדים און דאס וואסער איז נאס.

א קליין איינגעל וואס האט אין וואלד געקליבען שפענער פאר זיין פעטער'ס וועגען, האט מיר געוויזען דאס דארף לערבאך, וועמענס קליינע כאטקעס, מיט די גרויע דעכער, האבען זיך געצויגען א האלבע שטונדע דורכ'ן טאל. „דארט" האט ער געזאגט, „וואוינען נארישע קראפ־מענשען אין ווייסע מאהרען". מיט דעם לעצטען נאמען רופט דאס פאלק די אלבינאס (ווייסע נעגערס). דאס קליי־

נע אינגעל איז געשטאנען מיט די בוימער אין גאר נאהענטער חבר'שאפט. ער האט זיי געגריסט ווי גוטע בעקאנטע, און ס'האט אויסגעזעהן, ווי זיי וואלטען רוישענדיג געענטפערט אויף זיין גע־רום. ער האט געפייפט ווי א טשיזשיק, ארום און ארום האבען צווי־טשערענדיג געענטפערט די אנדערע פויגעל, און איידער איך האב זיך ארומגעזעהן, איז ער מיט זיינע נאקעטע פיס אין דעם בינטעל שפענער שוין געווען ערגיץ פערשוואונדען אין דעם געדיכטען וואלד. די קינדער, האב איך געטראכט, זענען יונגער ווי מיר, קע־נען זיך נאך דערמאנען, ווי זיי זענען אמאל אויך געווען בוימער אדער פייגעל, און זענען דערפאר נאך אימשטאנד יענע צו פאר־שטעהן; אז אונזעריגער אבער איז שוין אלט און האט אין קאפ צופיעל דאגות, יוריספרודענץ און שלעכטע פערזען. ביי מיין אנ־קומען אין קלויזטהאל, האט אין מיין זכרון אויפגעלעבט אט יענע צייט, ווען עס פלעגט זיין גאר אנדערש. אין דעם דאזיגען ליעבען בערגשטעטיל, וואס מען דערזעהט ניט פריהער ביז מען שטעהט ניט דערביי, בין איך אנגעקומען גראד אין דער צייט, ווען דער גלאק האט געשלאגען צוועלף און די קינדער זענען פרעהליכע גע־גאנגען פון דער שול. די ליעבע אינגלעך, כמעט אלע רויט־באקיגע, בלוי־אויגיגע און פלאקס־האריגע, האבען געשפרונגען און פרעהליך געטומעלט און האבען אין מיר אויפגעוועקט די אומעטיג הייטערע זכרונות, ווי איך פלעג אמאל אליין, אלס קליינער אינגעל ניט טא־רען אויפשטעהן דעם גאנצען ליעבען פארמיטאג, פון דער הילצער־נער באנק אין דער פארשטיקטער קאטוילישער קלויסטער - שול, וואס אין דיסעלדארף, און האב געמוזט אויסשטעהן אזוי פיעל לאטיין, שמיץ און געאגראפיע, און ווי אויך איך פלעג זיך אזוי פרעהען, ווען דער אלטער פראנציסקאנער גלאק פלעגט שוין ענד־ליך שלאגען צוועלף. די קינדער האבען דערקענט אז מיין רייזע־טאש, אז איך בין א פרעמדער און זיי האבען מיך זעהר גאסט־פריינדליך געגריסט. איינער פון די אינגלעך האט מיר דערצעהלט, אז זיי האבען נאר וואס געהאט רעליגיאנס־אונטעריכט, און ער האט מיר געוויזען דעם קעניגליך האנאווערשען קאטעכיזם, נאך וועלכען מען האט זיי געלערנט דאס קריסטענטום. אט דאס ביכעלע

איז געווען זעהר שלעכט געדרוקט, און איך האב מורא געהאט אז שוין דורך דעם אליין מאכען די לעהרען פון דער אמונה, אזא ניט פריילינכען, מעק פאפירינגען איינדרוק אויף די קינדערשע געמיטער: אזוי איז מיר אויך שרעקליך ניט געפעלען, וואס מען דרוקט אפ אויף דעם זעלבינגען קאטעכיזם, כאטש אפילו נאר אויף דער לעצ־טער זייט, דעם איין מאל איינס, וואס פארט זיך אזוי ווייניג מיט דער הייליגער דריי איינינקייט. און די קינדער קענען שוין דורך דעם אליין פריהצייטיג צוגעפיהרט ווערען צו די זינדיגע ספקות. אט איז דער הינזיכט זענען מיר שוין אין פרייסען פיעל קלינגער. און ווען מיר באמיהען זיך צו באקעהרען יענע לייט, וואס קענען אזוי גוט רעכענען, היטען מיר אונז, אז דאס איינמאלאיינס זאל ניט ווערען אפגעדרוקט הינטער דעם קאטעכיזם.

אין דער „קרוין", וואס אין קלויזטהאל, האב איך געהאט מיין מיטאג. איך האב געקראגען פריהלינגסגרינע, פעטרעשקע זופ, פיאַ־לעטען קרויט, א קאלבסבראטען, גרויס ווי דער שימבאראסא אין מיניאטור, און אויך אזא סארט גערויכערטען הערינג, וואס מען רופט זיי ביקינגער, נאך דעם נאמען פון זייער ערפינדער, ווילהעלם ביקינג, וועלכער איז געשטארבען אין 1447, און וועלכער איז צו־ליעב זיין ערפינדונג פון קארל .V אזוי פערעהרט געווארען, אז דערזעלביגער האט ארום 1556 אונטערגענומען א רייזע פון מידעל־בורג קיין ביפיעלד אין ניו זעעלאנד, בלויז נאר דערפאר, כדי דאר־טען צו זעהן דאס קבר פון אט דעם גרויסען מאן. ווי הערליך שמעקט אזא מאכל, ווען מען ווייס די היסטארישע נאטיצען דערצו און מען עסט עס אליין. נאר די קאווע נאכ'ן עסען איז מיר קאליע געווארען, נאכדעם ווי א יונגער מענש האט זיך לעבען מיר אוועק־געזעצט שמועסען און ער האט אזוי פיעל געפלאפעלט, אז די מילך אויפ'ן טיש איז געווארען זויער. דאס איז געווען א יונגער רייזענדער - אגענט, מיט פינף און צוואנציג בונטע וועס־טען, פונקט אזוי פיעל גאלדענע פעטשאטען, רינגען, ברוסטשפיל־קעס א. אז. וו. ער האט אויסגעזעהן ווי אן אף, וואס האט זיך אנגעטוען א רויטע יאקע און זאגט צו זיך אליין: קליידער מאכען לייט. ער האט געקענט אויף אויסענווייניג א גאנצע מענגע מיט רעד־

טעגישען און אנעקדאטען, וואס ער האט אלעמאל בענוצט גראד דארט, וואו זײ האבען געפאסט צום װינציגסטען. ער האט מיך געפרעגט, וואס עס הערט זיך עפּיס נײעס אין געטינגען, און איך האב איהם דערצעהלט: אז אײדער איך בין פון דארט אװעק, איז ארויס א דעקרעט פון אקאדעמישען סענאט, אין װעלכען עס הײסט, אז ס׳איז פערבאטען אפּצושנײדען די עקען פון הינט. און װער עס װעט אויף דעם פארבאט עובר זײן, װעט באשטראפט װערען מיט דרײ טאלער. דאס איז דערפאר װײל די משוגע׳נע הינט אין די הינטישע טעג טראגען זײערע עקען צװישען די פּיס, און דורך דעם קען מען זײ אונטערשײדען פון די ניט משוגע׳נע. א זאך וואס װאלט ניט מעגליך געװען, װען זײ זאלען גאר קײן עקען ניט האבען. — נאכ׳ן עסען האב איך זיך געלאזט אין װעג ארײן, צו געהן אנקוקען די גרובענס, די זילבער־היטען און דאס הויז וואו מען שמעלצט מטבעות.

אין די זילבער־היטען, האב איך, װי אפּטמאל אין מײן לעבען, פערפעהלט צו זעהן זילבער. אין דער מינץ־פאבריק האב איך שוין בעסער געטראפען, און האב געקענט צוקוקען װי מען מאכט דאס געלד. אודאי, װײטער װי דאס האב איך עס קײנמאל ניט געקענט ברענגען. בײ אזעלכענע געלעגענהײטען, בין איך אלע מאל בלויז א צוקוקער. און איך גלויב, אז װען די טאלערס װאלטען אפילו אמאל ארונטערגערעגנט פון הימעל, װאלט איך פון זײ אויך געקראגען בלויז לעכער אין קאפּ, אין דער צײט, װען די קינדער ישראל װאלטען פרעהליכע צונויפגעקליבען דעם זילבערנעם מן. מיט א געפיהל, וואס איז קאמיש געװען צונויפגעמישט פון יראת הכבוד און ריהרונג, האב איך בעטראכט די נײגעבוירענע בלאנקע טאלערס, האב גענומען אין האנד ארײן אײנעם, וואס איז נאר וואס געװען ארויס פון פרעס, און האב צו איהם אזוי געזאגט: „יונגער טאלער וואס פאר א מזל װארט אויף דיר! װיפיעל גוטס און װיפיעל שלעכטס װעלען קומען דורך דיר! װי אזוי װעסטו באשיצען דאס שלעכטע און דאס גוטע אויסרײסען! אי, װעט מען דיך ליעב האבען און אויך פארשעלטען! דו װעסט רײן װאשען, צונויפפארען, העלפען זאגען ליגען און מארדען! און װי װעט

דיר אויסקומען ארומצובלאנדזשען אהן מנוחה דורך ריינע הענד און דורך שמוציגע הענד, אזוי הונדערטער יאהרען, ביז ענדליך באלאדענט מיט שולדיגקייט און מיעד פון זינד וועסטו צוריק פארזאמעלט ווערען צווישען די דייניגע, אין דער שוים פון אברהם. וואס וועט דיך איבערשמעלצען, לייטערען און דיך איבערמאכען אין א נייעם בעסערן גלגול. ווער ווייס? אפשר וועסטו גאר ווערען אן אומשולדיג טעע לעפעלע, מיט וועלכען מיין אור־אור־אייניקעל וועט עסען זיין קינדערשע גריץ.

דאס באקוקען די צוויי גרעסטע קלויזאלטער גרובענס, די „דאראטהעא" און „קאראלינא", האב איך געפונען זעהר אינטע־רעסאנט, און איך וועל דערפאר וועגען דעם אויספיהרליך דער־צעהלען.

נאך א האלבע שעה גאנג פון דער שטאדט קומט מען צו, צו צוויי גרויסע שווארצליכע געביידען. דארטען נעמען אייך גלייך אויף די בערגלייט. זיי טראגען טונקעלע, געוועהנטליך שטאהל־בלויע, ברייטע יאקען, וואס הענגען אראפ אריבער דעם בויך, הויזען פון דעם זעלביגען קאליר, א פארטוך פון פעל, וואס איז פאר־בונדען אויף א הינטען, און אזעלכענע קליינע, גרינע פילץ־היט אהן ראנדען, וואס זעהען אויס ווי האלבע קוגעלן. אזעלכענע מלבושים, נאר אהן דעם הינטערשטען פארטוך, טוט מען אויך אן דעם באזוכער. און א בארג־מענש, א קלעטערער, פיהרט איהם, נאכ־דעם ווי ער צינדט אן זיין מינען־לעמפיל, צו א פינסטער עפענונג, וואס זעהט אויס ווי דער לאך פון א קוימען. קריכסטו אראפ ביז צו דער ברוסט, זענען פאראן כללים, ווי אזוי מען דארף זיך אנ־האלטען אן די לייטערס, און מען בעט דיך, דו זאלסט דיך ניט שרעקען און נאכגעהן. די גאנצע מעשה איז גאר ניט געפעהרליך. מען גלויבט עס אבער ניט ביים אנהויב, איבערהויפט ווען מען פארשטעהט זיך גאר ניט אויף מינען. גלייך ווי מען מוז זיך אויסטאן און ארויפציהען אויף זיך די טונקעלע פארברעכערישע בגדים, קריגט מען א מאדנעם, אייגענארטיגען געפיהל, און איצטער מוז מען אראפקלעטערען אויף אלע פיער, און דאס פינסטערע לאך איז אזוי פינסטער, אז נאר גאט אליין ווייס, ווי לאנג עס

קען זיך אזוי ציהען די לייטער, אבער באלד ווערט מען דאך גע־
וואהר, אז ס'איז ניט בלויז איין איינציגע לייטער, וואס פיהרט
אראפ אין דער שווארצער אייביגקייט אריין, נאר אז דאס זענען
מעהרערע לייטערס, וואס האבען צו 15 אדער 20 שטיגען יעדער.
און איטליכער פון די לייטערס פיהרט צו א קליינעם ברעט, אויף
וועלכען מען קען שטעהן און פון וואנען א ניי לאך פיהרט ווידער
אראפ צו א נייער לייטער. דאס ערשטע האב איך זיך ארונטער־
געלאזט אין דער „קאראלינא". דאס איז געווען די שמוציגסטע און
אונאנגענעהמסטע קאראלינא, וואס איך האב ווען עס איז געזעהן.
די טרעפ פון די לייטערס זענען קויטיג נאס, און דא געהט עס אלץ
אראפ און אראפ פון איין לייטער צו דער אנדערער, און דער קלע־
טערער געהט פאראוים, און אט דער קלעטערער האלט אלץ אין איין
פארזיכערען אז ס'איז ניט געפעהרליך, נאר ווי דען? מען מוז
זיך פעסט אנהאלטען אן די שטיגען, און ניט קוקען אויף די פיס,
און ניט ווערען שווינדעלדיג, און למען השם, נאר ניט ארויפטרע־
טען אויף דעם זייטיגען ברעט, וואו עס געהט איצט ארויף מיט דעם
ארויפהייבער דאס פאס, און וואו א ניט פארזיכטיגער מענש, איז
מיט פערצעהן טעג צוריק ארונטערגעפאלען און ליידער דעם האלז
געבראכען. דא אונטען הערט זיך תמיד א שרעקליך גערויש און
זשימעריי. עס קלאפען באלקענס און זיילען וואס האלטען זיך אין
איין באוועגען און ברענגען ארויף דעם צוקלאפטען ערץ
און דאס אראפטריפענדיגע וואסער. אפטמאל קומט מען אויך צו,
צו דורכגעהאקטע גענג, וואס מען רופט זיי „שאלען". דארטען קען
מען זעהן ווי עס וואקסט דאס מעטאל, און ווי דער בערג־מענש
זיצט דעם גאנצען טאג און האלט אין איין ארויסקלאפען מיט'ן
האמער, די שטיקער מעטאל פון דער וואנד. ביז גאר טיעף ארונ־
טער, דארטען וואו מען קען שוין הערען, ווי מאנכע באהויפטען,
ווי אזוי די לייט אין אמעריקא שרייען „הורא לאפאייעט!" —
אזוי טיעף בין איך ניט געגאנגען. צווישען אונז גערעדט, איז פאר
מיר שוין געווען טיעף גענוג דער ארט ביז וואנען איך בין גע־
גאנגען: — דאס אייביג אנהאלטענדע בראזגעריי און זשומעריי,
די ניט־היימליכע באוועגונגען פון די מאשינען, דער גערויש פון

אונטער־ערדישע קוואלען, דאס אראפטריפענדיגע וואסער פון אלע זייטען, די שווערע, אויפגעהענדיגע ערד ריחות, און דאס גרובענ־ליכט, וואס אמאל אליין בלאסער און בלאסער ארייננצאנקענדיג אין דער איינזאמער נאכט אריין — ס'איז פשוט געווען טויב צו ווע־רען. עס האט מיר פארכאפט דעם אטעם. און קוים מיט צרות האב איך זיך אנגעהאלטען אן די גליטשיגע שטיגען פון דער לייטער. קיין פחד איז מיך ניט באפאלען. אבער א מאדנע זאך, דארט אונ־טען אין דער טיעפעניש האב איך זיך דערמאנט, אז פאר א יאה־רען האב איך אונגעפעהר אין דער זעלביגער צייט איבערגעלעבט א שטורעם אויף דעם צפון ים, און איך האב מיר איצטער געטראכט. אז אייגענטליך איז דאך גאר נישקשה'דיג אנגענעהם, ווען די שיף שאקעלט זיך אהין און אהער, די ווינטען לאזען הערען זייערע טראמייטער שטיקלאך, צווישען דעם אלעמען הערט זיך דער פרעה־ליכער ליארעם פון די מאטראזען, און איבער דעם אלעמען דער פרישער ציטער פון גאטס ליעבער, פרייער לופט. יא, לופט! אויס־געהענדיג נאך א ביסעל לופט, האב איך גענומען קלעטערען צוריק ארויף, איבער עטליכע טוץ לייטערס, און מיין קלעטערער האט מיך געפיהרט דורך א שמאלען, אין בארג אויסגעהאקטען גאנג אין דעם גרובען דאראטהעא. דא איז עס לופטיגער און פרישער, און די לייטערס זענען ריינער, אבער דערפאר אויך לענגער און משופע־דיגער ווי אין דער קאראלינא. דא האב איך זיך אויך געפיהלט בעסער. באזונדערס ווען איך האב דערקענט שפורען פון לעבעדיגע מענשען. אין דער טיעפעניש האבען זיך דא באוויזען בלאנדזשענדי־גע פייערלעך: בערגס־לייט מיט זייערע מינען לאמטערנעם האבען זיך יעדעס מאל באוויזען אין דער הויך מיט זייער גרוס: „מיט גליק!“ און קריגענדיג פון אונז דעם זעלביגען גערוס צוריק, זענען זיי אונז פארביי געגאנגען און ארויף העכער; און פונקט ווי א באפריינדעט רוהיגע און דאך אין דער זעלביגער צייט עפיס קווע־לענדיג רעטזעלהאפטע עראינערונג, האבען מיך געטראפען די טיפזיניג קלארע בליקען, פון די דאזיגע ערנסט־פרומע, אביסעל בלאסע, פון מינען־לעמפעל בעלויכטענע פנימ'ער, פון אט די יונגע און אלטע מענער, וואס האבען דעם גאנצען טאג געארבייט אין

זייערע פינסטערע, איינזאמע בערגשאכטען, און בענקען איצט ארויף נאך דעם ליעבען טאג ליכט און נאך די אויגען פון זייערע ווייבער און קינדער.

מיין ציצעראנע אליין, איז געווען אן אמת׳דיג עהרליכע, הינטיש־דייטשע נאטור. מיט אן אמת׳ער פרייד האט ער מיר געוויזען יענעם ארט, וואו דער הערצאג פון קעמברידזש האט געגעסען מיט זיין גאנצער סוויטע, ווען ער האט בעזוכט די מינע, און וואו עס שטעהט נאך ביז׳ן היינטיגען טאג דער לאנגער, הילצערנער שפייזטיש, און אויף דער גרויסער שטול פון ערץ, אויף וועלכער דער הערצאג איז געזעסען. „אט דאס וועט בלייבען צום אייביגען אנדענק!“, האט מיר געזאגט דער גוטער בארג־מענש, און מיט פייער האט ער מיר דערצעהלט, וויפיעל פעסטליכקייטען עס זענען דעמאלט געפראוועט געווארען, ווי אזוי דער גאנצער שאכט איז געווען פארציערט מיט ליכט, בלומען און בלעטער, ווי איינער א בערג־קנאפ, האט געזונגען און געשפיעלט ציטהער, און ווי דער פרעהליכער, ליעבער, דיקער הערצאג האט אויסגעטרונקען זעהר פיעל „לחיים׳ס!“ און ווי אזוי א סך בערג־לייט און ווער רעדט נאך ער אליין, וואלטען מיט שמחה מקריב געווען זייער לעבען פאר דעם ליעבען, דיקען הערצאג און דעם גאנצען הויז האנאווער, — מיך ריהרט אלע מאל טיעף, ווען איך זעה ווי אט דער געפיהל פון געטרייער אונטערטעניגקייט רעדט זיך ארויס, אין זיין איינפאכער נאטירליכקייט. דאס איז אזא שען געפיהל! און עס איז אזא אמת דייטש געפיהל! אנדערע פעלקער קענען זיך זיין געשיקטער, וויציגער, און לעבהאפטיגער, אבער קיין פאלק איז ניט אזוי געטריי, ווי דאס געטרייע דייטשע פאלק. און וואלט איך ניט וויסען, אז די געטרייקייט איז אזוי אלט ווי די וועלט, וואלט איך געגלויבט, אז א דייטש הארץ האט זי ערפונדען. דייטשע געטרייקייט! דאס איז ניט קיין מאדערנע מליצה פון א רעדנער, אין אייערע הויפען, איהר דייטשע פירשטען, דארף מען זינגען און ווידעראמאל זינגען דאס ליעד פון דעם געטרייען עקארד און דעם שלעכטען בורגונד, וועלכער האט געלאזט טויטען זיינע ליעבע קינדער, און האט איהם אפילו דאמאלט געפונען א געטרייען. איהר

האט דאס געטרייעסטע פאלק. און איהר האט א טעות ווען איהר גלויבט, אז דער אלטער, פערשטענדיגער געטרייער הונד, איז פלוצים געווארען משוגע און איהם ווילט זיך אייננבייסען אין דיקען פלייש פון אייערע געהייליגטע פיס.

ווי די דייטשע געטרייקייט, האט אונז איצטער געפיהרט דאס קליינע מינענלעמפעל אהן אן איבעריג גרויסען פלאקער, שטיל און זיכער דורך דעם לאבירינט פון שאכטען און פינסטערע גענג; מיר זענען ארויס פון דער פינסטערער, דומפיגער בערג־נאכט, דאס ליכט פון דער זון האט געשטראהלט — מיט גליק!

די מיינסטע בערג־ארבייטער וואוינען אין קלויזטהאל, און אין דעם מיט קלויזטהאל פארבונדענעם שטעדטיל צעללערפעלד. איך האב באזוכט מעהערערע פון אט די בראווע לייט, באטראכט זייערע קליינע שטוביגע איינריכטונגען, געהערט עטליכע פון זייערע לידער, וואס זיי באגלייטען אזוי פיין אויף זייער ליבלינגס אינסטרו־מענט, די ציטהער. אויף מיין פערלאנג, האבען זיי מיר דערצעהלט אלטע בערג־מעשה'לעך, און זיי האבען פאר מיר געזאגט עטליכע תפלות, וואס זיי בעטען געוועהנטליך איידער זיי געהען ארונטער אין דעם פינסטערען שאכט, און ניט איין גוטע תפלה האב איך מיט זיי מיטגעבעטען. איין אלטער קלעטערער האט אפילו גע־וואלט האבען, אז איך זאל בלייבען ביי זיי און ווערען א בערג־מענש; און ווען איך האב זיך פון דעסטוועגען צושיידט מיט זיי, האט ער מיט מיר מיטגעגעבען א שליחות צו זיינעם א ברודער, וואס וואוינט אין גאסלאר, און פיעל קושען פאר זיין ליעבע פלי־מעניצע.

און ווי רוהיג, שטילשטעהענדיג דאס לעבען פון אט די לייט זעהט אויס, איז עס דאך אן אמת'דיג לעבעדיג לעבען. די שטיינאלטע, ציטערדיגע פרוי, וואס איז געזעסען ביים אויוועז, אקעגען איבער דער שראנק, זיצט דארטען שויז אודאי א פערטעל יאהרהונדערט, און איהר טראכטען און פיהלען איז געווים טיעף צוזאמענגעוואקסען מיט יעדען ווינקעלע פון אט דעם אויווען און אלע שניצערייען פון יענעם שראנק, און דער שראנק און דער אוי־

ווען לעבען. ווארים א מענש האט אין זיי אריינגעטאן א טייל פון זיין נשמה.

נאר דורך אזא טיעף אנשויאונגס לעבען, דורך דער „אונמיטעלבארקייט", איז געבוירען געווארען דאס דייטשע פאלקס-מעשה׳לע, וועמענס אייגענטימליכקייט באשטעהט אין דעם, וואס נישט נאר חיות און פלאנצען, נאר אויך זאכען, וואס זענען דאכט זיך אין גאנצען אהן לעבען, רעדען און האנדלען. צו דעם זיננינגען, אומשולדיגען פאלק, וואס וואוינט אין די שטילע, פרידליכע כאטקעס, אונטער די בערג און אין די וועלדער, האט זיך געעפענט דאס אינוויינינגסטע לעבען פון אזעלכענע געגענשטאנדען, אט זיי האבען באקומען א נויטווענדיגען, קאנסעקווענטען כאראקטער, א זיסע צונויפמישונג פון פאנטאסטישער שטימונג, און ריין מענשליך טראכטען; און אזוי זעהען מיר אין פאלקס-מעשה׳לע, מאדנע זאכען און דאך ווי זיי וואלטען געווען זעלבסט-פארשטענדליך: די נעה-נאדעל און די שטעק-נאדעל קומען פון דעם שניידערס הארבעריג און פארבלאנדזשען זיך אין דער פינסטער: שטרויענע זאנגען און הייפטלעך קרויט, ווילען אריבער דעם טייך און ווערען פעראומגליקט; די שאוועל און דער בעזעם שטעהען אויף דער טרעפ, קריעגען זיך און שלאגען זיך; דער געפרעגטער שפיעגעל ווייזט דאס בילד פון דער שענסטער פרוי; אפילו די בלוטס-טראפענס, הויבען אן צו ריידען, באנגע טונקעלע ווערטער פון הארציגען רחמנות. — אונזער קינדערש-לעבען איז אויך דערפאר אזוי באדייטענד. אין יענער צייט איז פאר אונז אלעם אזוי אלץ איינס וויכטיג. מיר הערען אלץ, מיר זעהען אלץ. אלע איינדרוקען האבען דיזעלביגע מאס און דיזעלביגע ווירקונג. אנשטאט וואס שפעטער ווערען מיר אבזיכטליכער, בעשעפטיגען זיך אויסשליסליכער מיט דעם איינצעלען. דאס קלארע גאלד פון דער אנשויאונג, פארבייטען מיר מיט מיה, אויף דעם פאפיער געלד פון די ביכער דעפיניציאנען, און מיר געווינען אין לעבענס-ברייטקייט, דאס וואס מיר פערלירען אין לעבענסטיפקייט. איצטער זענען מיר אלע אויסגעוואקסענע, פארנעהמע לייט; מיר קלייבען זיך אפט איבער אין נייע וואוינונגען, די דיענסט ראמט צו יעדען טאג און ווי איהר געפעלט, בייט

זי יעדען טאָג די ערטער פון די מעבעל, וואָס אינטערעסירט אונז כמעט גאָר ניט. וואָרים אָדער זיי זענען ניי, ווען ניט געהערען זיי היינט צו האנס'ען און מאָרגען צו יצחק'ן; אפילו אונזערע קליידער זענען אונז פרעמד. מיר ווייסען קוים וויפיעל קנעפּ עס זענען פאראַן אויפן' ראָק, וואָס מיר טראָגען איצט אויפ'ן לייב; מיר בייטען דאָך אזוי אָפט ווי ס'איז נאָר מעגליך אונזערע מלבושים, קיינס פון זיי בלייבט ניט אין צוזאמענהאנג מיט אונזער אינוועניגסטע און אויסוועניגסטע געשיכטע. — מיר קענען זיך קוים דערמאָנען, ווי עס האָט אויסגעזעהן יענע ברוינע וועסט, וואָס האָט אויך אונז אמאָל ארויפגעצויגען אזויפיעל געלעכטער, און אויך וועמענס ברייטע פּאסען דער געליעבטערם האנד האָט פון דעסטוועגען גע־רוהט אזוי ליעבליך.

די אלטע פרוי, וואָס איז געזעסען הינטער'ן אויווען אקעגען איבער דער גרויסער שראנק, האָט געטראָגען א געבליהמעלט קלייד פון אן אָפּגעבלאקירטען ציצ, דאָס חופּה קלייד פון איהר פער־שטאָרבענער מוטער. איהר אוראייניקעל, א אינגעל מיט בליטציגע אויגען, וואָס איז געווען אָנגעטאָן ווי א בערג־מענש, איז געזעסען לעבען איהר צופיסענס, און געצעהלט די בלומען אויף איהר קלייד, און ווער ווייס וויפיעל געשיכטען זי האָט איהם שוין דערצעהלט, וויפיעל ערנסטע שעהנע געשיכטען! און דאָס אינגעל וועט זיי זיכער אזוי שנעל ניט פערגעסען. און ניט איינמאָל וועלען זיי פאר איהם פארביישוועבען, ווען ער וועט, שוין אלס דערוואקסענער מענש, ארבייטען אין די נאכטיגע שאכטען פון דער נאָהענטער קאראָלינא. און אפשר וועט ער זיי ווידער דערצעהלען, ווען די ליעבע באָבע וועט שוין פון לאנג זיין טויט. און ער וועט אליין זיצען הינטער'ן אויווען, אקעגען דער שראנק, א זילבערהאָריגער זקן און ארום איהם זיינע אייניקלעך.

אויף איבערנאכט בין איך פארבליבען אין דערזעלביגער „קרוין", וואו ס'איז דערווייל אויך געהאט אָנגעקומען דער הויפראט ב. פון געטינגען. איך האָב געהאט דאָס פערגעניגען פאר אָם דעם אלטען הער זיך פאָרצושטעלען. ווען איך האָב זיך איינגעשריעבען אין פרעמדען בוך, און האָב געמישט די בלעטער

פון מאנאט יולי, האב איך געפונען דעם זעהר טייערען נאמען אדאלבערט פאן שאמיסא, דעם ביאגראף פון דעם אונשטערבליכען שלומיאל. דער בעל אכסניא האט מיר דערצעהלט אז אט דער העער איז אנגעקומען אין אן אונבעשרייבליך שלעכטען וועטער און אין פונקט אזא שלעכטען וועטער איז ער אויך פון דאנען אפגעפאהרען.

דעם אנדערן אין דער פריה, האב איך מיין רייזע־טאש נאכאמאל געמוזט לייכטער מאכען. די איינגעפאקטע פאר שטיוועל האב איך ארויסגעווארפען, און איך האב אויפגעהויבען מיינע פיס און בין געגאנגען קיין גאסלאר. איך בין געקומען אהין ניט וויסענדיג ווי אזוי. נאר אזוי פיעל קען איך זיך דערמאנען, אז איך האב זיך ארומגעשלענדערט בארג ארויף און בארג אראפ, האב ארונטערגעקוקט אויף אנדערע זעהר שעהנע לאנקע־טאלען, וואסערען האבען גערוישט, זיסע וואלד־פייגעל האבען געטשוויטשערט, די גלעקער פון די סטאדעס, האבען געקלונגען, די פארשיעדענע גרינע בוימער זענען פון דער ליעבער זון געווארען גאלדיג באשטראהלט, און אויבען איז די בלוי־זיידענע דעק פון הימעל געווען אזוי דורכזיכטיג, אז מען האט אין איהם געקענט טיעף ארייננקוקען ביז צו דעם קדשי קדשים, וואו די מלאכים זיצען לעבען גאט צו פיסענס, און שטודירען אין די שטריכען פון זיין אנגעזיכט דעם גענעראל־באס. איך אבער האב נאך געלעבט אין חלום פון דער פריהערדיגער נאכט, וואס איך האב בשום אופן ניט געקענט ארויסשטופען פון מיין נשמה. דאס איז געווען דאס אלטע מעשה'לע פונ'ם ריטער, וואס איז אראפ גענידערט אין א טיעפען ברונען, וואו אונטען איז פאראן א פרינצעסין, וועלכע איז פארשאלטען געווארען אין א פארכשופ'טען שלאף. איך אליין בין דאס געווען דער ריטער. אין דער ברונים, דער פינסטערער קלויזטהאלער גרובען. און פלוצים האבען זיך באוויזען א סך ליכט, פון אלע זייטענלעכער זענען ארויס די קארליקלעך, מיט צארניגע געזיכטער, און האבען זיך געלאזט צו מיר מיט זייערע קורצע שווערדען. האבען הילכיג געבלאזען מיט זייערע טרומייטען, אזוי אז וואס אמאל זענען צוגעקומען אלץ מעהר און מעהר פון זיי, און זייערע ברייטע קעפ האבען זיך אויסטערליש געוואַ־

קעלט. אז איך האב איינעם געשטאכען און דאס בלוט האט ארויסגערונען. האב איך ערשט באמערקט. אז דאס זענען געווען די רויט - בליהענדיגע, לאנג - בערטיגע דיסטעלקעפ. וואס איך האב ביי טאג ארונטערגעהאקט מיט מיין שטעקען אויף דעם לאנד־שטראס. מיט אמאל זענען זיי אלע פלוצים ניט געווארען, און איך בין אריינגעקומען אין א פראבטיגען פאלאץ: אין מיטען איז געשטאנען, ווייס פארשלייערט, פארשטארט און רעגענסלאז ווי א סטאטוע, די הארציג געליבטע. און איך האב געקושט איהר מויל. און, גאט מיינער! איך האב געפיהלט דעם באגליקענדיגען הויך פון איהר נשמה. און דאס זיסע ציטערען פון איהרע ליבליכע ליפען. מיר איז געווען ווי כ'וואלט הערען גאט רופט אוים: „זאל ווערען ליכט!" בלענדענדיג האט א שאס געטאן א שטראהל פון דעם אייביגען ליכט; אבער אין דעם זעלביגען אויגענבליק איז ווידער געווארען נאכט, און אליץ איז זיך כאאטיש צוזאמענגעלאפען אין א ווילדען, וויסטען ים. א ווילדער, וויסטער ים! איבער דעם שוימענדיגען וואסער, האבען זיך מורא'דיג געיאגט די נשמות פון מתים, זייערע ווייסע תכריכים האבען געפלאטערט אין ווינד און הינטער זיי איז מיט א קנאקענדיגער בייטש געלאפען א פיעלפארביגער הארלוקין. און דער הארלוקין איז געווען איך אליין. און פלוצים האבען פון די כוואליעם זיך א הויב געטאן די ים טייוואלים מיט זייערע אויסטערלישע קעפ און האבען זיך א לאז געטאן צו מיר מיט זייערע פונאנדערגעשפרייטע ארעמס און פון שרעק האב איך זיך אויפגעכאפט.

ווי דאס שענסטע מעשה'לע קען אמאל קאליע ווערען! ווארום אייגענטליך וואלט דאך מיט'ן ריטער באדארפט געשעהן אט וואס: ווען ער האט געפונען די שלאפענדיגע פרינצעסין האט ער באדארפט ארויסשניידען א שטיק פון איהר זעהר טייערען שלייער; און ווען איהר כישוף שלאף ווערט איבערגעריסען דורך זיין געוואגטקייט, און זי זיצט ווידער אויף דעם גאלדענעם שטול אין איהר פאלאץ, האט דער ריטער באדארפט צוגעהן צו איהר און זי פרעגען: מיין שענסטע פרינצעסין, קענסטו מיך?" אויף דארויף ענטפערט זי: „מיין העלדישסטער ריכטער, איך קען דיך ניט". נעמט ער און ווייזט

איהר דאס שטיק וואס ער האט נאר וואס ארויסגעשניטען פון איהר שלייער. פאלט זי איהם אויפ'ן האלז אוןביידע נעמען זיך צערטליך ארום און די טראמפייטערס בלאזען און ס'ווערט געפייערט די חתונה.

אזא מזל האב איך שוין אלעמאל. מיינע ליעבע חלומות, ענדיגען זיך זעלטען מיט אזא שענעם סוף.

דער נאמען גאסלאר קלינגט אזוי דערפרעהענדיג און עס קניפען זיך אין איהם אן אזוי פיעל פארצייטינגע קייזער זכרונות, אז איך האב מיר פארגעשטעלט צו געפינען אן אימפאזאנטע, גרויסארטיגע שטאדט. אבער אזוי איז שוין תמיד, ווען מען דערזעהט פון דער נאהענט די בעריהמטקייטען. איך האב געפונען א נעסט מיט צו מיינסטענס, שמאלע לאבירינטיש קרומע גאסען, וואו אין מיטען לויפט דורך א קליין וואסער, וואהרשיינליך די גאסע, שמוציג און דומפיג. און דער ברוק איז אזוי הויקערדיג און לעכערדיג ווי די בערלינער העקזאמעטערן. נאר די אלטערטימליכקייט פון דער איינפאסונג, נעמליך, די איבערבלייבענישען פון מויערען, טורעמס און געזימסען גיבען צו דער שטאדט א פיקאנטען אויסזעהן. איינער פון אט די טורעמס, וואס מען רופט דער צווינגער, האט אזעלכענע דיקע מויערען, אז אין זיי זענען אויסגעהאקט גאנצע קאמערן. יענער פלאץ וואס פאר דער שטאדט, וואו עס קומען פאר די ווייט באריהמטע איבונגען אין שיסען, איז א שענע, גרויסע לאנקע ארומגערינגעלט מיט הויכע בערג. דער מארק איז א קליינער. אין מיטען שטעהט א פאנטאן, ועמענס וואסער גיסט זיך אריין אין א גרויסען מעטאלענעם בעקען. אין צייט פון א שרפה, קלאפט מען אויף איהם עטליכע מאל, און ער גיט ארויס פון זיך א ווייט שאלענדיגען קלאנג. מען ווייס ניט פון וואנען אט דער בעקען נעמט זיך. פאראן אזעלכענע וואס זאגען, אז דער טייוועל האט איינמאל אין א נאכט געבראפט דעם בעקען און איהם אוועק געשטעלט אין מיטען מארק. דעמאלט זענען די מענשען נאך געווען נאריש און דער טייוועל איז אויך נאך געווען נאריש, און זיי האבען זיך איינס דאס אנדערע געשענקט מתנות..

דאס ראטהויז אין גאסלאר איז א אויסגעקאלעכטע וועכטער

שטוב. דאס דערביי שטעהענדיגע גילדענהויז האט שוין א בעסער אויסזעהן. אונגעפעהר אין מיטען צווישען דעם באדען און דעם דאך, שטעהען מאנומענטען פון דייטשע קייסארים, פערוויכערט שווארץ און ערטערווייז פארגילדט, האלטענדיג איין איין האנד דעם סצעפטער און אין דער צווייטער דעם וועלט־קוגעל: זיי זעהען אויס ווי געבראטענע אוניווערסיטעטס פעדעלען. (דינער פון אוניווערסיטעטס געריכטען). איינער פון אט די קייסארים האלט א שווערד, אנשטאט א סצעפטער. איך האב בשום אופן ניט געקענט דערגעהן, וואס אט דער אונטערשייד וויל זאגען; און דאס מוז דאך פארט האבען עפיס א באדייטונג, ווארים די דייטשען האבען די מערקווירדיגע געוואהנהייט אז ביי אלץ וואס זיי טוען, מוזען זיי אויך אביסעל דענקען.

אין גאטשאלקס „האנד־בוך“ האב איך פיעל געלייענט וועגען דעם פארצייטיגען דאם און פון דעם באריהמטען קייזער־שטול, וואס געפינט זיך אין גאסלאר. ווען איך האב אבער געוואלט זיי זעהן האט מען מיר געזאגט, אז דעם דאם האט מען איינגעווארפען און דעם שטוהל האט מען אוועקגעפיהרט קיין בערלין. מיר לעבען אין א שלעכטער צייט; טויזענד יאהריגע דאמען ווארפט מען איין, און קייזער־שטוהלען ווארפט מען אריין אין דער קאמער פאר אלט־ווארג.

עטליכע מערקווירדיגקייטען פון דעם געוועזענעם דאם, זענען איצט פאראן אין דער סטעפאנסקירך. גלאז מאלערייען וואס זענען וואונדערשען, עטליכע שלעכטע מאלערייען, צווישען וועלכע עס זאל זיך אויך געפינען א לוקאס קראנאך, ווייטער א הילצערנער קריסטוס אויפ'ן קרייץ און א היידינשער מזבח, וואס איז געמאכט פון אן אונבעקאנטען מעטאל; דער מזבח האט דאס אויסזעהן פון א לענגליך פיערעקיגען ארון און ער ווערט געטראגען פון פיער קאריאטידען, וואס שטעהען איינגעבויגען, שפארען אן אויף די הענד וואס זענען אויפגעהויבען איבער זייערע קעפ, און מאכען אן אויסטערליש זויער און העסליך פנים. נאך זויערער איז דער דערביישטעהענדיגער, שוין דערמאהנטער, הילצערנער קרוציפיקס. אט דער קריסטוס קאפ מיט נאטירליכע האר און הערנער און א

געזיכט בעשמירט מיט בלוט, באוויזט געווים אויף א מייסטער־האפטען אויפן ווי אזוי א מענש שטארבט. אבער האט אין זיך גאר־ניט וואס זאל פארשטעלען א גאט געבוירענעם אויסלייזער. נאר דאס מאטעריעלע ליידען איז אריינגעשניצט געווארען אין דעם דאזיגען געזיכט, אבער ניט די פאעזיע פונ'ם שמערץ. אזא בילד פאסט גי־כער אריין אין א אנאטאמישען זאל, איידער אין א הויז פאר גאט. די מבינ'טע אויף קונסט, די שמש'טע, וואס האט מיך ארומגע־פיהרט, האט מיר געוויזען נאך א זעלטענעם אנטיק. דאס איז גע־ווען א גוט געהובעלט, שווארץ שטיק האלץ, וואס איז געווען בא־דעקט מיט ווייסע צאהלען. וואס איז געהאנגען אין מיטען קלויסטער, ווי א נר תמיד. א, ווי גלענצענד בעווייזט זיך דא דער ערפינדונגס־גייסט פון דער פראטעסטאנטישער קירך? ווארום ווער האט זיך געקענט דענקען אזא זאך! די ציפערען אויף דעם דערמאנטען שטיק האלץ, זענען געווען די נומערן פון די קאפיטלעך תהילים, וואס ווערען געוועהנטליך פארצייכענט מיט קרייד אויף א שווארצער טאוועל, און ווירקען גאר ניט עסטעטיש. אבער איצ־טער דורך דער אויביגער ערפינדונג, דינען זיי זאגאר פאר א ציע־רונג אין דער קירך, און אזוי ערנאך פילען זיי אוים דעם פלאץ פון די ראפאעלישע בילדער, וואס פעהלען דארטען. אזעלכענע פארט־שריט דערפרעהען מיך אהן א שיעור. ווארים איך, וואס איך בין א פראטעסטאנט, און דאס א לוטעראנער, האב זיך תמיד געפיהלט באטריבט, ווען קאטוילישע געגנער, פלעגען חוזק מאכען פון דעם ליידיגע גאט פארלאזענעם אויסזעהן פון די פראטעסטאנטישע קירכען.

איך בין איינגעשטאנען אין א גאסט הויז ניט ווייט פונ'ם מארק, וואו דאס מיטאג עסען וואלט מיר געווען געשמעקט פיעל בעסער, ווען דער בעל אכסניא, מיט זיין לאנגען, געזיכט, וואלט זיך ניט געווען א וועק געזעצט לעבען מיר און מיך ניט גענודיעט מיט זיינע לאנגווייליגע פראגען. גליקליכערווייז בין איך באלד אויסגעלייזט געווארען דורך דעם אנקומען פון אן אנדערען רייזענ־דען, וואס האט געמוזט אויסהאלטען די זעלביגע פראגען אין דעם זעלביגען סדר: ווער? וואס? ווען? וואו? מיט וועלכע מיטלען?

פאר וואס? אויף וואס פאר אן אופן? אט דער פרעמדער איז געווען אן אלטער, מידער, אבגעטראגענער מאן, וועל-כער, ווי עס האט זיך ארויסגעוויזען פון זיינע רייד, האט שוין אויסגעוואנדערט די גאנצע וועלט, באזונדערס לאנג האט ער געלעבט אין באטאוויא, האט שוין פארמאגט א סך געלד, און ווי-דער אלץ פארלוירען, און איצטער נאך א דרייסיג יאהריגען אוועק זיין קעהרט ער זיך אום אין זיין פאטערשטאדט, קיין קווידלענ-בורג. — „ווארים" האט ער צוגעגעבען „אונזער משפחה, האט דארט איהר אייגען פאמיליען באגרעבעניש". דער בעל אכסניא האט דא געמאכט זיין זעהר אויפגעקלעהרטע באמערקונג, אז איי-געגנטליך איז דאך פאר דער נשמה אלץ איינס וואו דער לייב ווערט באגראבען. „שטעהט דאס ערגיץ געשריבען?" האט דארויף געענט-פערט דער פרעמדער, און דערביי האבען זיך פארצויגען ניט היימליכע, כיטרע רינגען ארום זיינע פארדארטע ליפען, און זיינע אויסגעלאשענע אויגלעך. „אבער" האט ער דערנאך צוגעגעבען, „איך מיין דאך ניט צו רעדען קיין שלעכטס וועגען פרעמדע קברים. — די טערקען באגראבען זייערע טויטע נאך פיעל שענער ווי מיר. זייערע גוטע ערטער זענען פיינע גערטנער, און דארט זיצען זיי אויף זייערע ווייסע, באטורבאנטע מצבות, אונטער דעם שאטען פון א ציפרעס בוים, גלעטען זיך זייערע ערנסטע בערד, און רוי-כערען רוהיג, זייער טערקישען טאבאק אויס זייערע לאנגע, טער-קישע ליולקעס. —און ביי די כינעזער איז דאך גאר א חיות צו צו-קוקען, ווי זיי טאנצען מאניערליך ארום אויף די רוה־פלעצער פון זייערע מתים, בעטען און טרינקען טעע, און שפילען פידעל, און זיי ווייסען ווי אזוי צו פערציערען זייערע געליעבטע קברים, מיט אלערליי פערגילדעטע זאכען, פארצעלייענע פיגורלעך, שטיקער פון בונטען זיידענצייג, געקינסטעלטע בלומען און פארביגע לאמטערנ׳-דלעך — אלץ איז זעהר שעהן — ווי ווייט האב איך נאך ביז קווידלינבורג?"

דאס בית עלמין אין גאסלאר איז מיר ניט זעהר שטארק געפע-לען. דערפאר איז מיר שוין מעהר געפעלען אט דאס וואונדערשע-נע קעפיל מיט לאקען, וואס האט שמייכלענדיג ארויסגעקוקט דורך

א פענסטער פון אן אונטערשטען גארען, ווען איך בין אנגעקומען אין שטאדט אריין. איצט נאכ'ן עסען, בין איך ווידער געגאנגען אויפזוכען אט דאס ליעבע פענסטער. אבער איצט איז דארט נאר געשטאנען א וואסער - גלאז מיט ווייסע גלאקענבליהמעלעך. איך האב ארויפגעקלעטערט, ארויס גענומען די צנועה'־דיגע בליהמעלעך פון גלאז, זיי רוהיג אריינגעשטעקט אין מיין היטעל, און זיך ניט אומגעקוקט אויף די צועפענטע מיילער, פאר־שטיינערטע נעזער, און גרויסע אויגען, מיט וועלכע די מענשען פון גאס, און באזאנדערס די אלטע ווייבער, האבען זיך צוגעקוקט צו אט דער מאדנער גנבה. ווען איך בין מיט א שטונדע שפעטער ווידער פארביי געגאנגען פארביי דעם זעלביגען הויז, איז די שענע גע־שטאנען ביים פענסטער, און ווי נאר זי האט דערזעהן די גלאקען בליהמעלאך אויף מיין היטעל, איז זי געווארען רויט און זיך אלאז געטאן אויף צוריק. איצטער האב איך דאס שענע פנים געזעהן נאך גענויער: דאס איז געווען א זיסע, דורכזיכטיגע פארקערפערונג פון זומער־אבענד־הויך, לבנה־שיין, נאכטיגאל געזאנג און רויזען־דופט. — שפעטער, ווען עס איז געווארען גאנץ פינסטער בין איך צו צו דער טיר. איך בין געקומען — זיך דערנעהנטערט — זי האט זיך פאמעליך אריינגערוקט אינ'ם פינסטערען פארהויז—איך האב זי אנגענומען ביי דער האנד און געזאגט: איך בין א ליעב־האבער פון שעהנע בלומען און פון קושען. און וואס מען גיט מיר ניט מיט'ן אייגענעם פרייען ווילען, דאס גנב'ע איך. — און איך האב זי ראש געקושט — און ווי זי האט געוואלט אנטלויפען האב איך שנעל א זאג געטאן שטילערהייד: מארגען רייז איך אפ פון דאנען און וועל מסתמא שוין קיינמאל ניט צוריק קומען. און איך האב דערפיהלט דעם באהאלטענעם ענטפער פון איהרע ליפען און פון איהרע קליינע הענד — און לאכענדיג בין איך שנעל אוועק פון דאנען. יא, איך מוז לאכען, ווען איך באטראכט, אז איך האב ניט וויסענדיג ארויסגעזאגט אט דאס צויבערווארט, דורך וועלכען אונ־זערע רויטע און בלויע רעק באצווינגען די הערצער פון די פרויען, פיעל אפטער, ווי דורך זייערע וואנצע'דיגע ליעבענס־ווערדיקייטען:

„איך פאהר מארגען אפ און וועל מסתמא שוין קיינמאל ניט צוריק קומען“

מיין אכסניא האט מיר געגעבען א הערליכע אויסזיכט צו דעם ראמעלסבארג. עס איז געוועזן א שענער אבענד. די נאכט האט זיך נעיאגט אויף איהר שווארצען פערד, און די לאנגע גריוועס האבען געפלאטערט אין ווינד. איך בין געשטאנען ביים פענסטער און באטראכט די לבנה. איז אין דער לבנה אויף צו'ן אמת'ן פאראן א מענש? די סלאוועז זאגען, ער הייסט קלאטאר, און די לבנה וואקסט דורך דעם, וואס ער גיסט אויף וואסער. ווען איך בין נאך געוועזן קליין, האב איך געהערט אז די לבנה איז א פרי, וואס, ווען זי ווערט צייטיג, רייסט זי אפ דער ליעבער גאט, לייגט זי אוועק צווישען די אנדערע פולע לבנות אין דער גרויסער שראנק, וואס שטעהט אין עק וועלט, און וואו זי איז צוגעקלאפט מיט גרויסע ברעטער. ווען איך בין געווארען גרעסער, האב איך באמערקט, אז די וועלט איז ניט אזוי ענג באגרעניצט, און אז דער מענשליכער גייסט ברעכט דורך די הילצערנע שרענק, און מיט א ריזיגען פעטרי־שליסעל, מיט דער אידעע פון אונשטערבליכקייט, האט ער אויפגעשלאסען אלע זיבען הימלען. אונשטערבליכקייט! שענער געדאנק! ווער איז געוועזן דער ערשטער, וואס האט דיך אויסגעטראכט? איז עס געוועזן א נירענבערגער שפיסבורגער וואס איז אין א לעבליבער זומערנאכט געזעסען פאר זיין הויז טיר, מיט דער ווייסער נאכט מיץ אויפ'ן קאפ און דער ווייסער ליימענער ליולקע אין מויל און זיך גאר באקוועם געטראכט, אז עס וואלט געוועזן זעהר פיין, ווען ער זאל קענען אזוי אריינוואקסען אין דער אויביגקייט, כסדר אזוי זיצענדיג און ניט זיין ליולקע און ניט זיין לעבענס אטעמעל זאל דארפען אויסגעהן! אדער איז עס אפשר געוועזן א יונגער פארליבטער, וואס האט אין די ארעמס פון זיין געליעבטער געטראכט, יענעם געדאנק פון אונשטערבליכקייט. און געטראכט האט ער איהם, ווייל ער האט איהם געפיהלט, און ווייל ער האט ניט געקענט פיהלען אנדערש — ליעבע! אונשטערבליכקייט! אין מיין ברוסט איז פלוצים געווארען אזוי הייס, אז איך האב געגלייבט, די געאגראפען, האבען דאס דעם עקוואטאר איבערגעלעגט און ער

לויפט דאס איצטער דורך מיין הארץ. און פון מיין הארץ האבען זיך ארויסגעגאסען די געפיהלען פון ליעבע, האבען זיך אויסגעגאסען בענקענדיג אין דער ווייטער נאכט אריין. די בלומען אונטער מיין פענסטער האבען אנגעהויבען צו דופטען שטארקער. ריחות זענען די געפיהלען פון די בלומען און פונקט ווי דאס מענשליכע הארץ אין דער נאכט פיהלט שטארקער, ווען איהם דאכט עס איז אליין און קיינער הערט זיך ניט צו דערצו, אזוי ווייזט אויס ווארטען אויך די בלומען פערשעמט, אויף דער איינהילענדיגער פינסטערניש, כדי אין גאנצען ארוים צו געבען זייערע געפיהלען און זיי אויסצוהויכען אין זיסע ריחות. — צוגיסט אייך, איהר גוטע ריחות פון מיין הארץ! און זוכט הינטער אט יענע בערגער די געליעבטע פון מיין הארץ! איצט ליגט זי שוין און שלאפט; קליינע מלאכים קניען פאר איהר צו פיסענס, און ווען זי שמייכעלט אין שלאף, איז דאס א תפלה, וואס די מלאכים בעטען מיט איהר; אין איהר ברוסט ליגט דער הימעל מיט זיינע אלע זעליגקייטען און ווען זי אטעמט, ציטערט מיין הארץ אין דער ווייט; הינטער די זיידענע ברעמען פון איהרע אויגען, איז די זון אונטערגעגאנגען, און ווען זי עפענט זיי ווידער אויף, איז שוין טאג, און די פייגעל זינגען, און די סטאדע גלעקער קלינגען, און די בערג שימערן און זייערע שמאראגדענע קליידער, און איך פארשניר מיין רייזע טאש און וואנדער ווייטער.

אין מיטען פון אט די פילאזאפישע באטראכטונגען, און פריוואטע געפיהלען האט מיך איבערראשט דאס אריינקומען פונ'ם הויפראט ב. וועלכער איז אביסעל פריהער אויך אנגעקומען קיין גאסלאר. אין קיין אנדערער צייט וואלט מיך די געמיטליכקייט פון אט דעם מאן ניט געמאכט בעסער פיהלען. איך פארעהר איהם פאר זיין אויסגעצייכענטען, ערפאלגרייכען שארפזין, נאך מעהר אבער פאר זיין באשיידענהייט. איך האב איהם געפונען זעהר אויפגעהייטערט, פריש און גרייט צום קאמפף. אז ער איז דאס לעצטע, האט באוויזען זיין נייע ווערק: „די רעליגיאן פון דער פערנונפט". א בוך, וואס האט אזוי ענטציקט די ראציאנאליסטען און געערגערט די מיסטיקער און צורודערט דאס גרויסע פובליקום. איך אליין בין אפילו אין אט דעם אויגענבליק א מיסטיקער, צוליעב

מיין געזונט, ווארום לויט די פעראָרדנונג פון מיין דאָקטאָר דאַרף איך וואָס ווייניגער דענקען. דאָך קען איך ניט פאַרלייקענען דעם גרויסען אונשאַצבאַרען ווערט פון די ראַציאָנאַליסטישע באַמיהונ־גען פון אַ פּאַולוס, גורליט, קרוג, אייכהאָרן, בוטערוועק, וועגשיידער, אַ. אַז. וו. צופעליג געפעלט מיר אַליין, וואָס אַט די לייט האָבען אויסגערוימט ניט איין פאַרעלטערטען איבעל. באַזונדערס דעם שטויב פון איינגעפאַלענע אַלטע קירכען אונטער וועלכע עס געפינען זיך אַזוי פיעל שלאַנגען און שלעכטע ריחות. די לופט ווערט אין דייטש־לאַנד צו דיק און אויך צו הייס, און אָפּט האָב איך מורא איך זאָל ניט דערשטיקט ווערען, אָדער דערוואָרגען ווערען פון מיינע חברים מיסטיקער דורך זייער צו הייסער ליעבע. און דארום וועל איך אויף די גוטע ראַציאָנאַליסטען ניט ווייניגער בייז זיין, ווען זיי וועלען די לופט אַביסעל שוין צו פיעל אָפּקיהלען. אין גרונד גענו־מען האָט שוין די נאַטור אַליין אָוועק געשטעלט גרעניצען צו דעם ראַציאָנאַליזם; אונטער דער לופט פּאָמפּ און ביים נאָרד־פּאָל, קען דער מענש שוין מעהר ניט אויסהאַלטען.

אין יענער נאַכט, וואָס איך האָב צוגעבראַכט אין גאָסלאַר האָט מיט מיר געטראָפען עפּיס אויסטערלישעס. עד היום כאַפּט מיך נאָך אַרום אַ פּחד, ווען איך הויב אָן צו טראַכטען דערפון. ביי דער טבע בין איך ניט קיין שרעקענדיגער און גאָט ווייס, אַז איך האָב קיינמאָל ניט דערפיהלט קיין מורא, ווען אַ בלאַנקענדיג מעסער, האָט געזוכט די באַקאַנטשאַפט פון מיין נאָז, אָדער ווען איך האָב זיך ביי נאַכט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ וואַלד, אָדער ווען ביי אַ קאָנצערט האָט אַמאָל אַ געגעצדיגער לייטענאַנט מיך גע־סטראַשעט אייצושלינגען — אָבער פאַר רוחות שרעק איך זיך כמעט אַזוי שטאַרק, ווי דער עסטרייכישער בעאָבאַכטער. וואָס איז מורא? קומט דאָס פון'ם פאַרשטאַנד, צי פון געמיט? איבער אָט דער פראַ־גע האָב איך געהאַט אָפּטע וכוחים מיט דעם דאָקטאָר שאול אַשער, ווען איך פלעג זיך מיט איהם צוזאַמענטרעפען אין בערלינער קאַפּע ראיאַל, וואו איך האָב אַ לאַנגע צייט געגעסען מיטאָג. ער האָט

תמיד באהויפטעט, אז מיר שרעקען זיך פאר עפּיס, ווייל מיר האָ־
בען מיט׳ן שכל דערקענט די זאך פאר פורכטבאר. אז נאר דער שכל
איז א כח, און ניט דאס געמיט. אין דער צייט וואס איך האב גוט
געגעסען און גוט געטרונקען, האט ער געהאלטען אין איין דעמאָנ־
סטרירען פאר מיר די יתרונות פון דעם שכל. צום סוף פון זיינע
דעמאָנסטראציאנען, פלעגט ער א קוק טאָן אויף זיין זייגער און
פארענדיגען: „די פערנונפט איז דאס העכסטע פּרינציפּ!“ .—
פערנונפט! ווען איך הער איצט אט דאסווארט, אזוי דערזעה איך
באלד פאר מיר דעם דאקטאר שאול אשער מיט זיינע אבסטראקטע
פיס, מיט זיין ענגען, טראנסצענדענטאל גרויען מאנטעל מיט זיין
שפּיציגען, פריהרענדיג קאלטען געזיכט, וואס וואלט זיך גוט גע־
פּאסט פאר א צייכנונג אין א לעהרבוך פאר געאָמעטריע. אט
דער מאן, שוין טיעף אין די פופציגער, איז געווען א פערזאניפי־
צירטע געראדע ליניע. אין זיין שטרעבען צום פּאזיטיווען, האט דער
ארימער מענש, ארויסגעפילאזאפירט פון זיין לעבען אלץ וואס איז
הערליך. אלע זונען־שטראהלען, יעדען גלויבען און אלע בלומען.
געבליבען איז איהם ניט מעהר, ווי דאס קאלטע, פּאזיטיווע קבר. א
באזונדערען כעס האט ער געהאט אויף דעם אפּאל פון בעלוועדער,
און אויף דעם קריסטענטום. געגען דעם לעצטען האט ער אפילו
אנגעשריבען א בראשורע אין וועלכער ער האט אויפגעוויזען, זיין
ניט פערנונפטיגקייט און זיין ניט באקוועמליכקייט. ער האט אי־
בערהויפּט אנגעשריבען א גאנצע מענגע מיט ביכער, אין וועלכע
די פערנונפט ווייזט אויף איהר אייגענע פארטרעפליכקייט. א
זאך וואס דער ארימער דאקטאר האט זיכער געמיינט זעהר ערנסט,
און פארדינט צוליעב דעם זיכער יעדע אכטונג. דעריין איז אבער
בעשטאנען דער הויפּט שפּאס, דאס וואס ער פלעגט מאכען אזא נאַ־
ריש פנים, ווען ער פלעגט ניט קענען באגרייפען אזאך, וואס יעדעס
קינד באגרייפט, טאקע דערפאר ווייל עס איז א קינד. עטליכע מאל
בין איך געגאנגען זעהן דעם פערנונפט דאקטאר אין זיין אייגען הויז
וואו איך האב ביי איהם געטראפען שעהנע מיידלעך; ווארים די
פערנונפט האט גאר ניט געגען דער זינליכקייט. ווען איך בין גע־
קומען איהם זעהן אן אנדערס מאל, האט מיר זיין דינער געזאגט:

דער הער דאקטאר איז נאר וואס געשטארבען. איך האב דערביי ניט געפיהלט פיעל מעהר, ווי ווען ער וואלט מיר געזאגט: דער הער דאקטאר האט זיך פון דאנען ארויסגעקליבען.

דאך לאמיר זיך אומקעהרען קיין גאסלאר. „דאס העכסטע פרינציפ איז די פערנונפט!" האב איך געזאגט, צו זיך אליין בערוהיגענדיג זיך, ווען איך בין אריין אין בעט. נאר געהאלפען האט דאס גאר ניט. איך האב נאר וואס געהאט געלייענט אין ווארנהאגען פאן ענזע'ס „דייטשע ערצעהלונגען" יענע מורא'דיגע געשיכטע, ווי דער זוהן וואס האט געוואלט דער'הרג'ענען זיין אייגענעם טאטען, ווערט ביי נאכט געווארענט פון זיין טויטער מאמע. די וואונדערבארע פארשטעלונג פון אט דער געשיכטע, האט געווירקט, אז ווען איך האב איהר געלייענט, איז דורך מיר, ווי א פראסט דורך געלאפען א ציטער. אחוץ דעם וועקען געשפענסטער געשיכטען אלע מאל אויך, נאך א שוידערליכערען געפיהל, ווען מען לייענט זיי הינטערוועגענס און דאס נאך מעהר ביי נאכט אין א שטאדט, אין א הויז, אין א צימער, וואו מען איז פריהער נאך קיינמאל ניט געוועזן. ווי פיעלע מורא'דיגע זאכען האבען שוין געקענט האבען געטראפען, אויף אט דעם פלאץ וואו דו ליגסט איצטער? אזוי טראכט מען ניט ווילענדיג. א חוץ דעם אלעמען האט די לבנה איצטער צוויי דייטיג אריינגעשיינט אין צימער, אויף דער וואנד האבען זיך באוועגט אלערליי ניט גערופענע שאטענס און ווען איך האב זיך אויפגעזעצט אין בעט כדי זיך ארומצוקוקען האב איך דערזעהן —

ס'איז ניט פאראן קיין אונהיימליכערעס ווי דאס, ווען מען דערזעהט פלוצים ביים לבנה שיין דאס אייגענע פנים אין שפיגעל. אין דעם זעלביגען אויגענבליק האט געשלאגען א שווער-קריכענדיגער, גענעצדיגער גלאק און דאס, פאמעליך און אזוי לאנג, אז נאך דעם צוועלפטען קלאנג, האט זיך מיר גערדאכט, אז פאר דער צייט זענען פארביי געלאפען גאנצע צוועלף שטונדען, און ס'וועט באלד דארפען אויפס ניי אנהויבען צו שלאגען צוועלף. צווישען דעם פארלעצטען און לעצטען קלאנג, האט נאך אן אנדערער זייגער גענומען קלינגען, און דאס זעהר שנעל, במעט ווי מיט כעס דורכדרינ-

גענדיג, און אפשר האט איהם פארדראסען אויף דער קריכענדיג־
קייט פון זיין אלטען קוואטער. וועןביידע אייזערנע צונגען האבען
געשוויגען און אין הויז האט געהערשט א טויטע שטילקייט, האט
זיך מיר פלוצלינג געדאכט, ווי איך וואלט געהערט אימיצען זיך
ארומשלעפען אין קארידאר פאר מיין צימער, דאס האט אויסגעזעהן
ווי דער ניט זיכערער גאנג פון אן אלטען מאן. ענדליך האט זיך
געעפענט די טיר, און פאוואלינקע איז אריינגעקומען דער דאק־
טאר שאול אשער. א קאלטער קדחת איז דורכגעלאפען דורך דעם
מארך פון מיינע ביינער, איך האב געציטערט ווי א בלאט, און זיך
קוים געוואגט א קוק צו טאן אויף דעם טויטען. ער האט אויסגע־
זעהן ווי אלע מאל. דערזעלביגער טראנסצענדענטאל גרויע ראק,
דיזעלביגע אבסטראקטע פיס, און דאסזעלביגע מאטעמאטישע
פנים; נאר וואס ער איז געווען אביסעלע געלבליכער ווי אלע מאל,
אויך זיין מויל, וואס פלעגט אמאל בילדען צוויי ווינקלען פון
22½ גראד, איז איצט געווארען צונויפגעצויגען, און די אויגען
קרייזען האבען געהאט א גרעסערן ראדיוס. זיך וואקלענדיג און ווי
אלע מאל זיך אנשפארענדיג אויף זיין שפאנישען שטעקעלע, האט
ער זיך דערנעהענטערט צו מיר, און מיט זיין געוועהנטליכען דיא־
לעקט פון א צופוילטען מויל, האט ער פריינדליך געזאגט: „שרעקט
אייך ניט, און גלויבט ניט, אז איך בין א מת, דאס איז בלויז אן
איינבילדונג פון אייער פאנטאזיע. ווען איהר דענקט אז איהר זעהט
דאס מיך א טויטען. וואס איז א געשפענסט? אדרבא, גיט מיר א
דעפיניציאן? רעדוצירט פאר מיר די באדייטונג ווי אזוי עס איז
מעגליך א געשפענסט זאל זיין? און וואס פאר א פערנונפטיגען
צוזאמענהאנג וואלט אזא ערשיינונג געשטאנען מיט דער פער־
נונפט? די פערנונפט, איך זאג די פערנונפט" — און דא איז דער
טויטער צוגעטראטען צו אן אנאליז פון דער פערנונפט, האט צי־
טירט קאנט'ס „קריטיק פון דער ריינער פערנונפט", צווייטען טייל,
1. אבשניט 2. בוך, דריטער קאפיטעל, דעם חילוק צווישען פענאמענא
און נומענא. נאכדעם האט ער קאנסטאטירט דעם פראבלעמאטישען
גלויבען אין געשפענסטער, האט געבראכט איין סילאגיזם נאכ'ן
צווייטען און האט פארענדיגט מיט א לאגישען באווייז אז קיין גע־

שפּענסטער זענען ניט פאראן. מיר איז אונטערדעסען דערוויילט דער קאלטער שוויים געלאָפען איבער'ן רוקען, מיינע ציינער האבען גע־קלאפּט ווי קאסטאניעטען, פאר מורא האב איך צוגעשאָקעלט מיט'ן קאפּ ביי יעדען זאץ, מיט וועלכען דער טויטער דאקטאָר האט באוויזען די אבסורדיטעט פון יעדען גלויבען אין רוחות. און אין פאר א באווייז האט ער דעמאנסטרירט מיט א ברען, אז איינמאל ווען ער איז געווען פארטאָן, האט ער אנשטאט זיין גאָלדענעם זייגער ארויסגעצויגען פון קעשענקעלע א פולע האנד מיט ווערים, און בעמערקענדיג זיין טעות, האט ער מיט א מורא'דיגער שנעלקייט, זיי צוריק אריינגעלעגט אין קעשענע. „די פערנונפט איז דאס העכסטע — ״ דא האט דער גלאק געשלאָגען איינס און דער מת איז פארשוואונדען.

אויף צו מארגענס אין דער פריה בין איך אוועק פון גאסלאר. איך בין געגאנגען האלב וואו די אויגען האבען געטראגען, און האלב מיט דער אבזיכט צו געפינען דעם ברודער פון דעם קלויז־טהאלער בערג־מענש. ווידער א שען ליעב, זונטאגדיג וועטער. איך קלעטער איבער בערג און בערגלאך, באטראכט ווי די זון וויל צו־טרייבען דעם נעבעל, האב מיט הנאה געוואנדערט דורך קיהלע וועלדער, און איבער מיין טרוימענדיגען קאפּ, האבען שטיל גע־קלונגען די גלאָקען־בליהמעלאך פון גאסלאר. די בערג זענען גע־שטאנען אין זייערע ווייסע נאכט מאנטלען, די טאנענבוימער, הא־בען אראָפּגעשאָקעלט דעם שלאף פון זייערע גלידער, דער פרישער מארגענווינד האט ביי זיי געקעמט די אראפּהענגענדיגע, גרינע האר. די פייגעלעך האבען געדאווענט שחרית, די לאָנקע אין טאל האט געבליצט ווי א גאָלדענע דעק פארזעעט מיט דימענטען, און דער פאסטוך איז זיך געגאנגען איבער איהם מיט זיין קלינגענדיגער סטאדע. איך וואלט זיך געווים געווען פערבלאָנדזשעט. ווארום אלעמאל האט מען ליעב זיך צו פערנעמען מיט זייטיגע וועגען און סטעשקעס, און מען דענקט דורך דעם צו קומען נעהענטער צום ציעל. פונקט ווי אין לעבען אזוי געהט עס אונז אויך אויפ'ן הארץ. אבער עס זענען תמיד פאראנען גוטע נשמות, וואס ברייננען אונז ווידער אויף דער רעכטען וועג; זיי טוען דאס גערן און געפינען

נאָך דערייַן אַ באַזונדערען פאַרגעניגען, ווען זיי קענען אונז גיבען צו וויסען, אין וואָס'ערע אָפּגרונדען און זומפּען מיר וואָלטען גע־קענט פאַרזונקען ווערען, און וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז, וואָס מיר האָבען אין צייט אָנגעטראָפען אויף זיי, מענשען וואָס ווייסען אַזוי גוט דעם וועג. אַזאַ חברה מאַן האָב איך געטראָפען ניט ווייט פון האַרצבורג. דאָס איז געווען אַ גוט־אָנגעפּרעסענער בירגער פון גאָס־לאַר, מיט אַ גלאַנציג גוידערדיג, דומקלוגעס געזיכט; ער האָט אויסגעקוקט ווי ער וואָלט דאָס געווען ערפונדען די מגפה אויף בהמות. אַ היבשען וועג זענען מיר געגאַנגען צוזאַמען, און ער האָט מיר דערצעהלט אַלערליי געשיכטען פון שדים, וואָס וואָלטען גע־קענט קלינגען גאַנץ שען, ווען זיי וואָלטען זיך נאָר ניט אַלע געענ־דיגט מיט דעם, אַז אייגענטליך איז דאָס אין דער אמת'ען גאָר ניט געווען קיין שד, נאָר אַז די ווייסע געשטאַלט איז גאָר געווען אַ באַהאַלטענער יעגער, און אַז די יאָמערליכע קולות פון דעם ווילדען חזיר'ל און דאָס געוויש פון'ם דיל, קומען גאָר פון דער קאַץ. נאָר ווען דער מענש איז קראַנק, האָט ער צוגעגעבען, דאַכט זיך איהם, אַז ער האָט געזעהן שדים; בנוגע אָבער זיין ווינציקייט, איז ער גאָר זעלטען קראַנק, נאָר אַמאָל דאַרטען ליידט ער אויף הויט קראַנקהייטען, און דאַן היילט ער זיך מיט ניכטערען שפּייעכץ. ער האָט מיר אויך אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער צוועקמעסיג־קייט און נוצליכקייט פון דער נאַטור. די בוימער זענען גרין, ווייל גרין איז גוט פאַר די אויגען. איך האָב איהם געגעבען רעכט, און האָב נאָך צוגעגעבען, אַז גאָט האָט דערפאַר באַשאַפען רינדער, ווייל אַ זופּ פון רינדפלייש מאַכט דעם מענשען שטאַרק, דעם עזעל האָט ער באַשאַפען כדי זיי זאָלען קענען דינען פאַר אַ פאַרגלייך צום מענשען; און דעם מענש אַליין האָט ער באַשאַפען כדי ער זאָל עסען זופּ פון פלייש און ניט זיין קיין עזעל. מיין באַלייטער איז געווען ענטציקט, צו האָבען געפונען איינעם, וואָס דענקט פּונקט אַזוי ווי ער, זיין פּנים האָט געגלאַנצט נאָך מיט מעהר הנאה, און ווען מיר האָבען זיך צושיידט איז ער געווען געריהרט.

אַזוי לאַנג ווי ער איז געגאַנגען לעבען מיר, איז דער צויבער פון דער גאַנצער נאַטור געווען אָפּגעטועז. אָבער אַזוי שנעל ווי ער

איז נאָר געווען אַוועק, האָבען די בוימער ווידער אָנגעהויבען צו רעדען, און די זונען־שטראַהלען האָבען זיך צוקלונגען, און די בליה־מעלעך אויף דער לאַנקע האָבען געטאַנצט און דער הימעל האָט געהאַלזט די ערד. יאָ, איך ווייס עס בעסער: גאָט האָט דעם מענ־שען באַשאַפען כדי ער זאָל קענען באַוואונדערען די הערליכקייט פון דער וועלט. יעדער אויטאָר, מעג ער זיין נאָך ווי גרויס, וויל ער אַז זיין ווערק זאָל געלויבט ווערען. און אין דער ביבעל, גאָטס מע־מוארען, שטעהט אויסדריקליך, אַז ער האָט באַשאַפען די מענשען כדי זיי זאָלען איהם ריהמען און גרויסען.

נאָך אַ לאַנגען וואַנדערען אַהין און אַהער, בין איך אָנגעקו־מען צו דער וואוינונג וואו עס האָט געלעבט דער ברודער פון מיין קלויזטהאַלער פריינד, האָב דאָרט איבערגענעכטיגט און איבערגע־לעבט אָט דאָס שענע געדיכט:

**I.**

אויף דעם באַרג, דאָרט שטעהט אַ הייזעל
וואו דער אַלטער בערג־מענש וואוינט.
דאָרטען רוישען גרינע טאַנען
מיט לבנה שיין באַשיינט.

אין דעם הייזעל שטעהט אַ לעהנשטול
רייך געשניצט און וואונדערשען.
ווער עס זיצט אויף איהם איז גליקליך,
און אָט דער בין איך אַליין.

מיר צו פיסענס זיצט די קליינע
שפּאַרט די האַנד אַן אויף מיין שויס.
האָט זי אויגען ווי די שטערען
און אַ מויל אַ פּורפּור - רויז.

און די ליעבע, בלויע שטערען
קוקען מיך אַן אַזוי גרויס,
און זי לעגט דעם ליליען־פינגער
**שעלמיש אויף דער פּורפּור־רויז.**

ניין, עס זעהט אונז ניט די מאמע,
ווייל זי שפינט איצט אויפ׳ן ראַד,
און דער אַלטער שפּיעלט די ציטהער
און ער זינגט פון גאָט׳ס גענאַד.

און די קליינע, זי דערצעהלט מיר
שטיל אַז קוים נאַר וואָס מען הערט:
פון גאָר פיעלע, פיעלע סודות,
שטיל אז קוים נאַר וואָס מען הערט.

„אבער זינט ס׳איז טויט די מוהמע,
קענען מיר שוין מעהר ניט געהן,
צו דעם שים פּלאַץ, וואָס אין גאָסלאַר,
און דאָרט איז דאָך וואונדער־שען.

„דאַ פּאַרקעהרט איז עלענד, איינזאַם,
אויף די בערג איז קאַלט אַזוי,
אין דעם גאַנצען ווינטער איז מען
ווי פּאַרגראָבען אין דעם שנעע.

„און איך בין אַ שרעקיג מיידעל,
האָב איך מורא ווי אַ קינד,
פאַר די בייזע בערג־טייוואָלים
וועלכע וואַיען ווי דער ווינד“.

פּלוצים שרעקט אַליין זיך איבער
ס׳קליינע מיידעל פאַר די רייד,
דעקט צו מיט די הענד די אויגען
און ווערט בלייך אזוי ווי קרייד.

העכער רוישט די טאַנע דרויסען,
און דאָס שפּינראָד קנאַקט און ברומט,
אין דערצווישען קלינגט די ציטהער,
און דעם אַלטען׳ס ליעד עס זשומט:

„האב קיין מורא ניט, קליין קינד מיינס
פאר דעם בייזען טייוועלס מאכט,
טאג און נאכט מלאכים שטעהען
פאר דיר קינד מיינס, אויף דער וואכט!“

## II.

טאנענבוים מיט גרינע פינגער
קלאפט אין פענסטער אונז אריין,
און די הארבענדע לבנה
ווארפט אריין איהר געלען שיין.

טאטע־מאמע שנארכען ביידע
אין דעם צימער וואס דערביי,
דאך מירביידע פלאפלען גליקליך
און מיר פיהלען זיך גאר פריי.

„אז דו האסט צו אפט געבעטען,
גלויבען ווילט זיך מיר דאס ניט,
אט דאס צוקען פון די ליפען,
פון פיעל בעטען קומט דאס ניט.

„אט דאס בייזע, קאלטע צוקען,
דאס דערשרעקט מיך יעדעס מאל,
דאך ווערט באלד דער שרעק פארשוואונדען,
ווען כ'דערהער דיין פרומען קול.

„אויך גאר צווייפעל איך צו גלויבסטו,
וואס א גוטער גלויבען הייסט,
גלויבסט אודאי ניט אין פאטער,
ניט אין זוהן, אין הייל'גען גייסט“.

אי, מיין קינד, נאך גאר אלס איינגעל
ביי דער מאמען אין דער שוים,

האָב איך שוין געגלויבט אין פּאַטער,
דער וואָס פיהרט די וועלט גאָר גרויס.

דער וואָס האָט די וועלט באַשאַפען
און די שענע מענשען אויך,
און די זון און די לבנה,
און די שטערען אין דער הויך.

ווען איך בין געוואָרען גרעסער
האָב איך זיך דערוואוסט דערפון;
לעבען גאָט, דעם גרויסען פּאַטער,
קיניגט אויכעט דאַ זיין זוהן.

ער, דער ליעבער זוהן וואָס האָט אונז
שען די ליעבע אויסגעמאָלט
און אלס שכר האָט ער, ווי ס'פּאַסט זיך
מיט זיין לעבען דאָן באַצאָלט.

איצט ווען איך בין אויסגעוואַקסען
פיעל געלעזען און גערייזט,
פיהל איך מיט מיין גאַנצען האַרצען
און איך גלויב אין הייליגען גייסט.

ער באַווייזט די גרעסטע וואונדער
און גאָר גרעסערע ווייזט ער נאָך,
האָט צובראָכען אַלטע שלעסער
און פון קנעכט דעם שווערען יאָך.

אַלע שווערע וואונדען היילט ער
און באַנייט דאָס אַלטע רעכט.
אַלע מענשען זענען ברידער,
אָהן א האַר און אָהן א קנעכט.

ער צוטרייבט די שווערע נעבלען
און די פינסטערניש פון האריץ,
וואס האט אונז די לוסט און ליעבע
געהאלטען איינגעהילט אין שווארץ.

טויזענד ריטער גוט געפאנצערט
האט ער פאר זיך אויסגעוועהלט,
אויסצופיהרען איהם זיין רצון,
און צום קאמפף זיי אויסגעשטעלט.

בליצען אין די הענד די שווערדען,
און די פאהנען וועה'ן אין ווינד,
אי, איך וויים דו וואלסט גאר גערן
זעהן די ריטער — ניט מיין קינד?

אויב אזוי, קוק מיך אן, קינד מיינס,
קוש מיך און קוק אן מיך דרייסט.
ווייל איך בין אליין אזעלכער
ריטער פון דעם הייל'גען גייסט.

III.

שטיל באהאלט זיך די לבנה
דרויסען הינטערן טאנענבוים,
און אין צימער אונזער לעמפיל
פלאקערט מאט און צאנקט נאך קוים.

אבער מיינע בלויע שטערען
שטראהלען איצטער העלער נאך,
און ס'צוגליהט די פורפור רויז זיך,
און דאס מיידעל זאגט דערנאך:

„קליינע מענשעלעך ווי שערטלעך,
גנב'ענען דאס ברויט אונז דא,

פארנאכט ליגט עס נאך אין קאסטען
אין דער פריה איז׳ס שוין ניטא.

קלײנע שרעטלעך, און זײ נאשען
פון די מילך די שמאנט אראפ,
לאזען נאך די שיסעל אפען
לעקט די קאץ דאס לעצטע אפ.

און די קאץ איז א מכשפה,
װײל זי קריכט בײ נאכט אין שטורם
דארט צום בארג װאו ס׳װאױנען שדים
אין דעם אײנגעפאל׳נעם טורם.

ס׳איז אמאל א שלאס געװען דארט,
פול מיט שענקײט און מיט גלאנץ,
בלאנקע ריטער, פרױען, דיענער
פלעגען דארטען גײען א טאנץ.

האט פערשאלטען א מכשפה,
יענע לײט און יענעם ארט,
זענען טורעמס בלױז פארבליבען,
און די סאװעס װאױנען דארט.

דאך פלעגט אונז די מוהמע זאגען:
זאל װערען זאגען ס׳רעכטע װארט,
בײ דער נאכט, װען ס׳װעט די צײט זײן
דארטען אױף דעם רעכטען ארט.

װעלען זיך דאן באלד פארװאנדלען
אלע חורבות אין א שלאס.
און עס װעלען װידער טאנצען
ריטער, פרױען אהן א מאס.

און ווער ס׳האט דאס ווארט געטראפען,
איהם געהערען שלאס און לייט,
און מיט פויקען און טרומייטען
פייערט מען זיין הערליכקייט״.

אט אזוינע כשוף־בילדער
בליהען פון דעם מויל ארויס,
און די בלויע אויגען גיסען
זייער בלויען שיין ארויס.

און די קליינע לאזט פאר׳נאנדער
איהרע האר מיר אויף די הענד,
רופט די פינגער אז מיט נעמען
לאכט און קושט און שווייגט צום ענד.

אלצדינג אין דעם שטילען צימער
קוקט מיך אז אזוי בעקאנט,
טיש און שאפע, דאכט מיר זאגען:
ביזט פון לאנג שוין אונז בעקאנט.

פריינדליך ערענסט רעדט דער זייגער,
און די ציטער קוים מען הערט,
הויבט אליין פון זיך אן שפיעלען,
איך בלייב זיצען ווי פארקלערט.

איצטער איז די רעכטע שטונדע,
און דאס איז דער רעכטער ארט,
וועסט מיין קינד נשתומם ווערען,
וועסט באלד הערען ס׳רעכטע ווארט.

רעד איך אויס דאס ווארט, ווערט ליכטיג,
און עס ציטערט אויף די נאכט,

טײך און טאנען רױשען העכער,
און דער אלטער בארג ערװאכט.

ציטער־קלאנג און קארליק ליעדער,
הערען פון דעם בארג זיך באלד,
און עס שפּראצט װי אין א פריהלינג
דא ארױס א בלומען־װאלד.

בלומען, הארציג שענע בלומען,
בלעטער, ברײט און פאבעלהאפט,
שמעקענדיג און שנעל באװעגטע,
װי געדרעגגט פון לײדענשאפט.

רױזען װי די רױטע פלאמען
שפּראצען פון דעם אלץ ארױס.
ליליען װי קריסטאל'נע זײלען
װאקסען ביז צום הימעל אױס.

און די שטערען גרױס װי זונען
קוקען װי פארבענקט אראפּ,
און די שטראהלען זײ'רע שפּיגלען
אין די ליליען־בעכערס אפּ.

דאך מיר בײדע, אי, זיס קינד מײנס,
מיר פארװאנדלען אונז נאך מעהר.
פאקעל־גלאנץ אין גאלד און זײדענס,
שימערט לעבען אונז אהער.

דו, דו װערסט מיר א פּרינצעסין,
און דאס הײזעל װערט א שלאס,
און עס טאנצען װידער לוסטיג
ריטער, פרױען אהן א מאס.

אבער איך, איך האב באקומען<br>
דיך און אלצדינג, שלאס און לייט.<br>
און מיט פויקען און טרומייטען<br>
פייערט מען מיין הערליכקייט.

---

די זון איז אויפגעגאנגען. די נעבלען זענען זיך צופלויגען, ווי די געשפענסטער ביים דריטען קרעה פון די העהנער. איך האב ווידער געקלעטערט בארג ארויף און בארג אראפ און פאר מיר האט געשוועבט די שענע זון, בעלייכטענדיג, וואס אמאל אלץ נייע שענקייטען. דער גייסט פון די בערג האט גאנץ אפען ארויסגעוויזען זיין גוטסקייט צו מיר; ער האט גוט געוואוסט, אז אזא דיכטער מענש ווי איך, קען איבערדערצעהלען פיעל שעהנע זאכען. אין דעם דאזיגען פריהמארגען האט ער מיך געלאזט זעהן זיין „הארץ", ווי עס האט איהם געווים ניט יעדער געזעהן. אבער דער הארץ האט אויך מיך געזעהן, ווי נאר גאר ווינציגע האבען מיך ווען עס איז געזעהן. אין מיינע אויגען ווימפערן האבען געבלישטשעט אזוי פיעל טייערע פעריל ווי אין די גרעזער פון טאל. א פריהמארגענדיגע טוי פון ליעבע האט פייכט געמאכט מיינע באקען. די רוישענדיגע טאנען האבען מיך פערשטאנען, זיי האבען פונאנדערגעלאזט זייערע צווייגען און זיי באוועגט ארויף און אראפ, אזוי ווי שטומע מענשען, וואס ווילען ארויסווייזען זייער פרייד מיט די הענד. און אין דער ווייט האט עס געקלונגען וואונדערליך און סודות'דיג ווי דער גלאקען־קלאנג פון א פארלוירענער קירך אין מיטען וואלד. מען זאגט, אז דאס זענען די גלאקען פון די סטאדעס, וואס פיהלען זיך אזוי ליעבליך קלאר און היימליך געשטימט דא אויפ'ן הארץ.

די זון האט אנגעוויזען אויף האלבען טאג, ווען איך האב זיך אנגעשטויסען אויף איינער פון אט די סטאדעס. און דער פאסטוך, א פריינדליך בלאנדער, יונגער מענש האט מיר געזאגט אז דער גרויסער בארג אויף וועמענס פוס איך בין געשטאנען, איז דאס דער אלטער, וועלט־בארימטער בראקען. ארום און ארום אויף שטונדען ווייט ליגט ניט קיין הויז. און איך האב זיך געפרעהט,

ווען דער יונגער מענש האט מיך פארבעטען מיט איהם מיטצו־עסען, מיר האבען זיך אנידערגעזעצט צו Dejeuner dinatoir וואס איז באשטאנען פון קעז מיט ברויט; די שעפעלעך האבען אויפגעכאפט די ברעקלעך, און די ליעבע, בלאנקע קיה, זענען ארום אונז ארומגעשפרונגען, און האבען שעלמיש געקלונגען מיט זייערע גלעקלעך און האבען געלאכט צו אונז מיט זייערע גרויסע, הנאה'דיגע אויגען. מיר האבען געהאט א קעניגליכען טיש. איבער־הויפט האט מיר דער פאסטוך אויסגעוויזען ווי אן אמת'ער קעניג. און ווייל ביז איצט איז ער דער איין איינציגער קעניג, וואס האט מיר געגעבען ברויט, דערפאר וויל איך איהם אויך קעניגליך באַ־זינגען.

קעניג איז דער יונגער פאסטוך
און די זון, זי איז זיין קרוין,
און זיין טראָן, דאס איז א בערגיל
איינגעהיעלט אין גרינעם שיין.

איהם צו פיסענס ליגען לעמער,
וויכע שמייכלערס זענען זיי.
קעלבער זענען קאוואלירען
און זיי וואנדלען שטאָלץ פארביי.

בעק, דאס זענען הויף־אקטיארען,
דארף מען הויף־מוזיק דערצו —
טרילערט אויף זיין קול דער פויגעל,
מיט איהר האלז־גלאָק קלינגט די קוה.

און דאס קלינגט און זינגט גאר ליעבליך
און גאר ליעבליך רוישען אויך,
טאנענבוימער, וואסער פאלען
וואס זיך ווארפען פון דער הויך.

שלאפט דער קעניג, מוז רעגירען
דער מיניסטער, יענער הונד,

וועמענס בייזער, שארפער בילען
הילכט אפ ביז׳ן טיפסטען גרונד.

קלאגט זיך פונ׳ם שלאף דער קעניג:
„צו רעגירען איז מיר שווער.
אך, ווי בין איך אין דער היים שוין,
וואו עס ציהט מיך אזוי זעהר.

אין די ארעמס פון מיין קעניגין
רוהט מיין קאפ אוים אזוי ווייך,
און אין איהרע ליעבע אויגען
ליגט מיין גרויסעס קעניגרייך.

מיר האבען זיך פריינדליך צוזעגענט, און א פרעהליכער בין איך ארויף אויפ׳ן בארג. באלד האט מיך אויפגענומען א וואלד מיט הימעל־הויכע טאנען, פאר וועלכע איך האב בכלל גרויס רעספעקט. אט די בוימער איז דאס וואקסען ניט אנגעקומען אזוי לייכט, און אין דער יוגענד האבען זיי געהאט צו זינגען און צו זאגען. דער בארג איז דא פארזעעט מיט פיעל גרויסע גראניט שטיינער, און די מייסטע בוימער האבען געמוזט מיט זייערע װאורצלען די דאזיגע שטיינער ארומנעהמען אדער זיי צושפאלטען, און מיט גרויס מיה געפונען פאר זיך א באדען, פון וואנען זיי זאלען קענען שעפען זייער נאהרונג. דא און דארט ליגען די שטיינער, איי־נער איבער דעם אנדערן און שטעלען מיט זיך פאר א טויער. און דארויף איבער דעם טויער שטעהען די בוימער, די נאקעטע װארצ־לען ציהען זיך איבער דעם שטיינערנעם טויער, און ערשט אונטען ביי זייער צופוסענס באפען זיי זיך אן אן דער ערד, אזוי, אז ס׳דאכט, זיי וואקסען אין דער לופט. און דאך האבען זיי זיך ארויפגעהויבען צו אזא געוואלטיגער הויך, און ווי צונויפגעוואקסען מיט די ארומגעקלאמערטע שטיינער, שטעהען זיי פעסטער ווי זייע־רע באקוועמע חברים, אין דעם פרייען וואלד אויף דעם פלאכען

לאנד. אזוי פעסט שטעהען אויך אין לעבען יענע גרויסע מענער, וואס האבען דורך דעם איבערווינדען פון שטערענישען און הינדער־נישען זיך ערשט אמת'דיג געשטארקט און באפעסטיגט.

אויף די צווייגען פון די טאנען האבען ארומגעקלעטערט די וועווערקעס, און אונטער זיי האבען ארומשפאציערט די געלע הער־שען. יעדעס מאל ווען איך זעה אט די ליעבע עדעלע חיה, קען איך ניט בעגרייפען, ווי אזוי עס געפינען זיך מענשען, וואס האבען הנאה דערפון, וואס זיי יאגען און טויטען זי. אט די חיה איז גע־ווען בארמהערציגער ווי די מענשען און האט געזייגט דעם שמאכ־טענדיגען זוהן פון דער הייליגער זשענעוועפא.

גאר ליעב האבען די גאלדענע זונען־שטראהלען זיך דורכגעריסען דורך דעם געדיכטען גריננס פון די טאנען. די ווארצלען פון די בוימער האבען פון זיך אליין געמאכט א נאטירליכע טרעפ. אומע־טום ווייכע מאך־בענק; ווארים די שטיינער זענען הויך באוואק־סען מיט די שעהנסטע מינים מאך, ווי מיט העלגרינע סאמעט קי־שענס. א ליעבע קיהלקייט און א פאר'חלום'טער געמורמעל פון קוואלען. דא און דארט זעהט מען ווי דאס וואסער רינט ארויס זילבעריג העל פון אונטער די שטיינער, און שפיעלט ארום די נא־קעטע ווארצלען און אדערען פון די בוימער. ווען מען בויגט זיך איבער זיי אריבער, פארנעהמט מען גלייכצייטיג, אי די געשיכטע ווי אזוי די פלאנצען זענען געווארען, אי דאס הארץ קלאפען פון דעם בארג. אין אנדערע ערטער שפרודעלט דאס וואסער שטאר־קער ארויס פון די שטיינער און ווארצלען און עס מאכען זיך קאסקאדען. דא איז גוט צו זיצען. דא מורמעלט און רוישט וואונ־דערבאר. די פייגעל זינגען אפגעהאקטע, פארבענקטע געזאנגען. די בוימער דערצעהלען זיך סודות ווי מיט טויזענדער מיידעלשע צונגען; ווי מיט טויזענד מיידעלשע אויגען קוקען אונז אן די אויסערגע־וועהנליכע בערג־בלומען, זיי שטרעקען אויס צו אונז זייערע וואונ־דערליך ברייטע, געדרעהט און געצוקעלטע בלעטער, שפיעלענדיג שימערירען די לוסטיגע זונענשטראהלען אהין און אהער. די גרינע קרייטיכער דערצעהלען זיך גרינע מעשה'לעך. אלץ איז ווי פער־כשופ'ט. עס ווערט וואס אמאל אלץ היימליכער און היימליכער. אז

אלטער חלום ווערט לעבעדיג. ס'בעווייזט זיך די געליעבטע, — אי, וואס זי פערשווינדט אבער אזוי שנעל צוריק!

וואס העכער מען קלעטערט ארויף אויפ'ן בארג, אלץ קורצער און קארליק־עהנליכער ווערען די טאנען. עס זעהט אויס ווי זיי וואלטען וואס אמאל אלץ מעהר און מעהר ווערען איינגעשרומפען, ביז עס בלייבט ניט מעהר ווי די בוימעלעך פון שווארצע און רויטע יאגדעס און די בערג־קרייטיכער. דא דערפיהלט מען שוין אויך ווי עס ווערט קעלטער. די וואונדערליכע גרופען פון די גראניטשטיינער קריגט מען ערשט דא צו זעהן אויף צו אמת'ן; אט די דא אויבען זענען אפט פון אן אויסטערלישער גרויס. דאס מוזען אודאי זיין די שפיעלבאלען, וואס די בייזע טייוואלים ווארפען איינער צום צווייטען אין דער וואלפורגעס נאכט, ווען די מכשפות קומען דא אהער צו רייטען אויף בעזימער און מיסטגאפלען, און עס הויבט זיך אן די פערשאלטענע הוליאנקע, לויט עס דערצעהלט די גלויביגע אם, און ווי מען קען דאס זעהן אויף די היבשע פאוסט־בילדער פון דעם מייסטער ר ע ט ש. יא, א יונגער דיכטער, וואס האט אויף זיין רייזע פון בערלין קיין געטינגען פארביי געריטען פארביי דעם בראקען, אין דער ערשטער מאי נאכט, האט אפילו באמערקט ווי עטליכע בעלעטריסטישע דאמען, האבען זיך געהאט פערזאמעלט אויף א ווינקעל פון בארג צו אן עסטעטישער טע געזעלשאפט, האבען זיך געמיטליך געלייענט די „אבענד־צייטונג“, האבען געלויבט זייערע קליינע פאעטישע ציגענבעק, וואס האבען מעקענדיג ארום געשפרונגען ארום דעם טעעטיש, און זיי פערלויבט אלס וועלטזשעניען. און איבער אלע ערשיינונגען אין דער דייטשער ליטעראטור, האבען זיי געלאזט הערען דעם לעצטען אורטייל. דאך ווען זיי זענען געקומען צו רעדען וועגען „אלמאנזאר“ און „ראטקליף“ און האבען דעם פארפאסער אפגעזאגט יעדע פרומקייט און קריסטליכקייט האבען זיך ביים יונגען מאן די האר געשטעלט קאפויר. א פחד איז איהם באפאלען. — איך האב דערלאנגט דעם פערד מיט די שפארען און האב געיאגט ווייטער.

אין דער אמת'ן, ווען מען דערגרייכט די אויבערשטע העלפט פונ'ם בראקען, מוז מען ווילענדיג, ניט ווילענדיג טראכטען וועגען

די פאַרשיעדענע שטיינערנע באַרג געשיכטען, און גאַר באַזונדער וועגען דער גרויסער מיסטישער דייטשער נאַציאָנאַל־טראַגעדיע פונ׳ם דאָקטאָר פאוסט. מיר איז כסדר געווען, ווי איך וואָלט הערען לעבען מיר פערד־פים קלעטערען און עמיצען הומאָריסטיש כאַפּען דעם אָטעם. און איך גלויב, אַז אויך מעפיסטאָ מוז כאַפּען אָטעם מיט שווערער מיה, ווען ער קלעטערט אַרויף אויף זיין ליבלינגס־באַרג; דאָס איז אַן אויסטערליש שווערער און מיעד־מאַכענדיגער וועג, און איך האָב זיך זעהר דערפרעהט ווען איך האָב סוף כל סוף דערזעהן דאָס לאַנג ערוואַרטעטע בראָקענהויז.

אָט דאָס הויז, וואָס איז אַזוי גוט בעקאַנט, דורך די פאַרשי־דענערליי אָפּבילדונגען, אלס אַן איינשטאָקיגע געביידע, געפינט זיך אויפ׳ן שפּיץ פון באַרג. אויפגעבויט האָט עס דער גראַף שטאָל־בערג־ווערניגראָדע אין יאָהר 1800. און אויף זיין רעכנונג ווערט עס אויך פאַרוואַלטעט אלס אַן אכסניא. די מויערען זענען אונגעהייער דיק, צוליעב דעם ווינד און דער קעלט וואָס הערשט דאָ אין ווינ־טער; דער דאַך איז אַ נידעריגער, און אין דער מיט פון דאַך גע־פינט זיך אַ מין װעכטער טורעם. לעבען דעם הויז ליגען נאָך צוויי קליינע זייטיגע געביידען, וואָס איינע פון זיי פלעגט אין די פרי־הערדיגע צייטען דיענען פאַר אַן אבדאַך, פאַר די באַזוכער פון בראָקען.

דער אריינקומען אין בראָקענהויז, האָט אין מיר דערוועקט עפּיס אַ נים געוועהנליכע, מערכענהאַפטע עמפּפינדונג. נאָך אַ לאַנ־גען איינזאַמען אַרומקלעטערן דורך טאַנען און פעלזען געפינט מען זיך פּלוצים אין אַ וואָלקענהויז; שטעדט, בערג און וועלדער זענען געבליעבען ליעגען אונטען, און אויבען געפינט מען אַ וואונדערליך צונויפגעמישטע פרעמדע געזעלשאַפט, פון וועלכע מען ווערט אויפ־גענומען, כמעט ווי אַן ערוואַרטעטער חבר, האַלב נייגיעריג און האַלב גלייכגילטיג. אַ זאַך וואָס איז אַזוי נאַטירליך אין אַזעלכענע ער־טער. איך האָב דאָס הויז געפונען פול מיט געסט. און ווי עס פּאַסט פאַר אַ קלוגען מאַן, האָב איך באַלד געטראַכט וועגען דער נאַכט, און וועגען דער אונבעקוועמליכקייט פון אַ געלעגער אויף שטרוי; מיט אַ שוואַך קול האָב איך געבעטען טעע, און דער בעל אַכסניא

האט געהאט שכל נענוג אייגצוזעהען, אז איך קראנקער מענש, וועל מוזען האבען א לייטיש בעט אויף איבערצונעכטיגען. ער האט דאס מיר פארשאפט אין אן ענגען חדר, וואו עס האט זיך שוין געהאט באזעצט א יונגער סוחר, א לאנגער ברעך־פראשעק אין א ברוינעם מאנטעל.

אין דער שענקשטוב האב איך געפונען לויטער לעבען און באוועגונג. סטודענטען פון פארשיעדענע אוניווערזיטעטען. א טייל זענען נאר וואס געהאט אנגעקומען און האבען זיך איצט אונטער־געלעהנט די הערצער, אנדערע האבען זיך געגרייט אין וועג אריין, האבען פערשנירט די ראנצען, איינגעשריבען זייערע נעמען אין ספר הזכרונות, און באקומען פונ'ם הויז־מיידעל בוקעטען פון די בלומען וואס וואקסען אויפ'ן בראקען: דא קנייפט מען אין די באַ־קען, מען זינגט, מען שפרינגט, מען שרייט הויך אויפ'ן קול, מען פרעגט, מען ענטפערט, שעהן וועטער, פוסוועג, פראסיט, אדיע, עט־ליכע פון די וואס געהען אוועק זענען אויך אביסעל שכור'לעך און אט זיי ווערען פון די שענע אויסזיכטען האבען א טאפעלטער הנאה, ווארום א שכור זעהט אלץ טאפעלט.

נאכדעם ווי איך האב זיך געהאט גאנץ פיין אונטערגעלעהנט דאס הארץ, בין איך ארויף אויף דעם וועכטער־טורעם, און האב דארט געפונען א קליינעם הער מיט צוויי דאמען. איינע א יונגע און די צווייטע אן עלטערע. די יונגע דאמע איז געווען זעהר שעהן. א הערליכע געשטאלט, אויף דעם לאקיגען קאפ א העלם־עהנליכער, שווארצער אטלאס־הוט, מיט וועמענס ווייסע פעדערען עס האבען זיך געשפיעלט די ווינטען. די שלאנקע גליעדער אזוי פעסט ארומ־גענומען מיט א שווארצזיידענעם מאנטעל, אז עס טרעטען ארויס אלע עדעלע פארמען. און דאס פרייע, גרויסע אויג קוקט רוהיג ארונטער אין דער פרייער, גרויסער וועלט אריין.

ווען איך בין נאך געווען א אינגעל, האב איך ניט געטראכט פון קיין אנדערע זאך, נאר פון די כשוף־ און וואונדער מעשיות, און יעדע שענע דאמע, וואס פלעגט טראגען אויפ'ן קאפ שטרויס־פעדערען, פלעג איך האלטען פאר די עלפען־קעניגין. און האב איך נאר באמערקט אז די שלעפ פון איהר קלייד איז געווען נאס, פלעגט

זי בײַ מיר ווערן א וואסער־פּעע. איצטער, ווען איך ווײס שוין פון די נאַטור־געשיכטע, אז אַט יענע סימבאָלישע פערדערן קומען פון די נארישסטע פײגעל, און אז די שלעפּ פון א דאמענקלײד קען אויף א נאַטירליכען אופן ווערן נאַס, דענק איך שוין אנדערש. וואָלט איך די דערמאַנטע שענקײט, געזעהן מיט מײנע אינגעלשע אויגען אויף דעם דערמאַהנטען פּלאַץ אויפ'ן בראָקען, דאַן וואָלט איך זיך געטראַכט: דאָס איז די פּעע פונ'ם בארג. און זי האָט נאָר וואָס ארויסגערעדט יענעם צויבערשפּרוך, דורך וועלכען אַלצדינג ערשײנט דאָרט אונטען אזוי וואונדערבאַר. יאָ, אויסערגעווענליך וואונדערבאַר, זעהט אויס אַלץ בײ דעם ערשטען אַראָפּקוקען פון בראָקען. אַלע זײטען פון אונזער גײסט נעמען אויף נײע אײנדריקע, און זײ, מײסטענס פארשיעדענאַרטיג, אפילו זיך ווידערשפּרעכענדיג, פאַרבינדען זיך אין אונזער נשמה צו אײן גרויסען, נאָך ניט דערגרונטעוועטען, ניט פערשטאַנענעם געפיהל. געלינגט עס אונז אָט דעם געפיהל אויפצופאסען אין זײן באַגריף, אזוי דערקענען מיר דעם כאראקטער פון דעם בארג. אָט דער כאראקטער איז אין גאנצען א דײטשער, אזוי, מיט זײנע חסרונות ווי מיט זײנע מעלות. דער בראָקען איז א דײטשער בארג. מיט דער דײטשער גרינדליכקײט ווײזט ער אונז קלאָר און דײטליך, ווי א ריזיגע פּאַנאָראַמאַ, די פיעל הונדערטע שטעדט, שטעטלעך און דערפער, וואָס ליגען צום מײסטענס אויף דער צפון זײט און ארום און אַרום אָט די אַלע בערג, וועלדער, טײכען און פלאכען אונענדליך ווײט. אבער טאַקע דורך דעם זעהט אַלץ אויס ווי א שארפגעצײכענטע, רײן אילומינירטע ספּעציאַלקאַרטע. דאָס אויג ווערט אײגענטליך אין ערגיץ ניט דערפרעהט דורך אײגענטימליכע שענע לאַנדשאַפטען, ווי עס געשעהט אײגענטליך תמיד מיט אונז דײטשע קאָמפּילאַטאָרען, וואָס צוליעב דער עהרליכער גענויאיגקײט, מיט וועלכער מיר ווילען אַלעס און אַלצדינג דערלאַנגען, קענען מיר קײנמאָל ניט דענקען, צו ווײזען דאָס אײנצעלנע אויף זײן שענעם אופן. אויך דער בארג האָט אין זיך אזא עפּיס דײטש־רוהיגעס, פערשטענדיגעס, טאָלעראַנטעס; טאַקי דערפאַר ווײל ער קען די זאַכען אזוי ווײט און אזוי קלאָר אריבער־

קוקען. און ווען אזא בארג עפענט אויף זיינע ריעזיגע אויגען, זעהט ער אודאי אביסעל מעהר ווי מיר קארליקעס, וואס מיר קלע־טערען אויף איהם ארום מיט אונזערע פארשטעלטע אויגעלעך. א סך ווילען אפילו האבען אז דער בראקען איז זעהר פיליסטע־ריש. און קלוידיוס האט געזונגען: „דער בלאקס בארג איז דער לאנגער הער פיליסטער!" דאס איז אבער א טעות. דורך זיין ליסע קאפ, וואס ער דעקט טיילמאל צו מיט א ווייסער נעבעל יארמולקע, קריגט ער אפילו יא דאס אויסזעהן פון א פיליסטער; אבער ווי ביי עטליכע אנדערע גרויסע דייטשען, געשעהט דאס אויס רייגער אי־ראניע. עס איז זאגאר ווייט און ברייט באקאנט, אז דער בראקען האט זיך אויך זיינע וואוילאינגערישע, פאנטאסטישע צייטען, ווי למשל די ערשטע מאי נאכט. דאמאלט ווארפט ער זיין נעבעל יאר־מולקע, יובעלדיג אין דער הויך, און ווערט ראמאנטיש פארריקט, טאקע אזוי גוט ווי מיר אנדערע, אויף אן אמת דייטשען שטייגער.

די שענע דאמע האב איך גלייך געזוכט צו פארפלעכטען אין א שמועס: ווארים נאטור שעהנקייט געניסט מען ערשט יעמאלט, ווען מען קען זיך איבער זיי אויסרעדען גלייך אויפ'ן ארט. זי איז ניט געווען גייסטרייך. אבער אויפמערקזאם פארשטענדיג. אמת פאר־נעהמע פארמען. איך מיין ניט די געוועהנליכע, שטייפע פארנעמ־קייט, וועלכע וויים געגוי וואס מען דארף אויסענלאזען; נאר יענע זעלטענערע, פרייע, פאזיטיווע פארנעהמקייט, וועלכע זאגט אונז געגוי וואס מיר דארפען טוען, און וועלכע גיט אונז טראץ דער גיט נאהענטקייט, די העכסטע חבר'ישע זיכערקייט. צו מיין אייגע־נער פארוואונדערונג האב איך ארויסגעוויזען א סך קענטענישען אין געאגראפיע, האב פאר דער נייגעריגער שעהנע, אנגערופען מיט נעמען, אלע שטעדט וואס זענען געלעגען פאר אונז, און האב איהר אויך די זעלביגע שטעדט געוויזען אויף מיין לאנדקארט, וואס איך האב אויסגעשפרייט אויף דעם שטיינערנעם טיש, וועלכער איז גע־שטאנען אין מיטען דער טורעם פלאך, מיט א מינע פון אן אמת'ן דאצענט. עטליכע שטעדט האב איך ניט געקענט געפינען. אפשר דערפאר, ווייל איך האב מעהר געזוכט מיט א פינגער ווי מיט די אויגען, וועלכע האבען זיך פאר דער צייט אריענטירט אויפ'ן גע־

זיכט פון דער ליעבענסווירדיגער דאמע, און האבען דארט געפונען שענערע זאכען ווי „שיערקע“ און „עלענד“. אט דאס געזיכט האט געהערט צו יענע וואס רייצען קיינמאל ניט, ענטציקען זעלטען און געפעלען שטענדיג. איך האב ליעב אזעלכע געזיכטער. ווייל זיי ברענגען מיין שלים באוועגענדיג הארץ, מיט א שמייכעל צו רוה. די דאמע איז נאך ניט געווען פערהייראט, כאטש זי איז שוין געווען אין יענער פולער בליהונג, אז זי איז שוין לאנג ראוי געווען צו האבען חתונה געהאט. אבער דאס איז כמעט א טעגליכע ערשיינונג, אז דוקא די שענסטע מיידלעך, קומט עס אן אזוי שווער צו קריגען א מאן. דאס איז שוין געווען אזוי נאך גאר פארצייטען. און ווי עס איז גוט בעקאנט, זענען אלע דריי גראציען געבליבען פארזעסענע.

אין וואס פאר א פארהעלטניס דער קליינער הער, וואס האט די דאמען באלייט, איז געשטאנען צו זיי, דאס האב איך ניט געקענט דערגעהן. דאס איז געווען א דינע, מערקווירדיגע פיגור. א קעפעלע, קוים באדעקט מיט גרויע הערעלעך, וואס האבען איבער דעם קורצען שטערען דערגרייכט די גרינליכע קאמישע אויגעלעך, די קיילעכדיגע נאז האט זיך היבש ארויסגעזעהן, און פארקעהרט דאס מויל און דער קין האבען זיך שרעקענדיג צוריקגעצויגען צו די אויערען. אט דאס פנים׳ל האט אויסגעזעהן, ווי עס וואלט געווען געמאכט פון א צארטען, געלען ליים, פון וועלכען די סקולפטורען קנעטען אויס זייערע ערשטע מאדעלען. און ווען די שמאלע ליפען האבען זיך צוזאמענגעצויגען, האבען זיך איבער די באקען געצויגען עטליכע טויזענד האלב־רעדעלדיגע, דינע פאלבעלעך. דער קליינער מאן האט קיין ווארט ניט גערעדט. נאר ווען ניט ווען, אז די עלטערע דאמע האט צו איהם געשעפטשעט עפיס א פריינדליך ווארט, האט ער געשמייכעלט ווי א מאפס, וואס האט דעם קאטער.

די עלטערע דאמע איז געווען די מאמע פון דער אינגערער. און אויך זי האט פארמאגט פארנעהמע פארמען. פון איהר אויג האט ארויסגעקוקט א קראנקהאפט שווערמערישער טיפזין. ארום איהר מויל איז געלעגען די שטרענגסטע פרומקייט. דאך האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז אמאל האט עס געמוזט זיין זעהר שעהן. האט פיעל

געלאכט, באקומען א סך קושען און א סך געגעבען. איהר פנים איז געווען גלייך צו א קאדעקס פאלימפזעסטוס, וואו אונטער דער ניי־שווארצער מאנאכענשריפט, פון א טעקסט געשריבען פון די קירכענפאטערס, הארכען ארויס די האלב אויסגעלאשענע פערזען פון א פארצייטיג־גריכישען ליעבעס־דיכטער. ביידע דאמען זענען מיט זייער באלייטער היי־יאהר געווען אין איטאליען, און זיי האַ־בען מיר דערצעהלט אלערליי שעהנע זאכען פון רוים, פלארענץ און ווענעדיג. די מוטער האט מיר א סך דערצעהלט פון די ראפאעל׳לשע בילדער אין דער פעטערס־קירך; די טאכטער האט מעהר גערעדט פון דער אפער אינ׳ם טעאטער פעניצע. ביידע זענען געווען ענט־ציקט פון דער קונסט פון די אימפראוויזאטארען. די געבורטס־שטאדט פון די דאמען איז געווען נירנבערג; דאך האבען זיי כמעט גאר ניט געוואוסט צו דערצעהלען פון איהרע פארצייטיגע הערליכ־קייטען. די הערליכע קונסט פון דעם מייסטער־געזאנג, וועמענס לעצטע קלאנגען וואגענזייל האט נאך באהאלטען פאר אונז, איז אויסגעלאשען. און די טעכטער פון נירנבערג קריגען התפעלות פון איטאליענישע אומגעלומפערטע אימפראוויזאציעס און קאפהאנ־געזאנג. אוי, הייליגער סעבאלדוס, וואס פאר א ארימער באשיצער דו ביזט איצטער!

ווי מיר זענען אזוי געשטאנען און גערעדט, האט אנגעהויבען צו ווערען טונקעלער און דער טורעם איז געווארען אנגעפילט מיט סטודענטען, יונגע בעל מלאכות און בכבוד׳ע באלעבאטים מיט זייערע ווייבער און טעכטער. אט די אלע האבען געוואלט זעהן דעם זונענאונטערגאנג. דאס איז אן ערהאבענער אנבליק, וואס שטימט אן די נשמה ווי צו א תפלה. זיכער א פערטעל שעה זענען אלע גע־שטאנען ערענסט שווייגענדיג און האבען צוגעקוקט ווי דער שעהנער פייערדיגער באל האט געזונקען וואס אמאל טיעפער אין מערב; די פנים׳ער זענען געווארען באשטראהלט פון דעם אבענד רויט. די הענד האבען זיך, ניט ווילענדיג צוזאמענגעלעגט; עס איז געווען ווי מיר, א שטילע עדה וואלטען געשטאנען אינ׳ם שיף פון א ריזי־גען דאם. דער גלח הויבט איצט אויף דעם לייב פון דעם האר, און פון דעם ארגעל אראפ גיסט זיך פאלעסטרינא׳ס אייביגער כאראל.

ווי איך בין אזוי געשטאנען פארזונקען אין א שטילער כונה, האב איך געהערט ווי עמיצער לעבען מיר האט אויסגערופען: „די נאטור איז דאך אזוי שעהן!“ אט די ווערטער זענען געקומען פון דער געפיהלפולער ברוסט פון דעם יונגען קויפמאן, דער שכן פון מיין צימער. איך בין דורך דעם צוריקגעקומען צו מיין געוועהנליכער וואכענדיגער שטימונג. בין איצט געווען אימשטאנד צו דערצעהלען פאר די דאמען פיעל שעהנע זאכען וועגען דער זון, און רוהיג, ווי קיין זאך וואלט ניט געשעהן, זיי באלייטען אין זייער צימער אריין. זיי האבען מיר אויך ערלויבט מיט זיי צו פארברענגען נאך א שעה. פונקט ווי די זון אליין האט זיך אויך אונזער גערייד געדרעהט ארום דער זון. די מוטער האט זיך אויסגעדריקט, אז די זון אין נעבעל פארגעהענדיגע זון האט אויסגעקוקט ווי א רויט גליהענדיגע רויז, וועלכע דער גאלאנטער הימעל האט ארונטערגעווארפען אין דעם ווייס אויסגעשפרייטען, ווייסען כלה־שלייער פון זיין געליעבטער ערד. די טאכטער האט געשמייכעלט און געזאגט איהר מיינונג, אז דאס אפטערע זיך צוקוקען צו אזעלכענע נאטורערשיינונגען שוואכט אפ איהר איינדרוק. די מוטער האט אויסגעבעסערט אט די פאלשע מיינונג דורך א שטעלע פון געטהע׳ס רייזע בריעף און האט מיך געפרעגט צי איך האב געלייענט „ווערטהער“. איך גלויב, מיר האבען אויך גערעדט פון אנגארישע קעז, עטרוסקישע בלומענטרעפ, טערקישע שאלען, מאקאראני און לארד בייראן, פון וועמענס געדיכטע די עלטערע דאמע האט גאנץ פיין שעפטשענדיג און זיפצענדיג רעציטירט עטליכע שטעלען פון זונענאונטערגאנגען. דער יונגער דאמע, וואס האט קיין ענגליש ניט פארשטאנען און האט זיך דאך געוואלט באקענען מיט יענע געדיכטען, האב איך געראטען צו לייענען די איבערזעצונגען פון מיין שעהנער, גייסטרייכער לאנדספרוי, די באראנין עליזע פאן האהענהאוזען. אגב אורחא האב איך אויך ניט פערפעהלט, ווי איך פלעג דאס אלע מאל טוען רעדענדיג מיט דאמען, צו ריידען וועגען בייראן׳ס גאטלאזיגקייט, ליעבלאזיגקייט, טרייסטלאזיגקייט און דער הימעל ווייס וואס נאך מעהר.

נאך די ראזינע שמועסען בין איך נאך געגאנגען שפאציערען

אויפ'ן בראקען; ווארום אין גאנצען פינסטער ווערט דארט קיינ־מאל ניט. דער נעבעל איז ניט געווען שטארק און איך האב באַ־טראכט די אומריסען פון דיביידע בערגלעך, וואס מען רופט דער „מזבח פון מכשפות“, און דער „עמוד פון טייוואלים“. איך האב אויסגעשאסען פון מיינע פיסטוילען, דאך האט זיך ניט געהערט קיין ווידערקול. פלוצים אבער האב איך געהערט באקאנטע קולות, און האב דערפיהלט ווי מען נעמט מיך ארום און מען קושט מיך. דאס זענען געווען מיינע לאנדסלייט, וואס האבען פארלאזט געטינ־גען פיער טעג שפעטער. זיי זענען געווען אמת'דיג ערשטוינט, מיך אליין צו טרעפען אויף דעם בלאקס בארג. דא האט זיך אנגעהויבען א דערצעהלען, פארוואונדערען און אפרעדען, א לאכען, דערמאנען זיך, און אין גייסט זענען מיר ווידער געווען אין אונזער געלעהרנטען סיביר, וואו די קולטור איז אזוי גרויס, אז די בערען ווערען צוגע־בונדען צו די שענקען, און די סויבעלס ווינשען צו דעם יעגער א גוטען אבענד.

אין גרויסען צימער איז מען געזעסען ביים אבענדמאלצייט. א לאנגער טיש מיט צוויי רייהען הונגעריגע סטודענטען. אין אנ־הויב א געוועהנליכער אוניווערזיטעטס שמועס: דועלען, דועלען און נאך אמאל דועלען. די געזעלשאפט איז באשטאנען צום מיינס־טען פון האללע'נעזער. און האללע איז דערפאר געווען דער הויפט געגענשטאנד פון דער אונטערהאלטונג. די שויבען פון די פענסטער ביי דעם הויפ־ראט שוץ, זענען געווארען עקזעגעטיש באלויכטען. דערנאך האט מען דערצעהלט, אז דער לעצטער הויף־באל ביים קעניג פון ציפערן איז געווען זעהר גלענצענד. אז ער האט זיך אויסגעקליבען א יורש, אז ער וויל אריינטרעטען אין א מארגאנא־טישע חתונה מיט א פרינצעסין פון הויז ליכטענשטיין. אז ער האט אפגעשאפט די שטאאטס־מעטרעסע, און אז דאס גאנצע מיניס־טעריום האט, ווי דער מנהג איז, געוויינט. אודאי דארף איך דא ניט דערמאנען, אז אט די אלע רייד האבען זיך באצויגען אויף די העלדען פון די האללע'שע ביער שענקען. דערנאך איז געקומען צו רייד וועגען די צוויי כינעזער, וואס האבען פאר צוויי יאהרען זיך באוויזען אין בערלין און ווערען איצטער אין האללע צוגעגרייט צו

ווערען פריוואט־דאצענטען פון דער כינעזישער עסטעטיק. דא האָ־
בען זיך גענומען שיטען וויצען. מען האָט אויפגעשטעלט דעם פאל,
ווי למשל ווען א דייטש לאָזט זיך ווייזען אין כינא פאר געלד. צו־
ליעב דעם צוועק ווערט ארויסגעקלעפט א מודעה, אויף וועלכער
די מאנדארינען טשינג־טשאנג־טשונג און הי־האָ־האָ פארזיכערען
אז דאָס איז אן אמת'ער דייטש. ווייטער ווערען אויסגערעכענט די
קונץ־שטיק, וועלכע ער באווייזט, פון וועלכע עס ווערט הויפטזעכ־
ליך באַטאַנט פילאָזאָפירען, טאבאק רויכערען און געדולד האָבען.
ווייטער ווערט דאָרט באמערקט, אז אום צוועלף א זייגער, ווען
ס'איז די צייט פון עסען, טאָר מען ניט מיטברייגנען קיין הינד, וואָ־
רים זיי האָבען א טבע ביים דייטש צוצוכאפען דעם ערשטען
ביסען.

א יונגער סטודענט, וואָס איז ערשט ניט לאנג געווען אין
בערלין פאר א פוריפיקאציע, האָט זעהר פיעל גערעדט וועגען דער
דאָזיגער שטאָדט, אָבער זעהר איינזייטיג. ער האָט באזוכט וויסאָצ־
קי'ן און דאָס טעאטער. און וועגען ביידע האָט ער ארויסגעזאָגט
א פאלשע מיינונג. „די יוגענד איז שנעל פארטיג מיט דעם וואָרט“,
א. אז. וו. ער האָט גערעדט וועגען די גרויסע אויסגאבען אויף גאר־
דעראָבען, וועגען סקאנדאלען פון שוישפיעלערינס, א. אז. וו. דער
יונגער מענש האָט ניט געוואוסט, אז דאָ אין בערלין שפיעלט
די הויפט־ראָל דער דרויסענדיגער גלאנץ. וואָס שוין די רעדענס־
ארט „מאן זאָ דוהן“ באווייזט. דער דאָזיגער דרויסענדיגער גלאנץ
צובליהט זיך ערשט רעכט אויף די ברעטער. און אז דערפאר זאָרגט
צום מייסטענס די פארוואלטונג פאר דער „אמת'ר פארב פון דער
באָרוד', אין דער אָדער יענער ראָלע, פאר דער טרייקייט פון די קאָס־
טיומען, וואָס ווערען פאָרגעצייכענט פון געשוואוירענע היסטאָרי־
קען און ווערען גענעהט פון וויסענשאַפטליך געבילדעטע שניידערס“.
און דאָס איז אונבעדינגט נויטיג, וואָרים זאָל א שטייגער מאריא
שטואַרט טראָגען א פארטוך, וואָס געהערט צו די צייטען פון דער
קעניגין אנא, אזוי וועט דער באנקיער קריסטיאן גומפעל זיך מיט
רעכט באקלאָגען, אז ער האָט דורך דעם פארלוירען יעדע אילוזיע;
**און זאָל חלילה לאָרד בארלעי, דורך א טעות אנטוען היינריך דעם**

פערטענס הויזען, וועט די קריעגס־ראטין, שטיינצאפ, א געבוירענע לילענטוי, דעם דאזיגען אנאכראניזם געווים ניט ארויסלאזען פון די אויגען דעם גאנצען אבענד.

אט די גאנצע אויפפאסונג פון דער גענעראל־פארוואלטונג שטעלט זיך אבער ניט אפ בלויז אויף פארטוכער און הויזען, נאר שטרעקט זיך אויך אוים אויף די אין זיי פארוויקעלטע פארשוינען. אזוי למשל, ווערט גערעדט, אז גאר אין קורצען וועט די ראל פון אטעלא געשפיעלט ווערען פון אן אמת׳ן מאהר, וועלכען דער פראפעסאר ליכטענשטיין האט שוין צו דעם צוועק געלאזט אויסשרייבען פון אפריקא; און „מענשענהאס און חרטה" וועט די איילאליא געשפיעלט ווערען פון אן אמת׳ער געפאלענער פרוי, פעטער — דורך אן אמת דומען יונג, דער אונבעקאנטער — דורך א מאן וועמען דאס ווייב האט אויף אן אמת באטראגען. די אלע דריי וועט מען גאר ניט דארפען אויסשרייבען פון אפריקא. אין דער „מאכט פון די אומשטענדען", זאל שפעטער שפיעלען אן אמת׳ער שריפטשטעלער, וואס האט שוין געהאט באקומען א פאר קוילען אין מויל. אין דער „אהנפרוי" וועט דער קינסטלער, וואס שטעלט פאר יאראמיר, שוין אויף אן אמת האבען באגאנגען א רויב, אדער וועניגסטענס א גנבה; די לוידי מאקבעט, זאל געשפיעלט ווערען פון א דאמע, וועלכע איז אפילו, ווי טיעק פאדערט עס, בטבע זעהר ליעבפול, נאר האט שוין אין זיך עפים, וואס גיט דעם בלוטיגען אנבליק פון א ביטערער מערדערין. און צום סוף, וואו מען דארף פארשטעלען פלאכע, וויטצלאזע, פעבעלהאפטע חברה לייט, זאל מען אנגאזשירען דעם גרויסען וואריס. דעם גרויסען וואריס, וואס ענטציקט אזוי זיינע גייסטיגע חברים, יעדעס מאל ווען ער הויבט זיך אויף אין זיין גאנצער גרוים, הויך, הויך. „יעדער צאל א לומפ!" — ווי שלעכט אט דער אויבענדערמאנטער יונגער מענש האט באגריפען דאס בערלינער שוישפיעל, אזוי האט ער באמערקט נאך פיעל וועניגער, אז די ספאנטיני׳שע, אניטשארענאפער, מיט איהרע פויגלען, עלעפאנטען, טראמפייטען און קעסעלפויקען, איז א הערא׳יש מיטעל, כדי דאס אפגעשלאפטע פאלק קריעגעריש צו שטארקען. א מיטעל, וואס פלאטא און ציצערא האבען

שוין אין זייער צייט פאַרגעשלאָגען. ווענינער פאַר אַלץ האָט דער יונגער מענש באַגריפען די דיפּלאָמאַטישע באַדייטונג פון דעם באַלעט. מיט מיה האָב איך איהם באַוויזען, ווי אין האָגע'ס פיס שטעקט מעהר פּאָליטיק ווי אין בוכהאָלץ'ס קאָפּ. אַז אַלע זיינע טאַנץ טורען, בעטייטען דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען. אַז איט־ליכע באַוועגונג זיינע, האָט אַ פּאָליטישע באַציהונג. אַזוי למשל, מיינט ער אונזער קאַבינעט, ווען ער פאַרבייגט זיך אַזוי בענקענ־דיג, מיט ווייט צושפּרייטע הענד; אַז ווען ער דרעהט זיך אַרום הונדערט מאָל אויף איין פוס און ריהרט זיך ניט פון אָרט, מיינט ער דעם „בונדעסטאַג“, אַז ווען ער האָפּקעט אַרום מיט געבונדענע פיס, האָט ער אין זין די קליינע פירשטען; אַז ווען ער וואַקעלט זיך אַהין און אַהער ווי אַ שכור, באַצייכענט ער דערמיט דאָס אייראָ־פּעאישע גלייכגעוויכט; אַז ווען ער שליסט צונויף די אויסגעבויגע־נע אָרעמס ווי אַ קויל, מיינט ער דערמיט דעם קאָנגרעס; און צום סוף, אַז ווען ער הויבט זיך ביסלעכווייז אויף אַלץ העכער און הע־כער, און בלייבט אַ ווייל שטעהן גלייך און רוהיג, און פּלוצלינג לאָזט ער זיך אַוועק אין אַ ווילדען שפּרינגען, שטעלט ער דאָס פאַר אונזער גאָר גרויסען פריינד אין מזרח. דעם יונגען מאַן האָבען זיך פּשוט געעפענט די אויגען. און ערשט איצט האָט ער אָנגעהויבען צו פאַרשטעהן, פאַרוואָס טענצער ווערען בעסער האָ־נאָרירט ווי גרויסע דיכטער. פאַרוואָס דאָס באַלעט איז ביים דיפּ־לאָמאַטישען קאָרפּס אַזאַ אָנגעלעגטער געגענשטאַנד, וועגען וועל־כען עס שעפּען זיך קיינמאָל ניט אויס קיין רייד, און פאַרוואָס אַ שעהנע טענצערין ווערט נאָך פּריוואַטום אונטערהאַלטען פון'ם מי־ניסטער, וואָס באַמיהט זיך געוויס טאָג און נאַכט זי צו מאַכען עמפּפענגליך פאַר עפּיס אַ פּאָליטישען סיסטעמעלע. ביי דעם גאָט אַפּיס! ווי גרויס איז די צאָהל פון די עקזאָטערישען טעאַטער באַ־זוכער (וואָס זעהן נאָר דאָס דרויסענדיגע) און ווי קליין איז די צאָהל פון די עקזאָטערישע טעאַטער באַזוכער (וואָס זענען איינגע־ווענט אין די אינערליכע סודות). שטעהט זיך אַזוי דאָס טעמפּע פּלאַק און גאַפט און באַוואונדערט די שפּרינג און די באַוועגונגען, און שטודירט די אַנאַטאָמיע און די שטעלונגען פון מאַדאַם ל ע־

מ י ע ר, און אפלאדירט די אנטראשא פון פריילין ר ע נ י ש. און פלאפעלט וועגן גראציע, הארמאניע און לעגענדע — און קיינער הויבט ניט אן צו באמערקען, אז דאס האט ער פאר זיינע אויגען דעם גורל פון זיין פאטערלאנד, אין געטאנצטע רמזים.

אין דער צייט ווען אזעלכענע שמועסען האבען ארום געפלוי־גען אין אלע זייטען, האט מען דאך ניט ארויסגעלאזט פון די אויגען דאס נוצליכע. און די גרויסע שיסלען, וואס זענען עהרליך געווען אנגעפילט מיט פלייש, קארטאפעל א. אז. וו. זענען פערצו־קערט געווארען. און דאך איז דאס עסען געווען שלעכט. איך האב דאס אזוי זיך א זאג געטאן צו מיין שכן. און ער, מיין שכן, ווע־מען איך האב דורך זיין אקצענט דערקענט אז ער איז א שווייצער, האט מיר אויף דעם זעהר ניט העפליך געענטפערט: אז מיר דייטשען ווייסען גאר ניט, וואס הייסט זיין צופרידען. פונקט ווי מיר הוי־בען ניט אן צו וויסען פון דער אמת'ער פרייהייט. איך האב געצווי־גען מיט די אקסלען און האב באמערקט דארויף, אז אייגענטליך זענען אומעטום די לאקיאען אין נאשערייי צוגערייטער שווייצער. און דערפאר טאקע רופט מען די מייסטע לאקייען שווייצער. און אז די איצטיגע שווייצארישע פרייהייטס־העלדען, וואס דערצעה־לען דעם פובליקום פון אזוי פיעל פאליטישער העלדישקייט, קומען מיר בכלל פאר ווי יענע האזען, וואס אויף יארידן שיסען זיי מיט פיסטוילען, און מאכען מיט זייער העלדישקייט נשתומם ווערען פויערים און קינדער, און זענען דאך ניט מעהר ווי האזען.

דער זוהן פון די אלפען איז זיכער ניט אויסען געווען קיין שלעכטס. ווארום „דאס איז געווען א דיקער מאן, הייסט עס, א גוטער מאן” זאגט צערוואנטעס. אבער מיין שכן פון דער אנדערער זייט, א גרייפסוואלדער, האט זיך געפיהלט שרעקליך געטראפען פון דעם שווייצערס באמערקונג. האט ער גענומען אויפוויי[זען], אז די דייטשע ענערגיע און די דייטשע איינפאכקייט, איז נאך ניט אויסגעלאשען. דערביי האט ער מיט כעס זיך געקלאפט אין הארץ אריין, זיך אריינגעגאסען א היבשע כוסה מיט ווייסען ביער. דער שווייצער האט געזאגט: „נו! נו!” דאך וואס ווייכער ער האט דאס געזאגט אלץ מעהר איז דער גרייפסוואלדער ארויס פון די

כלים. דער דאַזיגער גרייפסוואַלדער איז געווען אַ מענש פון יענע צייטען, ווען די לייז האָבען געלעבט אַ גוטען טאָג, און די פריזערען זענען שיער אויסגעגאַנגען פון הונגער. ער האָט געטראָגען לאַנגע אַרונטערהענגענדיגע האָר, אַ ריטערליכען באַרעט, אַ שוואַרצען אַלט דייטשען ראָק, אַ שמוציג העמד, וואָס האָט שוין אין איין ווענגס געדיענט פאַר אַ וועסט אויך. און אונטער דעם העמד אַ בינטעל האָר פון בליכער'ס פערד. ער האָט אויסגעקוקט ווי אַ נאַר אין לעבענס גרויס. איך האָב ליעב ביים אָבענד־עסען צו מאַכען אביסעל באַוועגונגען, און דערפאַר האָב איך זיך געלאָזט פון איהם אַריינפלעכטען אין אַ פּאַטריאָטישען וכוח. זיין מיינונג איז געווען, אַז דייטשלאַנד מוז צוטיילט ווערען אין 33 באַצירקען. איך פון מיין זייט האָב באַהויפּטעט, אַז עס מוזען זיין 48. ווארום יעמאָלט וועט מען קענען שרייבען אַ סיסטעמאַטיש האַנדבוך איבער דייטשלאַנד, און דאָס איז דאָך נויטווענדיג, אַז דאָס לעבען זאָל זיך פאַרבינדען מיט דער וויסענשאַפט. מיין גרייפסוואַלדער פריינד איז אויך געווען אַ דייטשער באַרד. און ווי ער האָט מיר פאַרטרויט, האָט ער דאַמאָלט געאַרבייט אויף אַ נאַציאָנאַלען העלדענגעדיכט, וואָס זאָל פאַרהערליכען דעם העלד הערמאַן און די הערמאַנס שלאַכט. איך האָב איהם געגעבען עטליכע נוצליכע וואונקען, ווי אַזוי ער זאָל פאַרענדיגען אָט דעם עפּאָס. איך האָב איהם אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם, אַז ער קען די זומפּען און שלעכטע וועגען פון דעם טויטאָבורגער וואַלד, זעהר אָנאָמאַטאָפּעאיש איבערגעבען דורך וואַסערדיגע און לעכערדיגע פערזען, און ווי פיין דאָס וואָלט געווען פּאַטריאָטיש, ווען ער מאַכט אַז וואַרוס און די איבעריגע רוימער, זאָלען ביי איהם רעדען לויטער נאַרישקייטען. איך האָף אַז אָט דער קונץ שטיק וועט איהם אַזוי ערפאָלגרייך, ווי ביי אַנדערע בערלינער דיכטער, געלונגען צו ברענגען צו דער העכסטער אילוזיע.

ביי אונזער טיש איז געוואָרען וואָס אַמאָל רוישיגער און אינטימער. דער וויין האָט פאַרשטופּט דאָס ביער. די פּונש גלעזער האָבען געפּאַרעט, מען האָט געטרונקען, געווייצעלט זיך און געזונגען. עס האָבען אויפגעשאַלט דער אַלטער „לאַנדעספאַטער“,

און ליעדער פון וו. מילער, ריקערט, אוהלאנד, א. אז. וו. מעטפעסעלם
שעהנע מעלאדיען, צום בעסטען האבען געקלונגען אונזער ארנדט'ם
דייטשע ווערטער: „דער גאט וואס לאזט דאס אייזען וואקסען,
ער וויל קיין קנעכט ניט האבען". אין דרויסען האט עס גע־
ברויזט גלייך ווי דער אלטער בארג וואלט מיטגעזונגען. און עטלי־
כע וואקלענדיגע פריינד האבען זאגאר געוואלט האבען, אז דאס
שאקעלט ער מיט הנאה זיין גאלען קאפ. און אונזער צימער שא־
קעלט זיך דערפאר אהין און אהער. די פלעשער זענען געווארען
ליידיגער און די קעפ פולער. איינער האט געברילט, א צווייטער
האט געזונגען אויף א פאלשער שטים, א דריטער האט דעקלא־
מירט פון דער „שולד". א פערטער האט גערעדט לאטיין, א פינפ־
טער האט געפרעדיגט וועגען מעסיגקייט, און א זעקסטער האט זיך
ארויפגעשטעלט אויף א בענקעל און דאצירט: „מיינע העררן! די
ערד איז א רונדער וואלץ, די מענשען זענען איינציגע שטיפטעלעך,
וואס זענען אויף איהם אלע גלייך צוזעצט; אבער דער וואלץ
דרעהט זיך און די שטיפטעלעך שטויסען זיך אן דא און דאר־
טען, און זיי גיבען ארוים פון זיך קלאנגען, א טייל אפטער, א
טייל זעלטענער. פון אט דעם אלעמען שאפט זיך א וואונדערבא־
רע, קאמפליצירטע מוזיק, און אט די מוזיק הייסט וועלט־געשיכ־
טע. און מיר רעדען דערפאר צוערשט פון מוזיק, דאן פון דער
וועלט, און צום סוף פון דער געשיכטע: דאס לעצטע אבער טיילען
מיר איין אין פאזיטיוו און אין שפאנישע פליגען" — און אזוי
איז עס געגאנגען ווייטער מיט זין און אהן זין.

א געמיטליכער מעקלענבורגער, וואס זיין נאז האט געשטעקט
אין גלאז פונש, און ער האט גליקליך שמייכלענדיג ארייגגעא־
טעמט די פארע, האט געמאכט די באמערקונג, אז ער פיהלט זיך,
ווי ער וואלט דאס ווידער געשטאנען ביים טעאטער בופעט אין
שייערין. א צווייטער האט געהאלטען זיין ווייגלאז פאר די אוי־
גען ווי א שפאקטיוו, און האט אויסגעזעהן ווי ער וויל דאס אונז
דורך איהם באטראכטען, דערווייל איז זיך דער רויטער
ויין גערונען איבער זיינע באקען און איז ארונטערגעלאפען אין זיין
צועפענטען מויל. דער גרייפסוואלדער איז פלוצים געווארען בא־

גײסטערט, האָט ער זיך געװאָרפען אויף מײן ברוסט און האָט אויסגערופען מיט פרײד: אוי, װען דו זאָלסט מיך נאָר פארשטעהן! איך בין א פארליעבטער, איך בין א גליקליכער. מען האָט מיך װידער ליעב. אז ניט מעג מיך גאָט שטראָפען! זי איז א געביל־דעט מײדעל, װאָרים זי האָט פולע ברוסט, און טראָגט א װײס קלײד און שפּיעלט קלאװיר". — אָבער דער שװײצער האָט גע־װײנט, און האָט צערטליך געקושט מײן האנד און כסדר געשעפּ־טשעט יאָמערדיג: „אוי, בײבעלי! אוי, בײבעלי!".

אין דעם דאָזיגען װילדען טומעל, װאו די טעלער האָבען גע־טאַנצט און די גלעזער האָבען זיך געלערנט פליהען זענען אקעגען איבער מיר געזעסען צװײ בחורים'לעך, שעהן און בלאַס װי מאַר־מאָרענע בילדער. אײנער איז געװען עהנליך צו אדאָניס'ן, דער צװײטער מעהר צו אפּאָלאָ'ן. קוים װאָס מען האָט געקענט אנזעהן, איז אויף זײערע באקען געװען א ראָזאָװער הויך, װאָס דער װײן האָט אויף זײ ארויפגעװאָרפען. מיט אן אונענדליכער ליעבע האָבען זײ כסדר געקוקט אײנער אויפ'ן צװײטען, גלײך װי אײנער װאָלט געקענט לײענען בײם צװײטען אין די אויגען. און אין די דאָזיגע אויגען האָט עס געשטראהלט, גלײך װי עס װאָלטען אין זײ גע־האָט ארײנגעפאלען עטליכע טראָפּענס ליכט פון יענער שאָל פול מיט גליהענדיגער ליעבע, װאָס א פרומער מלאך טראָגט דאָרט אויבען אריבער פון אײן שטערן צו א צװײטען. זײ האָבען גע־רעדט שטיל, מיט פארבענקטע ציטערדיגע שטימען, און דאָס זע־נען געװען טרויעריגע מעשיות, פון װעלכע עס האָט ארויסגעקלונ־גען א שמערצליכער טאָן. „און איצט איז שוין לאַרע אויך טויט". האָט אײנער געזאָגט און געזיפצט. און נאָך א קלײנעם שטיל־שװײגען האָט ער דערצעהלט, פון א האַללע'שען מײדעל, װאָס איז געװען פארליעבט אין א סטודענט. און װען דער סטודענט האָט פארלאָזט האַללע, האָט זי מיט קײנעם מעהר ניט גערעדט, האָט װײניג געגעסען, געװײנט טאָג און נאכט, און תמיד נאָר באטראכט דעם קאנאריק, װאָס דער געליעבטער האָט איהר אמאָל געשענקט. „דער פויגעל איז געשטאָרבען, און באלד נאָך דעם איז אויך לאַרע געשטאָרבען!" אזוי האָט זיך

געענדיגט די ערצעהלונג און ביידע בחורים'לעך האבען ווידער גע־שווינגען און געזיפצט. צום סוף האט געזאגט דער צווייטער: „מיין נשמה איז טרויעריג, קום מיט מיר ארויס אין דער פינסטערער נאכט! איך וויל אריינאטעמען דעם הויך פון די וואלקענס און די שטראהלען פון דער לבנה. מיין חבר איז אומעט! איך האב דיך ליעב, דיינע ווערטער קלינגען ווי דאס פליסטערן פון די הוילע וואסער־דיטלעך, ווי דאס פאליען פון טייבען. זיי קלינגען אפ אין מיין ברוסט, אבער מיין נשמה איז טרויעריג!"

דא האבען זיך ביידע בחורים'לעך אויפגעהויבען, איינער האט פארווארפען זיין ארעם ארום דעם נאקען פון צווייטען און זיי האבען פארלאזט דאס טומעלדיגע צימער. איך בין זיי נאכגעגאנגען און האב געזעהן ווי זיי זענען אריין אין א פינסטערער קאמער, און איי־נער האט געעפענט אנשטאט דאס פענסטער, א גרויסען קליידער שראנק, ווי ביידע זענען פאר דעם שראנק געבליבען שטעהן מיט פארבענקט־אויסגעשטרעקטע ארעמס און ביידע האבען גערעדט. „איהר לופטען פון דער דעמערענדיגער נאכט!" האט אויסגערו־פען איינער, „ווי דערקוויקענדיג קיהלט איהר מיינע באקען! ווי ליעבליך שפיעלט איהר זיך מיט מיינע פלאטערדיגע לאקען! איך שטעה אויף דעם בארגס וואלקענדיגען שפיץ, אונטער מיר ליגען די שלאפענדיגע שטעדט פון די מענשען און בלאנקען אין בלויע וואסערען. הארך! דארט אונטען אין טאל רוישען די טאנען! דארט איבער די בערגלעך ציהען פארביי אין נעבעלדיגע געשטאלטען די נשמות פון די אבות. אוי, ווען איך וואלט געקענט מיט אייך צוזא־מען רייטען אויף דעם וואלקען־פערד דורך דער שטורעמדיגער נאכט, איבער דעם ראלענדיגען ים, ארויף צו די שטערען! אבער וועה איז מיר! איך בין באלאדענט מיט לייד און מיין נשמה איז טרויעריג!" — דער אנדערער בחור'ל האט אויך אזוי ווי ער פול מיט בענקשאפט אויסגעשטרעקט די ארעמס צו דער קליידער־שראנק, טרעהרען האבען זיך געגאסען פון זיינע אויגען און צו א געלער לעדערנער הויז, וואס ער האט געהאלטען אנטקעגען דער לבנה, האט ער גערעדט מיט א וועהמוטיגען קול: „טאכטער פון הימעל, דו ביזט שעהן! ליעבענסווירדיג איז די רוה פון דיין אנגע־

זיכט! דו וואנדעלסט ארום אין ליעבליכקייט! די שטערען געהען דיר נאך אויף דיין בלויען וועג אין מזרח. דיך דערזעהענדיג דערפרעהען זיך די וואלקענס און עס ווערען ליכטיג זייערע פינסטערע געשטאלטען. ווער איז גלייך צו דיר אין הימעל, געבוירענע פון נאכט? ווען דו ביזט דא, פארשעמען זיך די שטערען, און זיי ווענדען אפ זייערע גרינפינקעלדיגע אויגען. וואוהין אנטלויפסט פון דיין וועג, ווען דיין געזיכט ווערט בלייך אין דער פריה? האסטו אויך אזוי ווי איך א האללע? וואהנסטו אין שאטען פון אומעט? זיי, וואס וואנדלען דורך מיט דיר פריידיג די נאכט, זענען זיי ניט מעהר? יא, זיי זענען ארונטער געפאלען, דו שעהן ליכט, און דו פארבארגסט דיך אפט, ווייל דו ווילסט אויף זיי טרויערען. דאך אמאל וועט קומען די נאכט און דו, אויך דו וועסט זיין פארגאנגען. און דיינע בלויע וועגען דארט אויבען וועסטו האבען פארלאזען. דעמאלט וועלען די שטערען אויפהויבען זייערע גרינע קעפ, וואס פלעגען אמאל זיך שעמען אין דיין געגענווארט און זיי וועלען זיך פרעהען. דאך איצט ביזטו אנגעטאן אין דיין פראכטיגען קלייד פון שטראהלען, און קוקסט אראפ דורך די טויערן פון הימעל. צורייסט די וואלקענס, א, איהר ווינטען, כדי די טאכטער פון דער נאכט זאל קענען ארויסלייכטען. און די באוואקסענע בערג זאלען אויפגלאנצען, און דער ים זאל קייקלען אין דער ליכטיגקייט זיינע שוימענדיגע כוואליעס!“

א גוט באקאנטער, ניט זעהר מאגערער פריינד, וואס האט מעהר געטרונקען ווי געגעסען, כאטש ער האט דעם היינטיגען אבענד, ווי געוועהנטליך, אויך איינגעשלונגען א פארציע רינדספלייש פון וועלכען זעקס וואַרדעלייטענאנטס און איין אומשולדיג קינד וואלטען געקענט זאט ווערען. האט ער, זענענדיג אביסעל צו האפערדיג, דאס הייסט פשוט ווי א חזיר, איז געקומען צו לויפען און א שטופ געטאן אט דיביידע עלעגישע פריינד אין שראנק אריין, האט זיך צוריק א לאז געטאן צו דער הויז טיר און האט אין דרויסען פערוואיעוועט א שרעק. דער ליארעם אין זאל איז געווארען וואס אמאל ווילדער און פארטויבענדיגער. די ביידע בחורים׳לעך און דער שראנק האבען געקלאגט און געיאמערט, אז זיי ליגען צו־

שמעטערט ביים פוס פון בארג: פון דעם האלז האט זיך פון זיי געגאסען דער עדעלער רויטער וויין, זיי האבען זיך איינס דאס אנדערע שיער דערטרונקען. און איינער האט געזאגט צום צווייטען: „נו זיי געזונד! איך פיהל אז איך געה אפ מיט בלוט. פאר וואס האסטו מיך געוועקט, דו פריהלינגס־לופט, האסט מיך פארפיהרט און מיר געזאגט: איך באטוי דיך מיט די טראפענס פון הימעל, און דאך איז די צייט פון מיין וועלקען נאהענט. ס'איז נאהענט דער שטורעם, וואס רייסט ארונטער מיינע בלעטער. מארגען וועט קומען דער וואנדערער, דער וואנדערער, דער וואס האט מיך געזעהן אין מיין שעהנקייט, זיין אויג וועט אין פעלד מיך אומעטום ארום זוכען און וועט מיך ניט געפינען". — אבער אלץ איז פארטויבט געווארען פון דער גוט באקאנטער באסען־שטים, וואס האט צווישען קללות און פריידענס געשרייען, זיך גאטלעסטעריש באקלאגט, וואס אין דער גאנצער וועגדער־גאס, לייכט זיך ניט איין לאמטערן, און מען קען צומאל ניט זעהן ביי ווענען מען האט די שויבען אויס־געהאקט.

איך קען א סך ארייגגיסען — די באשיידענקייט ערלויבט ניט אנצוגעבען די צאהל פון די פלאשען — און היבש פארקנאקט האב איך קוים געטראפען צו מיין צימער. דער יונגער סוחר איז שוין געלעגען אין בעט אין זיין ווייסער מיץ און אין דער זאפראן־געלע יאקע פון געזונדסהייט פלאנעל. ער איז נאך ניט געשלאפען און געוואלט פארפיהרען מיט מיר א שמועס. ער איז געווען פון פראנקפורט אם מיין, און פארשטעהט זיך, אז ער האט באלד אנ־געהויבען צו רעדען פון די אידען, וואס האבען פארלוירען יעדעס געפיהל פאר דאס שעהנע און עדעלע, און וואס פארקויפען ענגלישע סחורה מיט 25 פראצענט אונטער דעם פאבריק פרייז. איך האב באקומען א חשק מיט איהם אביסעל צו מיסטיפיצירען: דערפאר האב איך איהם געזאגט, אז איך בין א נאכט וואנדלער און מוז איהם אין פאראויס בעטען ענטשולדיגונג טאמער וועל איך איהם חלילה עפים שטערען אין שלאף. דער ארימער מענש האט דערפאר, ווי ער האט עס מיר צו מארגענס אליין צוגעגעבען, די גאנצע נאכט ניט געשלאפען, ווארום ער האט זיך געהאלטען אין איין שרעק־

קען, טאמער חלילה נעם איך די פּיסטױלען, װאָס זענען געלעגען לעבען מײן בעט, און מאַך אַן עפּעס אַן אומגליק. אין אמת׳ן איז מיר אלײן ניט געגאַנגען בעסער װי איהם. איך האָב זעהר שלעכט געשלאָפען. װיסטע און מורא׳דיגע פאַנטאַזיע געשטאַלטען. א קלאַװיר־אױסצוג פון דאַנטע׳ס „גיהנם“. צום סוף האָט זיך מיר גאָר גע׳חלומ׳ט איך זעה די אױפיהרונג פון א יוריסטישער אָפּער װאָס האָט געהײסען „פאַלצידיא“, לױט דער טעאָריע, פון ירושה־רעכט פאַרפאַסט פון גאַנז, און די מוזיק פון ספּאָנטיער. א משוגע׳נער חלום. דער רױמישער פאָרום האָט פּרעכטיג געלױכטען. סערװילום אסינוס געשענום, אלס פּרעטאָר אױף זײן שטוהל, װאַרפענדיג די טאָגא אין שטאָלצע פאַלדען, האָט זיך צוגאָסען אין א פײניגענדער רעציטאַציע; מאַרקוס טוליוס עלװערום אלס Prima Dona **legataria** אַרױסװײזענדיג זײן גאַנצע ליעבע װײבליכקײט האָט די אין ליעבע נאָך שמעלצענדיגע בראַװאַבריע געזונגען **Quicungue civis romanus** רעפענענדאַריען געשמינקט מיט רױטע צינעל־פאַרב האָבען געברילט װי דער כאָר פון ניט דערװאַקסענע; פּריװאַט דאָצענטען, אלס זשעניען אַנגעטאָן אין פלײש־פאַרביגען טריקאָט, האָבען געטאַנצט אַן אַנטי־יוסטיניאַ־נישען באַלעט און האָבען מיט בלומען באַקראַנצט די צװעלף לוחות; אונטער דונער און בליץ איז פון דער ערד אַרױס דער באַלײדיגטער גײסט פון דער רױמישער געזעצגעבונג; און באַלד שופרות, פּױקען א רעגען פון פײער, **Cum omni causa**

פון דעם דאָזיגען ליאַרעם האָט מיך אַרױס געשלעפּט דער בעל אכסניא, נאָך דעם װי ער האָט מיך אױפגעװעקט איך זאָל געהן זעהן דעם זונען אױפגאַנג. אױף דעם טורעם האָב איך שױן געפונען עטליכע װאַרטענדיגע װאָס האָבען זיך געריבען די פריהרענדע הענד, אַנדערע נאָך מיט׳ן שלאָף אין די אױגען זענען געלאָפען; ענדליך איז די שטילע עדה פון נעכטען אָבענד װידער געװען אין גאַנצען פאַרזאַמעלט, און שװײגענדיג האָבען מיר געזעהן, װי דער קלײנער קאַרמאַסין־רױטער קוגעל הױבט זיך אױף בײם האָריזאָנט. עס האָט פאַרשפּרײט א װינטערליך דעמערנדיגע באַלײכטונג, די בערג האָבען געשװאָומען װי אין א װײס כװאַליענדיגען ים, און

בלויז זייערע שפיצען האט מען קוים ארויסגעזעהן. אזוי, אז עס האט זיך געדאכט מען שטעהט אויף א קליין בערגיל, וואס איז אין דער מיט פון א פארפלייצטען טאל, וואו עס זעהט זיך נאר אזוי ניט וואו א שטיקעל טרוקענע ערד. כדי דאס געזעהענע און דאס עמפפונ־דענע צו באהאלטען אין ווערטער, האב איך מיר פארצייכענט אט דאס געדיכט:

אין דעם מזרח ווערט שוין העלער,
פון דער זון וואס געהט איצט אויף,
שפיץ פון בערגער, דוכט זיך שווימען,
אין א ים וואס האט קיין סוף.

וואלט איך האבען צויבער שטיוועל,
מיט דער שנעלקייט פונ'ם ווינד,
וואלט איך לויפען צו דעם בערגיל,
צו דעם הויז, וואו ס'שלאפט דאס קינד.

פון דעם בעטיל, וואו זי שלאפט נאך,
הויב איך די גארדינען אויף,
איך באטראכט דאס שענע פנים,
פרעס אפ שטיל א קוש דערויף.

און נאך שטילער וואלט איך שעפטשען,
אין איהר קליינעם אויע'ר אריין,
ווי דו שלאפסט אזוי, געדענק זשע
אויך אין חלום, דו ביזט מיין.

דערווייל האב איך זיך פארבענקט נאך אן אנבייסען, און נאטרעם ווי איך האב מיין דאמע געזאגט עטליכע העפליכקייטען, האב איך זיך געאיילט און בין ארונטער אונטען אין דער ווארע־מער שטוב, טרינקען קאווע. און איך האב עס באדארפט; אין מיין מאגען האט עס אויסגעזעהן אזוי ניכטער ווי אין דער גאסלאר'־שער סטעפאנס קירך. אבער צוזאמען מיט דעם אראבישען געטראנק, האט אין מיר אויך אנגעהויבען צו קאכען אין די גלידער דער וואר־

רעמער אריענט, איך האב דערפיהלט ארום מיר דעם דופט פון מזרח־רויזען, עס האבען אויפגעקלונגען בילבילו ליעדער. די סטו־דענטען האבען זיך פארוואנדעלט אין קעמלען, די בראָקען־הויז־מיידלעך מיט זייער קאנגרעוו'שע בליקען, זענען געווארען הורים, די פיליסטער נעזער זענען געווארען מינארעטען א. אז. וו.

נאר דאס בוך וואס איז פאר מיר געלעגען איז ניט געווען דער קאראן. נארישקייטען האט עס דאך פארמאגט גענוג. דאס איז געווען דאס אזוי גערופענע בראקען־בוך, אין וועלכען אלע רייזענ־דע, וואס האבען ארויפגעקלעטערט דעם בארג, שרייבען איין זייע־רע נעמען און די מיינסטע פון אט די רייזענדע שרייבען נאך צו עטליכע געדאנקען, און די וואס האבען ניט קיין געדאנקען פארציי־כענען זייערע געפיהלען. א סך דריקען זיך זאגאר אויס אין פערזען. אין אט דעם בוך קען מען זעהן, וואס פאר אן עקעלהאפטע דומ־קייטען, עס קומען ארויס, ווען די גרויסע פיליסטער ־ כאלאסטרע וויל ווערען פאעטיש. דעם פרינץ פון פאלאגאניא'ס פאלאץ פאר־מאגט ניט אזוי פיעל אפגעשמטקייטען ווי אט דאס בוך, פון וועלכען עס גלאנצען באזונדערס ארויס די הערען אקציזניקעס, מיט זייערע פארשימעלטע הויכע געפיהלען; די בחורים'לעך פון די קאנטארען מיט זייערע פאעטישע נשמה אויסגיסענישען; די אלטע דייטשע רעוואלוציאנס־דילעטאנטען מיט זייערע טורנגעמיינדע פלעצער; די בערלינער שול־לעהרער מיט זייערע פאראומגליקטע ענטצי־קונגס־פראזען א. אז. וו. דער יאהאנעס האגעל וויל זיך אויך אמאל ארויסווייזען פאר א פרעכטיגקייט פון זיין אויפגאנג; דארט קלאגט מען זיך אויף דעם שלעכטען וועטער, אויף ערווארטונגען וואס זענען ניט מקוים געווארען. אויף דעם נעבעל וואס פאר־שטעלט די לאנדשאפטען. „פארנעבעלט ארויפגעגאנגען און פארנע־בעלט ארונטערגעגאנגען!" איז דא אן אייביגער וויץ, וואס הונדער־טער זאגען איהם נאך. איינע, א קאראלינע שרייבט אז זי האט בא־קומען נאסע פיס ביים ארויפקלעטערען. איין נאאיווי העהנדעל, וואס האט דאס געלייענט, שרייבט לאקאניש: אויך איך בין ביי דער געשיכטע נאס געווארען. דאס גאנצע בוך שמעקט מיט קעז, ביער און טאבאק. קוקט מען אין איהם אריין, האט מען דעם איינ־

דרוק ווי מען וואלט דאס געלייענט א ראמאן פון קלאורען.

אין דער צייט וואס איך האב געטרונקען די קאווע און גע־מישט די בלעטער פונ׳ם בראקען־בוך, איז אריינגעקומען דער שוויי־צער מיט רויטע באקען, און פול מיט באגייסטערונג האט ער דער־צעהלט פון דעם ערהאבענעם בילד, וואס ער האט געזעהן דארט אויבען אויפ׳ן טורעם. איהם איז פארגעקומען, ווי דאס ריינע, רו־היגע ליכט פון דער זון, א סימבאל פון אמת, וואלט געקעמפפט מיט די נאכטיגע טומאנען, אז דאס האט אויסגעזעהן ווי א מלחמה צווישען גייסטער, וואו בייזע צארענדיגע ריזען האבען אויסגע־שטרעקט זייערע לאנגע שווערדען און זיך געיאגט נאך געפאנצער־טע ריטער אויף ווילדע גאלאפירענדע פערד, שטרייט־וועגען, פלא־טערדיגע פון דעם ווילדען מיש מאש האבען ארויסגעשוואומען אויסטערלישע בילדער פון חיות, ביז סוף כל סוף ווערט דאס אלץ צוזאמען אופגעפרעסען אויף דעם ווילדסטען אויפן. עס ווערט בלאסער און בלאסער, צורינט און ווערט פארשוואונדען ניט אי־בערלאזענדיג נאך זיך דעם מינדסטען שפור. אט די רעמאנאגישע נאטור ערשיינונג האב איך פארשפעטיגט און ווען עס זאל קומען צו אן אונטערזוכונג, קען איך דורך א שבועה פארזיכערען אז איך וויים פון גאר ניט, נאר אז די קאווע איז געווען געשמאק. אך, אט די קאווע איז אפילו שולדיג אין דעם וואס איך האב גאר פארגעסען אן מיין שעהנע דאמע, און איצטער איז געשטאנען צוזאמען מיט איהר מוטער און זייער באגלייטער ביי דער טיר, גרייט אויף צו זיצען אויף דעם וואגען. איך האב קוים נאך געהאט צייט גענוג, צו צוגעהן און איהר צו פארזיכערען אז ס׳איז קאלט. זי האט אויס־געזעהן ניט צופרידען וואס איך בין ניט געקומען פריהער; דאך האב איך גלייך גלאט געמאכט די שלעכט געשטימטע פאלבען פון איהר שעהנעם שטערען, מיט דעם, וואס איך האב איהר געשענקט א וואונדערליכע בלום, וואס איך האב א טאג פריהער, מיט א גע־פאהר דעם האלז צו צוברעכען, אבגעריסען פון א משופע׳דיגע פעלזענוואנד. די מוטער האט געוואלט וויסען דעם נאמען פון דער בלום, גלייך ווי זי וואלט געפונען פאר ניט פאסיג אז איהר טאכ־טער זאל טראגען אויף איהר ברוסט, א פרעמדע, ניט באקאנטע

בלום — ווארום אויף צו'ן אמת, די בלום האט געפונען אן ארט וואס איז ווערט מקנא צו זיין, א זאך וואס זי האט געכטען זיכער ניט גע'חלום'ט דערפון, ווען זי איז געשטאנען אויף דער איינזאמער הויף. דער שוויגענדיגער באלייטער האט איצטער געעפענט דאס מויל, האט איבערגעצעהלט די שטויב פעדימלעך, און א זאג געטאן גאנץ טרוקען: זי געהערט צו דער אכטער קלאס.

מיך פארדריסט אלעמאל ווען איך זעה, אז גאטס ליעבע בלומען טיילט מען אויך איין פונקט ווי אונז אין פארשידענע קאסטען. און אויך לויט עהנליכע דרויסענדיגקייטען, נעמליך, לויט דער פארשידענקייט פון די שטויבענפעדימלעך. אויב שוין יא מאכען אן איינטיילונג, וואלט מען שוין גיכער באדארפט פאלגען טהעאפראסטס'ס פארשלאג, וואס וויל די בלומען גיכער איינטיילען לויט זייער גייסט, דאס הייסט, לויט דעם ריח. בנוגע מיר, האב איך מיר אין דער נאטור־וויסענשאפט מיין אייגענעם סיסטעם, און לויט איהם טייל איך אלץ איין: אין דאס, וואס מען קען עסען, און אין דאס, וואס מען קען ניט עסען.

דאך פאר דער עלטערער דאמע איז די געהיימניספולע נאטור פון די בלומען געווען פארשלאסען. און ניט ווילענדיג האט זי זיך אויסגעדריקט, אז זי האט הנאה פון א בלום ווען זי וואקסט אין גארטען, צו אין דער וואזאנע, און פארקעהרט, ציטערט אויף אין איהר ברוסט א לייכטער, שמערצליך פאר'חלום'טער געפיהל, ווען זי דערזעהט אן אפגעריסענע בלום — ווארום אזא בלום איז דאך אייגענטליכע א מת, און אזא אפגעריסענער, צארטער, בלומען־מת, לאזט טרויעריג אראפ הענגען דאס קעפיל ווי א טויט קינד. די דאמע איז כמעט דערשראקען געווארען פון דעם טריבען אפשיין פון איהר באמערקונג. און ס'איז געווען מיין חוב דעם אפשיין אפצואווישען מיט עטליכע וואלטערישע פערזען. אבער ווי אט די עטליכע פראנצויזישע ווערטער האבען אונז גלייך צוריק געבראכט צו א גוטער שטימונג! מיר האבען געלאכט, הענד זענען געקושט געווארען, מען האט ליעבליך געשמייכעלט, די פערד האבען זיך צו הירזשעט און דער וואגען האט זיך לאנגזאם און שווערליך גענומען קייקלען בארג אראפ.

איצטער האבען די סטודענטען זיך אויך געקליבען אין וועג אריין. די רייזע־טאשען זענען געווארען פארשנירט, די חשבונות, וואס זענען איבער אלע ערוואַרטונגען געווען גאַנץ ביליגע, זענען געווארען אפגעצאהלט, די גאסטפריינדליכע הויז־מייד־לעה, אויף וועמעס געזיכטער עס איז געווען צו דערקענען שפורען פון גליקליכער ליעבע, האבען, ווי עס פיהרט זיך, געבראכט די בראַקענבלומען, האבען געהאלפען זיי אריינצושטעקען אין די היטלען, זיי זענען דערפאר האנאָרירט געווארען מיט קושען אדער מיט א פאר גראשען. און אזוי האבען מיר זיך אלע א לאז געטאן בארג אראפ. דערביי האבען זיך א טייל, צווישען וועלכע עס האבען זיך אויך געפונען דער שווייצער און דער גרייפסוואלדער, געלאזט געהן קיין שיערקע, און די איבעריגע, אונגעפעהר א צוואנציג מענשען, צווישען וועלכע עס זענען אויך געווען מיינע לאנדסלייט און איך, זענען אנגעפיהרט פון א וועגוויייזער, געגאנגען דורך די אזוי גערופענע שניילעכער, און מיר האבען זיך געלאזט קיין אילזענבורג.

און דאס איז געווען שוין איינמאל געגאנגען. האללע'שע סטודענטען מארשירען שנעלער ווי די עסטרייכישע לאנדוועהר. איידער איך האב מיך ארומגעקוקט איז דער געלער קאפ פון בארג מיט די אויף איהם צוזעעטע שטיינגרופען, שוין געווען הינטער אונז, און מיר זענען אריין אין א טאנענוואלד, וואס איך האב געזעהן נאך מיט א טאג פריהער. די זון האט שוין ארונטערגעגאסען איהער יום טוב'דיגע שטראהלען און האט באלויכטען די הומארים־טיש בונט באקליידעטע בחורים, וואס האבען אזוי מונטער זיך דורכגעשטופט דורך די געדיכטע קוסטען, דא פארשוואונדען, דאַר־טען זיך ווידער באוויזען. אין די זומפיגע ערטער געלאפען אויף אריבערגעלעגטע שטאמען פון בוימער, ביי קרומע טיפענישען געקלעטערט אויף געדרעהטע ווארצלען, געלאזט הערען זייער פרייד אין פארשיעדענע קולות, און פונקט מיט אזעלכע לוסטיגע קולות באקומען אן ענטפער פון סווישטשענדיגע פייגעלעך, פון רוישענדיגע טאנען, פון די ניט געזעהענע, פאטשענדיגע קוואלען און פון די שאלענדיגע ווידער־קולות. ווען נאטור־פרעהליכע יוגענד קומט זיך צוזאמען מיט דער שעהנער נאטור, אזוי פרעהען זיי זיך ביידע.

וואס טיעפער מיר האבען ארונטערגעקלעטערט, אלץ ליעבלי־כער האבען געוויזשט די אונטערערדישע וואסערן. נאר וואו ניט וואו אונטער שטיינער און פארדרעהטע זווארצלען האט זיך באווי־זען א וואסער'ל וואס האט ארויסגעקוקט, און ס'האט זיך געדאכט, ווי עס וואלט בסוד זיך צוגעהערט, אויב עס מעג זיך באווייזען אין דער ליכטיגקייט. און ענדליך האט זיך באוויזען א קליינער קוואל, וואס איז ענטשלאסען ארויסגעשפרונגען און דא האט זיך בא־וויזען די געוועהנליכע ערשיינונג. דער געוואגטער מאכט דעם אנהויב, און די גרויסע באליאסטרע שרעקענדיגע, ווערט פלוצים, צו איהר אייגענעם ערשטוינען, פארכאפט פון מוט, און איילט זיך צו פאראייניגען מיט דעם ערשטען. א גרויסע צאל אנדערע קווא־לען האבען איצטער האסטיג ארויסגעשפרונגען פון זייערע באהעל־טעניסען, און באלד האבען שוין אלע צוזאמען געמאכט א היבש טייכעל, וואס האט געווישט, געדרעהט זיך, געמאכט וואסערפא־לען און זיך געיאגט אלץ רוישענדיגער אראפ צום טאל. און דאס איז שוין די אילזע. די ליעבליכע, זיסע אילזע. זי ציהט זיך דורך דעם געבענשטען אילזענטאל, ביי וועמענסביידע זייטען עס הויבען זיך אויף די בערג וואס אמאל אלץ העכער און העכער. און אט די בערג זענען שוין ניט מעהר באוואקסען מיט טאנען אדער אנדערע נאָ־דעל־בוימער, נאר מיט בוכען, דעמבעם און געוועהנליכע בלעטער־דיגע קוסטען. ווארום אט דער מין בלעטער־בוימער איז דא דער הערשער אויף דעם „אונטערשטען הארץ", ווי מען רופט די מזרח־זייט פונ'ם בראָקען, אין געגענזאץ צו דעם מערב־זייט, וואס הייסט דער „אויבערשטער הארץ", און איז ווירקליך העכער, און דערפאר אייגענטליך גינסטיגער פאר דעם וואקסען פון נאדעל־בוימער.

עס איז ניט צו באשרייבען מיט וואס פאר א פרעהליכקייט, נאאיוויטעט און חן די אילזע שטירצט זיך אראפ, איבער אוים־טערליש געפארעמטע פעלזען, וואס זי געפינט אויף איהר וועג, אזוי אז דא הויבט זיך דאס וואסער ארויף ווילד אין דער הויך, ציששט אדער לויפט איבער מיט א שוים, דארט גיסט ער זיך ארויס אין ריינע בויגענס פון שטיינערנע שפאלטען, ווי פון פולע גיס־קאנען, און אונטען טאנצט עס ווידער איבער קליינע שטיינדעלעך.

ווי א פרעהליך מיידעלע. יא, די לעגענדע איז אמת, אז די אילזע איז א פרינצעסין, וואס לויפט ארונטער פון בארג, לאכענדיג און בליהענדיג. ווי איהרע שוימענדיגע קליידער בלאנקען אקעגען דעם זונשיין! ווי עס פלאטערען אין ווינד איהרע זילבערנע בוזים־בענדער! ווי פינקלען און בליצען איהרע דימענטען! די הויכע בוכען בוימער שטעהען דא, ווי ערנסטע טאטעס וואס שמייכלען בגנבה, ווען זיי זעהען ווי דאס ליעבע קינד בעוויזט זיינע שטיקלעך; די וייסע בעריאזעס באוועגען זיך מיט הנאה און צו דערזעלביגער צייט מיט מורא איבער די געוואגטע שפרינג; דער שטאלצער דעמב קוקט זיך איין ווי א בייזער פעטער, וואס וועט פאר אט דעם דאזיגען פארגעניגען מוזען באצאהלען; די פייגעלעך אין דער לופט יובלען זייערע בייפאל, די בלומען ביי די ברעגען פליסטערן צערטליך: אזוי, נעם אונז מיט, נעם אונז מיט, ליעב שוועסטעריל!
— אבער דאס לוסטיגע מיידעל שפרינגט אהן אן אויפהער ווייטער, און פלוצים כאפט זי ארום דעם פאר'חלומ'טען דיכטער. און עס שטרעמט אראפ אויף מיר א בלומענרעגען פון קלינגענדיגע שטראהלען, און שטראהלענדיגע קלאנגען, און מיינע חושים פארגעהן פון לויטער הערליכקייט און איך הער נאך בלויז די פלייטענדיג שטים:

איך בין פרינצעסין אילזע,
און וואוין אין אילזען־שטיין,
קום מיט, מיט מיר אין פאלאץ,
מיר וועלען גליקליך זיין.

דיין קאפ וועל איך באנעצען
מיט וועלען קלאר און קאלט
דיין שמערץ זאלסטו פארגעסען,
וואס מאכט דיך קראנק און אלט.

אין מיינע וייסע ארעמס,

און אויף מיין ווייסער ברוסט,
וועסט ליגען און דיר טרוימען
פון אלטען גליק און לוסט.

איך וועל דיך קושען, האלזען,
ווי כ'האב געהאלזט אמאל
דעם ליעבען קייזער היינריך,
וואס רוהט אין טויטען־טאל.

עס בלייבען טויט די טויטע,
און נאר ווער ס'לעבט איז גוט.
און איך בין יונג און פרעהליך,
עס זינגט אין מיר דאס בלוט.

און זינגט מיין הארץ דארט אונטען
קלינגט מיין קריסטאלען־שלאס,
און ס'טאנצען פרויען ריטער
און יובלען אהן א מאס.

עס רוישען די זיידענע שלעפען,
און ס'קלינגען די אייזערנע שפאר'ן.
די קארליקעס שאלען און פויקען
און פידלען און בלאזען אין הארן.

דאך דיך האלט איך פעסט אין די ארעמס,
ווי כ'האב עס דעם קייזער געטאן,
איך האב איהם פארשטעלטביידע אויערן,
ער זאל ניט דערהערען קיין טאן.

---

**אונענדליך זעליג** איז דער געפיהל, ווען די ערשיינונגס־וועלט גיט זיך צוזאמען מיט דער געמיטהס־וועלט. און גרינע ביי־מער, געדאנקען, פויגעל־געזאנג און אומעט, הימעלבלויקייט,

זכרונות און דער ריח פון קרייטיכער מישען זיך צוזאמען אין זיסע אראבעסקען. די פרויען קען אט דאס געפיהל צום בעסטען. און דערפאר שוועבט אזא רייצענדיג, ניט גלויביג שמייכעלע אויף זייערע ליפען, ווען זיי הערען ווי מיר באריהמען זיך מיט אזא גדלות פון שול־אינגלעך מיט אונזערע לאגישע מעשים, ווי מיר טיילען דאס אלץ אזוי היבש איין אין אביעקטיוו און סוביעקטיוו, ווי מיר באזארגען אונזערע קעפ ווי אן אפטייק מיט טויזענד שופלעדער, וואו אין איינעם געפינט זיך פארנונפט, אין א צווייטען פארשטאנד, און א דריטען וויץ, אין א פערטען שלעכטער וויץ, אין א פינפטען גאר ניט, דאס הייסט די אידעע.

פארזונקען אין חלומות, האב איך כמעט ניט באמערקט, אז מיר האבען שוין פארלאזען די טיעפעניש פון דעם אילזענטאל און איצט קלעטערען מיר ווידער בארג ארויף. דא איז׳ס געגאנגען משופע׳ידג, און מיט מאטערניש און ניט איינער פון אונז האט קוים געקענט דעם אטעם כאפען. דאך מיר האבען אזוי ווי אונזער פארשטארבענער קרוב, וואס ליגט באגראבען אין מעלן, אין פאראוים געטראכט וועגען דעם בארג אראפ, און מיר האבען זיך דערפיהלט דערפאר נאך פרעהליכער. ענדליך האבען מיר דערגרייכט דעם אילזענשטיין.

דאס איז אן אונגעהייערער גראניט פעלז, וואס הויבט זיך ארויס פון דער טיעפעניש לאנג און מיט שטאלץ. פון דריי זייטען רינגלען איהם ארום די הויכע מיט װאלד באדעקטע בערג, די צפון זייט איז פריי און פון דאנען זעהט מען אריבער דעם אילזענבורג וואס ליגט אונטען און אריבער דער אילזע, ווייט אראפ ביז אין דעם טיעפען ניעדעריגען לאנד אריין. אויף דעם טורעם־ארטיגען שפיץ פונ׳ם פעלז שטעהט א גרויסער, אייזערנער צלם. און פאר א נויט איז דארט פאראן נאך פלאץ פאר פיער מענשליכע פיס.

פונקט ווי די נאטור האט דורך דעם ארט און דורך דער פארם באציערט דעם אילזענשטיין מיט א פאנטיסטישען רייץ, אזוי האט אויך די לעגענדע אויסגעגאסען איבער איהם איהר ראזאווען שיין. גאטשאלק שרייבט: „מען דערצעהלט, דא איז אמאל געשטאנען א פארשאלטענער שלאס, אין וועלכען עס האט געוואוינט די רייכע,

שעהנע פרינצעסין אילזע, וואס נאך איצטער באדט זי זיך יעדען אין דער פריה אין דער אילזע: און ווער עס איז אזוי גליקליך צו טרעפען זי אין דער פאסיגער צייט, דער ווערט געפיהרט פון איהר אין שלאס אריין, וואס געפינט זיך אין דעם פעלז און ווערט דארט קעניגליך באלוינט". אנדערע דערצעהלען וועגען דער ליעבע צווישען דעם פריילייז אילזע און דעם ריטער פון וועסטנעבורג, א וואונדערליכע מעשה, וואס איינער פון אונזערע באקאנטעסטע דיכטער האט ראמאנטיש באזונגען אין דער „אבענד־צייטונג". אנדערע דערצעהלען ווידער אנדערש: אז דאס זאל האבען געווען דער אלט־זאקסישער קייזער היינריך, וואס האט מיט אילזע'ן, דער שענער וואסער־פרינצעסין, פארבראכט קייזערליכע שטונדען אין איהר פארכשופ'טען שלאס. א נייערער שריפטשטעלער, הער ניעמאן, וואס האט אנגעשריבען א הארצרייזע בוך, אין וועלכען ער האט מיט א לויבענסווערטען פלייס און מיט גענויע צאהלען באשריבען די הויכקייט פון בערג, אבווייכונגען פון דער מאגנעט נאדעל, די חובות פון די שטעדט א. ד. גל. באהויפטעט פון דעסטוועגען, „אז די גאנצע מעשה, וואס מען דערצעהלט פון דער שעהנער אילזע איז ניט מעהר ווי א לעגענדע". אזוי רעדען אט די אלע לייט, פאר וועמען אזא פרינצעסין האט זיך קיינמאל ניט באוויזען. מיר אבער, וואס שעהנע דאמען באווייזען זיך צו אונז באזונדערס גינסטיג, ווייסען דאס בעסער. דער קייזער היינריך האט דאס אויך געוואוסט. ניט אומזיסט האבען די אלט־זאקסישע קייזארים אזוי געקלעפט אן דעם היימישען „הארץ". הויבט מען נאר אן צו בלעטערען אין דער היבשער לינעבורגער כראניק, וואו די גוטע, אלטע הערען, זעענען איבערגעגעבען אין וואונדערליכע, טרייהארציגע האלצשניטען, גוט געפאנצערט, אויף הויכע באוואפענטע שלאכט־פערד, די הייליגע קייזער־קרוין אויף דעם טייערען קאפ, סצעפטער און שווערד אין די פעסטע הענד: און אויף די ליעבע, באוואנצעטע געזיכטער, קען מען לייענען דייטליך, ווי אפט זיי האבען זיך פארבענקט נאך דעם זיסען הארץ פון דער הארצפרינצעסין אין דעם היימישען רוישען פון די הארצוועלדער, ווען זיי האבען פארבראכט אין דער פרעמד, אפשר גאר אין דעם ציטראנרייכען און גיפט־רייכען וועל־

שענלאנד, וואוהין זיי און זייערע נאכפאלגער זענען פארפיהרט געוואָרען פון דעם וואונש, צו ווערען רוימישער קייזער. אן אמת דייטשע טיטול קראנקהייט, פון וועלכער עס איז צוגרונד געגאנגען סיי דער קייזער און סיי די מלוכה.

איך ראט אבער יעדען, וואס שטעהט אויפ'ן שפיץ פון איל־זענפעלז, אז ער זאל ניט טראכטען ניט פון קייזער און מלוכה. און אויך ניט פון דער שענער אילזע, נאר בלויז פון זיינע פיס. ווארום ווען איך בין דארט געשטאנען א פארטראכטער, האב איך פלוצים דערהערט די אונטערערדישע מוזיק פון דעם פאר'כשופ'טען שלאס, און איך האב געזעהן ווי די בערג האבען זיך ארום און ארום געשטעלט אויף די קעפ, און די רויטע ציגעלדעכער פון אילזענ־בורג האבען אנגעהויבען צו טאנצען און די גרינע בוימער זענען ארומגעפלויגען אין דער לופט, אזוי אז מיר איז געוואָרען גרין און בלוי פאר די אויגען, און איך וואלט זיכער, פארכאפט פון שווינ־דעל, ארונטערגעפאלען אין דעם אבגרונד, ווען איך וואלט זיך ניט אנגעכאפט אן דעם אייזערנעם צלם. דאס, וואס איך האב געטאן דאס לעצטע, ווען איך בין געווען אין אזא סכנה, וועט מיר זיכער קיינער ניט פארדענקען.

---

„די רייזע אויפ'ן האריץ" איז און וועט בלייבען א פראגמענט. און די בונטע פעדים, וואס זענען אין איהר אזוי פיין אריינגעשפינט, און האבען געזאלט דערנאך ווערען צוזאמענגעפלאכטען אין איין גאנ־צע הארמאנישע זאך, ווערען פלוצים איבערגעשניטען, ווי מיט א שער פון דער אונדערבארעמדיגע פארצע. אפשר וועל איך זיי ווייטער פארוועבען אין מיינע קומענדיגע ליע־דער, און דאס וואס איז איצט אזוי קארג פארשוויגען געוואָרען, וועט ערשט דעמאלט אין גאנצען ארויסגעזאגט ווערען. ווארום סוף כל סוף איז דאך אלץ איינס ווען און וואו מען רעדט עפּיס ארויס. דער עיקר אז מען זאגט עס איבערהויפּט. איינצעלנע ווערק מעגען זיך תמיד זיין פראגמענטען, ווען זיי בילדען נאר איין גאנצעס ווען מען פאראייניגט זיי. דורך אזא פאראייניגונג קען אמאל דא און דארט דאס מאנגעלהאפטע ווערען דערגאנצט, דאס קרומע אויסגע־

גלייכט און דאס צו הארבע געמילדערט. אט דאס וועט אפשר זיין דער פאל שוין באלד ביי די ערשטע בלעטער פון דער „הארצרייזע“ און זיי וואלטען דאן זיכער געקענט ארויסברענגען א פיעל קלענערען זויערען איינדרוק, ווען מען זאל זיך פון דער אנדערער זייט דערוויסען, אז דער ביטערער געפיהל וואס איך גיס אויס אויף געטינגען, כאטש ער איז נאך גרעסער, ווי איך זאג איהם ארויס, איז ער דאך פארט ניט אזוי גרויס, ווי די פארעהרונג, וואס איך פיהל אקעגען עטליכע דארטיגע יחידים. און פארוואס זאל איך דאס האבען פארשוויגען? איך מיין דא באזונדערס יענעם זעהר טייערען מאן, וואס האט זיך נאך אין דער גאר ערשטער צייט פאר מיר אזוי פריינדליך אנגענומען, און דאמאלט שוין האט ער אין מיר איינגעפלאנצט די ליעבע פאר דאס סטודיום פון געשיכטע, שפעטער צו האט ער אין מיר דעם פליים צו דעמזעלביגען פארשטארקט און דורך דעם געפיהרט מיין גייסט אויף רוהיגערע וועגען, און האט בכלל פאר מיר צוגעגרייט יענע היסטארישע טרייסטונג, אהן וועלכער איך וואלט קיינמאל ניט געקענט אריבערטראגען די פייערליכע ערשיינונגען פונ'ם טאג. איך רעד דאס וועגען געארג סארטאריוס, דעם גרויסען געשיכטס פארשער און מענש, וועמענס אויג עס איז א קלאהרער שטערען אין אונזער פינסטערער צייט, און וועמענס גאסטפריינדליכע הארץ שטעהט אפען פאר אלע פרעמדע ליידען און פריידען, פאר די דאגות פון בעטלער און דעם קעניג, און פאר די לעצטע זיפצען פון אונטערגעהענדיגע פעלקער און זייערע געטער. —

איך קען אויך ניט ווייטער געהן, ניט פריהער אנצודייטען, אז דער אויבערשטערהארץ, יענער טייל פון הארץ, וואס איך האב באשריבען ביז צום אנהויב פון אילזענטאל, גיט ווייט ניט אזא דערפרעהענדיגען אנבליק, ווי די ראמאנטיש מאלערישער אונטערשטער הארץ, און אז ער איז מיט זיין ווילדקרומער, טאנענפינסטערער שעהנקייט גאר א געענגזאץ צו אט דעם אונטערשטען הארץ; און פונקט אזעלכענע קאנטראסטען שטעלען מיט זיך פאר די דריי טאלען, וואס באשטעהן פון דער אילזע, פון דער באדע און דער זעלקע. ווען מען וויים נאר ווי אזוי דעם כאראקטער פון יעדען טאל צו

פּערזאָנאַפיצירען. דאָס זענען דריי פרויען געשטאַלטען, וואָס מען קען זיי ניט אַזוי לייכט אונטערשיידען וועלכע פון זיי עס איז די שעהנסטע.

פון דער ליעבער, זיסער אילזע, און ווי זיס און ליעבליך זי האָט מיך אויפגענומען האָב איך שוין געזאָגט און געזונגען. די אומעטיגע שעהנקייט, די באָרדע האָט מיך שוין ניט אַזוי גנעדיג אויפגענומען. און ווען איך האָב זי צוערשט דערזעהן אין דעם טונקעלען ריבעלאַנד, האָט זי גאָר אויסגעזעהן בייז און זיך פאַרהילט אין אַ זילבער גרויען רעגענשלייער: מיט אַ שנעלער ליעבע האָט זי איהם אבער ראש אַרונטערגעוואָרפען פון זיך, ווען איך האָב דער־גרייכט די הויך פון דער ראָסטראַפּע. איהר פנים האָט מיר אַקעגען געלויכטען מיט אַ זוניגער פּראַכט, פון אַלע שטריכען האָט אַראָפּ געהויכט אַ קאָלאָסאַלע צערטליכקייט, און פון דער פעלזענ־ברוסט האָבען זיך אַרויסגעריסען זיפצען פון בענקשאַפט און אוים־געהענדיגע קלאַנגען פון אומעט. וויניגער צערטליך, אָבער פאַר דאָס פרעהליכער, האָט זיך צו מיר באַוויזען די שענע זעלקע. אָט די שענע ליעבענסווירדיגע דאַמע, וועמענס ערדלע איינפאַכקייט און פרעהליכע רוהיגקייט האָט פון זיך דערווייטערט יעדע סענטימענ־טאַליטעט, און וועלכע פּעראַט אָבער איהר שטיפערישע נאַטור; דורך אַ האַלב פאַרבאָרגענעם שמייכעל; און אָט דעם שמייכעלע וויל איך דאָס צו שרייבען, וואָס מיר איז אין זעלקענטאַל אויסגע־קומען צו ליידען פון עטליכע קליינע אונאַנגענעמליכקייטען. האָב איך געוואָלט אריבער שפּרינגען אריבער אַ וואַסער, האָב איך גע־טראָפען פונקט אין דער מיט אריין, און דערנאָך אַז איך האָב פאַר־ביטען מיינע נאַסע שיך אויף פאַנטאָפעל, איז מיר איינער פאַר־שוואונדען פון אונטער די הענד, אָדער בעסער געזאָגט, פון אונטער אַ פוס, אַ שטורם פון ווינט האָט מיר פאַרשלעפּט דאָס היטעל, וואַלד דערנער האָבען מיר צולעכערט די פיס, און ליידער אַזוי ווייטער. און איצטער שטעהט זי פאַר מיינע אויגען מיט איהר גאַנ־צען שטילען און ליעבען רייץ און מיר דאַכט זי זאָגט: ווען איך לאַך אפילו, מיין איך עס דאָס גוט מיט אייך, און איך בעט אייך, באַזינגט מיך! די הערליכע באָרדע שווימט אויף אַרוים פאַר מיין

זכרון און איהר טונקעל אויג זאגט: דו ביזט גלייך צו מיר מיט דעם שטאלץ און מיט דעם שמערץ, און איך וויל אז דו זאלסט מיך ליעב האבען. אויך די שעהנע אילזע קומט אהער צו שפרינגען, ציערליך און כשופ'דיג אין אויסדרוק, געשטאלט און באוועגונג; זי איז אין גאנצען גלייך צו דעם ליעבענסווירדיגען וועזען, וואס מאכט מיך אזוי גליקליך אין מיינע חלומות. און ווי יענע קוקט קוקט זיך מיך אן מיט א מאדנער גלייכגילטיגקייט און דאך, אזוי צוגעטאן, אזוי אייביג, אזוי דורכזיכטיג אמת'דיג.—און נון. איך בין פאריז. פאר מיר שטעהען די דריי געטינס. נאך דעם אפעל וועל איך געבען דער שעהנער אילזע.

היינט איז דער ערשטער מאי. ווי א ים פון לעבען צוגיסט זיך דער פריהלינג איבער דער ערד. דער ווייסער בליהונגס-שוים בלייבט הענגען אויף די בוימער, א ווייסער, ווארעמער נעבעל-גלאנץ שפרייט זיך אוים אומעטום, אין דער שטאדט בליצען פריידיג די פענסטער שויבען פון די הייזער, אויף די דעכער בויען די שפאצען ווידער זייערע נעסטען, אויף דער גאס דרעהען זיך ארום די לייט און וואונדערען זיך, וואס די לופט איז אזא מאדנע און וואס זיי אליין איז אזוי מאדנע וואונדערליך אויפ'ן הארצען. די בונטע פויערטעס ברענגען בינטלעך פיילעכלעך: די יתומים מיט זייערע בליע יאקעלעך, און זייערע ליעבע, ממזר'ישע פנים'לעך, ציהען זיך, ווי זיי וואלטען דאס היינט צוריק געפונען זייערע טאטעס. דער בעטלער אויף דער בריק, זעהט אוים אזוי פרעהליך ווי ער וואלט דאס געוואונען דאס גרויסע געווינס. אפילו דעם שווארצען נאך ניט אויפגעהאנגענעם מעקלער, וואס לויפט דארט ארום מיט זיין גנב'ישען מאנופאקטור ווארען-געזיכט, באַ־שיינט די זון מיט איהרע טאלעראנטע שטראהלען — איך וויל ארויסוואנדערען פאר דער טיר.

עס איז דער ערשטער מאי. און איך טראכט פון דיר, די שענע אילזע. — אדער זאל איך דיך אפשר רופען „אגנעס", ווייל אט דער נאמען געפעלט מיר צום בעסטען? — איך טראכט פון דיר און וואלט דיך וועלען ווידער זעהן, ווי דו לויפסט א לויכטענדיגע ארונטער פון בארג. צום ליעבסטען אבער, וואלט איך וועלען

שטעהן אונטען אין טאָל און דיך אויפכאַפּען אין מיינע אָרעמס.— עס איז א שעהנער טאָג! אומעטום זעה איך די גרינע פאַרב, די פאַרב פון האָפענונג. אומעטום בליהען ארוים די בלומען ווי ליע־בענסווירדיגע וואונדער, און אויך מיין הארץ וויל ווידער בליהען. אט דאָס הארץ איז אויך א בלום, א זעהר וואונדערליכע. עס איז ניט קיין צנועה'דיג פיילכען, קיין לאַכענדיגע רויז, קיין ריינע ליליע, אָדער אַנדערע אַזעלכענע בלומען וואָס דערפרעהען מיט ליעבליכ־קייט דאָס מיידעלשע הארץ, און לאָזען זיך אריינשטעקען אויף דער ברוסט, און היינט וועלקט עס און מאָרגען בליהט עס ווידער. אט דאָס הארץ איז מעהר גלייך צו יענער אויסערגעוועהנליכער בלום פון די בראַזיליאַנישע וועלדער, וואָס בליהט לויט דער לעגענדע, בלויז איינמאָל אין הונדערט יאָהר. איך דערמאָן זיך, אז אינגעלוויז האָב איך אַמאָל אַזא בלום געזעהן. אין מיטען דער נאַכט האָבען מיר פּלוצים דערהערט א שאָס ווי פון א פּיסטויל, און אויף צו מאָרגענס אין דער פריה, האָבען מיר די שכני'שע קינדער דער־צעהלט, אז דאָס איז געווען זייער „אַלאָע“, וואָס האָט מיט אַזא קנאַל פּלוצים אויפגעבליהט. זיי האָבען מיך ארונטערגעפיהרט אין זייער גאַרטען און דאָ האָב איך צו מיין פאַרוואונדערונג, געזעהן, ווי דער נידעריגער, האַרטער געוואוקס, מיט די נאַריש ברייטע שאַרף געציקעלטע בלעטער, אין וועלכע מען קען זיך לייכט צו־שטעכען, האָט איצט אין גאַנצען זיך א הויב געטאָן אין דער הויך, און אויבען געטראָגען ווי א קרוין די הערליכסטע בלום. מיר קינ־דער האָבען צומאָל גאַר ניט געקענט אפילו ארויפקוקען צו איהם. און דער אַלטער שמייכלענדיגער קריסטיאַן, וואָס האָט אונז ליעב געהאַט, האָט אויפגעבויט א הילצערנע טרעפּ ארום דער בלום, און דאָ האָבען מיר געגומען קלעטערען ווי די קעץ און האָבען ניי־גיעריג אריינגעקוקט אין דעם אָפענעם בלומענבעכער, אוים וועל־כען די געלע שטראַהלען־פעדימלעך און די ווילד פרעמדע שמע־קענדיגע ריחות, האָבען זיך ארויסגעריסען מיט א אונערהערטער פּראַכט.

יאָ, אַנגעס, אָפט און לייכט בליהט ניט אט דאָס הארץ: אויף וויפיעל איך דערמאָן זיך, האָט עס געבליהט בלויז איין איינציג מאָל. און דאָס מוז שוין האָבען געווען זעהר לאַנג, אודאי שוין א

הונדערט יאהר. איך גלויב, אז ווי הערליך זיין בליהונג האט זיך דאמאלט ניט ענטוויקעלט, האט זי דאך געמוזט אין עלענד אויס־געהן, צוליעב מאנגעל אין זונשיין און ווארעמקייט. אויב עס איז ניט גאר מיט געוואלט צושטערט געווארען פון א פינסטערען ווינטער שטורעם, און איצטער באוועגט עס זיך און רייסט זיך ווידער אין מיין ברוסט, און הערסטו פלוצים דעם שאם—מיידעל, אזוי דערשרעק זיך ניט! איך האב מיך ניט דערשאסען אויף טויט. נאר מיין ליעבע האט דאס צופלאצט איהר קנאספ און שיסט איצט ארויס אין שטראהלענדיגע ליעדער, אין אייביגע דיטהראמבען, אין דער פריידיגסטער פולקייט פון געזאנג.

איז דיר אבער אט די הויכע ליעבע צו הויך, אזוי מאך איך עס פאר דיר בעקוועם, איך ראט דיר: קריך ארויף אויף דער הילצערנער טרעפ, און קוק פון איהר אראפ אין מיין בליהענדיגען הארץ אריין.

איצט איז נאך פריה אויפ'ן טאג. די זון איז קוים דערגאנגען א העלפט פון איהר וועג, און מיין הארץ דופטעט שוין אזוי שטארק, אז עס קריכט אין מיין קאפ אריין און מאכט מיך שכור און איך ווייס מעהר ניט וואו עס הערט אויף די איראניע און וואו עס הויבט זיך אן דער הימעל. אז איך פארוואלקען די לופטען מיט מיינע זיפצען, און אז איך אליין וואלט וועלען ווידער צורונען ווערען אין זיסע אטאמען, אין דער ניט געשאפענער גאטהייט;—ווי וועט דאס ערשט זיין, ווען עס וועט ווערען נאכט, און די שטערען וועלען זיך באווייזען אין הימעל. „די אומגליקזעליגע שטערען, וואס קענען דיר זאגען. — — "

עס איז דער ערשטער מאי. דער לומפיגסטער קרעמער־אינגעל האט היינט דאס רעכט צו ווערען סענטימענטאל, און דעם דיכטער ווילסטו דאס פארוועהרען?

# צפון ים.

.1826

געשריבען אויף דעם אינזעל נאָרדערײנעי.

— — — די איינגעבוירענע זענען צום מיינסטענס ארים אין בלוט און לעבען פון פיש פאנג, וואס הויבט זיך ערשט אן אין קור־מענדען חודש, אין אקטאבער, ווען דאס וועטער איז שטורעמדיג. א סך פון אט די אינזעלאנער, דיענען אויך אלס מאטראזען אויף פרעמדע סוחר'שע שיפען, און זענען גאנצע יאהרען ווייט פון דער היים, און לאזען פון זיך גאר ניט הערען צו זייערע קרובים. ניט זעלטען געפינען זיי דעם טויט אויפ'ן וואסער. איך האב אויף דעם אינזעל געפונען עטליכע ארימע ווייבער, וועמענס גאנצע מענליכע משפחה איז אויף אזא אופן אומגעקומען. א זאך וואס פאסירט אזוי לייכט, ווייל געוועהנליך פאהרט דער פאטער מיט זיינע אלע זיהן ארויס אויפ'ן ים מיט דעם זעלביגען שיף.

דאס פאהרען אויפ'ן ים האט פאר די דאזיגע מענשען א גרויסען רייץ; און דאך גלויב איך, אז אין דער היים פיהלען זיי זיך צום בעסטען. ווען די שיפען ברענגען זיי אפילו אהין אין יענע דרום לענדער, וואו די זון לייכט בליהענדיגער און די לבנה ראמאנטישער, קענען דאך פון דעסטוועגען אלע בלומען פון דארטען ניט אנפילען דאס לאך פון זייער הארצען. און אין דער מיט פון דעם שמעקענדיגען פריהלינגס־לאנד, פארבענקען זיי זיך צוריק צו זייער זאמדיגען אינזעל, צו זייערע קליינע כאטקעס, צו דעם פלאקערדיגען פייער, וואו זייערע אייגענע זיצען ארום גוט אנגעפעלצטע אין זייערע וואלענע יאקען און טרינקען אזא מין טהעע, וואס אונטערשיידט זיך פון ים־וואסער נאר מיט'ן נאמען, און רעדען א שפראך, וואס מען קען קוים באגרייפען, ווי אזוי עס איז פאר זיי אליין מעגליך, זי צו פארשטעהן.

דאָס וואָס די דאָזיגע מענשען האַלטען זיך אַזוי פעסט צוזאַמען, קומט ניט אַזוי פון דעם אינערליכען מיסטישען געפיהל פון ליעבע, נאָר גיכער פון דער געוועהנהייט, פון דעם נאַטירליכען זיך אַריינלעבען איינער מיט דעם אַנדערן, פון דער געמיינשאַפטליכער אונמיטעלבאַרקייט. דיזעלביגע הויכקייט פון גייסט. אָדער בעסער געזאָגט, ניעדעריגקייט פון גייסט, דערפאַר דיזעלביגע באַדערפעניסען און דיזעלביגע שטרעבונגען; דיזעלביגע ערפאַהרונגען און מיינונגען, דערפאַר אַזאַ לייכטע פאַרשטענדעניש צווישען זיך; און זיי זיצען זיך בשלום ביי דעם פייער אין זייערע קליינע כאַטקעס, רוקען זיך צונויף, ווען עס ווערט קאַלט, דערקענען אַן די אויגען, וואָס זיי טראַכטען, און די ווערטער לייענען זיי אַראָפּ פון די ליפּען נאָך איידער זיי ווערען אַרויסגערעדט, אַלע בשותפות׳דיגע לעבענס־באַציהונגען ליגען זיי אין זכרון, און דורך איין איינציגען קלאַנג, איין איינציגע הויך, איין איינציגע שטומע באַוועגונג, רופען זיי אַרויס צווישען זיך אַזוי פיעל געלעכטער, אָדער געוויין אָדער פאַרטראַכטקייט, ווי מיר קענען צווישען אונזערס גלייכען נאָר אַרויסברענגען דורך לאַנגע עקספּאָזיציאָנען, עקספּעקטאָראַציאָנען און דעקלאַמאַציאָנען. ווארום מיר לעבען אין דער אמת׳ן גייסטיג איינזאַם; דורך אַ באַזונדערען ערציהונגס־מעטאָד, אדער צופעליג אויסגעקליבענע באַזונדערע לעהרנביכער, האָט יעדער פון אונז געקראָגען אַן אייגענע כאַראַקטער ריכטונג, פאַרשיעדען פון די אַנדערע. יעדער פון אונז, גייסטיג צוקאַליעטשעט, טראַכט, פיהלט און שטרעבט אַנדערש ווי די אַנדערע, און די מיספאַרשטענדענישען זענען אַזוי פיעל, אַז זאָגאַר אין מאַנכע גרעסערע הייזער ווערט דאָס צוזאַמענלעבען שווער, און אומעטום איז אונז ענג, אומעטום זענען מיר פרעמדע, און אומעטום אין דער פרעמד.

אין יענעם צושטאַנד פון געדאַנקען־גלייכקייט און געפיהלס־גלייכקייט, ווי מיר זעהען דאָס ביי אונזערע אינזולאַנער, פלעגען אָפט לעבען גאַנצע פעלקער, און אָפט פלעגען זיי אַזוי לעבען דורות נאָך דורות. די רוימיש־קריסטליכע קירך אין מיטעלאַלטער האָט אפשר אין אַזאַ צושטאַנד געוואָלט באַגרינדען די געמיינשאַפטען פון גאַנץ אייראָפּאַ. און דערפאַר האָט זי דאָס גענומען אונטער

איהר אפיטראפסות אלע לעבענס־באציהונגען, אלע כחות און ער־שיינונגען, דעם גאנצען פיזישען און מאראלישען מענשען. עס לאזט זיך ניט לייקענען אז דורך דעם איז געבראכט געווארען א סך רוהיג גליק, און דאס לעבען האט געבליהט ווארעמער, איגטימער, און די קונסטען ווי שטיל ארויסגעוואקסענע בלומען, האבען ארויס־געבראכט יענע הערליכקייט, וואס נאך איצטער קוקען מיר זי אן מיט באוואונדערונג, און מיט אונזער גאנצען האסטיגען וויסען קע־נען מיר זי ניט נאכמאכען. אבער דער גייסט האט זיך זיינע איי־ביגע רעכט, ער לאזט זיך ניט איינשלעפערן דורך דאגמען און גלאקען־געקלאנג; ער האט צובראכען זיין תפיסה און צוריסען די קייט, צו וועלכער די קירך האט איהם געהאלטען צוגעשמידט, און אין טומעל פון דער באפרייאונג האט ער זיך א יאג געטאן איבער דער גאנצער ערד, האט ארויפגעקלעטערט אויף די העכסטע שפי־צען פון די בערג, האט פון איבערמוט מיט פרייד אויסגעשריען, האט זיך ווידער דערמאנט אן פארצייטיגע ספקות, האט זיך גע־גריבעלט וועגען די וואונדער פון טאג און געצעהלט די שטערן פון דער נאכט. מיר ווייסען נאך ניט די צאהל פון די שטערן, די וואונדער פונ'ם טאג האבען מיר נאך ניט אויפגעדעקט, די אלטע ספקות זענען געווארען מעכטיג אין אונזערע נשמות — איז איצטער פאראן מעהר גליק ווי אמאל? מיר ווייסען, אז ווען מען זאל די פראגע וועלען צופאסען צו דער גרויסער מאסע, איז ניט לייכט צו ענטפערן, יא; אבער מיר ווייסען אויך, אז א גליק וואס מיר האַ־בען צו פארדאנקען דעם ליגען, איז ניט קיין אמת גליק, און אז אין איין איינציגען צוריסענעם מאמענט, ווען מיר געפינען זיך אין א צושטאנד, וואס מאכט אונז אביסעל גלייך צו גאט, אין איין העכערער גייסטיגער דערהויבונג, קענען מיר פיהלען מעהר גליק, ווי אין די לאנגע פארשלאפענע יאהרען פון א פארשטיקטען קעלער־גלויבען.

אויף יעדען פאל איז יענע קירכען־הערשאפט געווען אן אונ־טעריאכונג פון דעם ערנסטען סארט. ווער קען אונז ערב זיין פאר דער גוטער כונה, וואס איך האב גאר וואס דערמאנט? ווער קען דען באווייזען, אז טיילמאל האט זיך ניט צוגעמישט עפיס א פאלשע

כונה? רוים האט אלע מאל געװאלט הערשען. און װען עס זענען געפאלען איהרע לעגיאנען, האט זי ארױסגעשיקט אין די פראװינ־צען איהרע דאגמען. װי א ריזיגע שפין איז רוים געזעסען אין דעם מיטעלפונקט פון דער לאטײנישער װעלט און האט זי פארצױגען מיט איהר אונענדליכען געװעב. דורות פון פעלקער האבען געלעבט אונטען א בארוהיגט לעבען, װארום זײ האבען געהאלטען פאר א הימעל דאס, װאס איז בלױז געװען רױמיש שפין־געװעב; ענג און עלענד האט זיך נאר געפיהלט דער העכער־שטרעבענדיגער גײסט, װאס האט געקענט דורכקוקען דורך דעם דאזיגען געװעב, און האט ער זיך געװאלט דורכרײסען האט איהם באלד דערטאפט די כיט־רע װעבערין און איהם אױסגעזױגט דאס בלוט פון הארצען; — און איז ניט דאס גע'חלום'טע גליק פון דעם פלאכען המון, געקױפט געװארען צו טײער פאר אט דעם בלוט? די טעג פון דער גײסטיגער קנעכטשאפט זענען פארבײ; שװאך פון אלטקײט צװישען די צו־בראכענע זײלען פון איהר קאליזעאום זיצט די אלטע צלם־שפין און שפינט נאך אלץ דאס אלטע געװעב. עס איז שױן אבער שװאך און צוקראכען און נאר שמעטערלינגען און פלעדערמײז קענען נאך דערין געפאנגען װערען, אבער ניט מעהר דער אדלער פון צפון.

— עס איז דאך װירקליך װערט צום לאכען, אין דער צײט, װאס איך האב אין זין זיך צו פארברײטען װעגען די כונות פון דער רױמישער קירך, קריג איך פלוצלינג די פראטעסטאנטישע קנאה, װאס האט איהר אנגעטאן די ערגסטע צרות; און טאקע אט די מײ־נונגספארשיעדענהײט אין מיר אלײן, גיט װידער א בילד פון דער צוריסענקײט פון אונזער הײנטיגען ארט דענקען. דאס װאס מיר האבען נעכטען באװאונדערט, האבען מיר הײנט פײנד. און מאר־גען װעלען מיר אפשר דערפון חוזק מאכען מיט גלײכגילטיגקײט.

אויף א געװיסען שטאנדפונקט איז אלצדינג גלײך גרוים און גלײך קלײן. און װען איך באטראכט אונזער אינזעלאנער, דערמאנט דאס מיך אן די גרעסטע אײראפעאישע צײט־אומבײטונגען. אויף זײ שטעהען אויף דער גרעניץ פון אזא נײער צײט. און זײער אל־טע מײנונגס־אײנהײט און תמימות'דיגקײט װערט צושטערט דורך דעם װאקסען פון די הײנע ים־בעדער. װארום זײ הערען זיך אן בײ

די געסט אלע טאג עפּיס נייעס, וואס זיי קענען ניט צונויפבינדען מיט זייערע פארצייטיגע לעבענס־מנהגים, און שטעהען זיי אין אבענד פאר די בעלויכטענע פענסטער פון דעם קאנווערזאציאנס־הויז און באטראכטען דארטען די מעשים פון די הערן און דאמען, די פארשטענדליכע בליקען, די באגעהרליכע גרימאסען, דאס תאוה'דיגע טאנצען, דאס הנאה'דיגע עסען, דאס האבזיכטיגע שפּיעלען א. אז. וו. בלייבט דאס פאר די דאזיגע מענשען ניט אהן שלעכטע פאלגען, וואס קענען אפילו ניט גוט געמאכט ווערען, דורך דעם געלד וואס זיי געווינען פון דעם באד־אנשטאלט. ווארום אט דאס געלד קלעקט ניט פאר די צוגעקומענע נייע באדערפענישען. דערפון קומט די אינווענינגסטע לעבענס־צושטערונג, א שלעכטער אנרייץ, און גרויסע יסורים. ווען איך בין געוועזן א אינגעל, פלעג איך אלע מאל פיהלען א ברענענדיגען פערלאנג, ווען מען האט פאר מיר פארבייגעטראגען אויפגעדעקטע שען געבאקענע טארטען, פון וועלכע איך האב גאר ניט געקראגען; שפּעטער צו פלעגט מיך דאס זעלביגע געפיהל שטעכען, ווען איך פלעג זעהן פארביישפּאציערען די מאדיש ענטבלעזטע שענע דאמען; און איך טראכט איצטער, אז די ארימע אינזעלאנער, וואס לעבען נאך אין דעם צושטאנד פון קינדער, האבען דא אפּטע געלעגענהייטען פאר עהנליכע געפיהלען. און עס וואלט גוט געוועזן ווען די אייגענטימער פון די שענע טארטען און שענע פרויען, זאלען זיי אביסעל צודעקען. אט די פיעלע ניט פארדעקטע דעליקאטעסען, אן וועלכע יענע לייט קענען נאר אנזעטיגען די אויגען, מוזען אודאי זעהר שטארק אויפוועקען זייערע אפּעטיטען, און ווען די ארימע אינזעלאנערינס באקומען אין זייער שוואנגערשאפט אלערליי זיסע געבאקענע פארגליסטונגען, און צום סוף ברענגען זיי גאר קינדער אויף דער וועלט, וואס זענען עהנליך צו די באד־געסט, אזוי לאזט זיך דאס זעהר לייכט ערקלעהרען. איך וויל דא בשום אופן ניט ווארפען קיין שלעכטען חשד אויף קיינעם. די גוטע מדות פון די אינזעלאנערינס ווערען באשיצט פון זייער מיאוסקייט און פון דעם פיש־געררוך וואס הערט זיך פון זיי, און וואס איז פאר מיר ווענינגסטענס געווען אונערטרעגליך. אויך האט מען זיך שוין געזארגט

און פארפלאנצט אהער א פערזאן פון פעסטען לאנד, וואס זאל אין זיך אויפנעמען אלע זינד פון די פרעמדע געסט און אזוי ער־נאך זאלען די אינזעלאנערינס געשיצט ווערען פון יעדען שלעכטען איינפלוס. אבער דאס איז זעהר א שלעכטע איינפיהרונג, וואס פאסט אלענפאלס ניט פאר קיין קליינער אינזעל, נאר גיכער פאר א גרויסער שטאדט, וואו די עפענטליכע פערזאנען זענען אין דער־זעלביגער צייט סאי די שוץ־ווענד און סאי די בליץ־אפלייטערס, דורך וועלכע דער מאראליסט באשיצט די באלעבאטישע טעכטער; ווי מען האט מיר ווירקליך געהאט געוויזען אין האמבורג איינע א ברייטע פרוי, וואס קען צודעקען א האלבע וואנד, און איינע א לאנגע, מאגערע בליץ־אפלייטערין דורך וועלכער די גרויסע יאהא־נים־גאס ווערט געזיכערט אין זומער.

ווי געזאגט, די גוטע מדות פון די אינזעלאנערינס איז דער־ווייל באשיצט, און ווען זייערע קינדער קומען אויף דער וועלט מיט די פנים׳ער פון די באד־געסט, אזוי דערקען איך גיכער אין דעם א פסיכילאגיש פענאמען און ערקלעהר מיר דאס דורך יענעם מא־טעריאליסטיש־מיסטישען געזעץ, וואס געטהע האט אזוי שען ענט־וויקעלט אין די „וואהל־פערוואנדשאפטען“.

עס איז צום באוואונדערן ווי פיעל רעטזעלהאפטע נאטור־ערשיינונגען עס לאזען זיך ערקלעהרען דורך יענעם געזעץ. ווען איך בין פאר א יאהרען דורך א שטורם פארווארפען געווארען אויף א מזרח־פריזישען אינזעל, האב איך דארטען אין א שיפער־הייזעל געזעהען הענגען א שלעכטע קאפיע פון א בילד מיט דער איבער־שריפט la tantatian du vieillard וואס האט פארגע־שטעלט א זקן, וואס ווערט געשטערט אין זיינע שטודיען דורך דער ערשיינונג פון א פרוי, וואס שווימט ארויס פון א וואלקען א נא־קעטע ביז די היפטען; און מאדנע! דעם שיפערס טאכטער האט דאס זעלביגע תאוה׳דיגע מאפס־געזיכט, ווי די פרוי אויף יענעם בילד. כדי צו ברענגען אן אנדער ביישפיעל: אינ׳ם הויז פון א פרא־צענטניק, וועמענס געשעפטספיהרענדיגע פרוי באטראכט אלעמאל א ציטערדיגע די בילדער אויף די מטבעות, האב איך אויסגעפונען אז די קינדער האבען אין זייערע פנימ׳ער א מערקווירדיגע עהנ־

ליכקייט מיט די גרעסטע מאָנארכען פון אייראָפּאַ, און ווען זיי זענען אַלע געווען צוזאַמען און זיך געקריגט צווישען זיך, האָט זיך מיר גערדאַכט, אַז איך זעה דאָס אַ קליינעם קאָנגרעס.

דערפאַר איז דאָס בילד פון די מטבעות פאַר דעם פּאָליטיקער ניט קיין גלייכגילטיגער געגענשטאַנד, וואָרום ווייל די לייט האָבען דאָס געלד אַזוי אמת'דיג ליעב און בעטראַכטען עס געווים מיט ליעבע, טרעפט אָפט אַז די קינדער באַקומען דאָס אויסזעהן פון דעם לאַנד־פירשט, וואָס איז דאַרויף אויסגעפּרעסט, און דער אָרי־מער פירשט ווערט נעביך חושד געווען, אַז ער איז דאָס דער טאַטע פון זיינע אונטערטאַנען. די בורבאָנען האָבען זיך געהאַט זייערע גוטע אורזאַכען, פאַר וואָס צו פאַרשמעלצען די נאַפּאָלעאָנס' דאָר; זיי האָבען מעהר ניט געוואָלט זעהן צווישען די פראַנצויזען אַזוי פיעל נאַפּאָלעאָנ'שע קעפּ. פּרייסען האָט אין דער מטבעה־פּאָלי־טיק געבראַכט צום ווייטעסטען. דאָרטען ווייס מען ווי אַזוי דורך אַ צומישונג פון קופּער אַרויסצובעקומען, אַז די באַקען פון קעניג אויף די נייע מטבעות זאָלען גלייך רויט ווערען, און זינט אַ צייט האָבען טאַקי די פּרייסישע קינדער אַ פיעל געזונטער אויסזעהן ווי פריהער. און עס איז אַן אמת'דיגע פרייד אַ קוק צו טאָן אויף זייערע בליהענדיגע זילבער־גראָשענדיגע פּנים'ער.

דערמאָנענדיג די געפאַהר וואָס שוועבט איבער די גוטע מדות פון די אינזעל באַוואוינער, האָב איך ניט דערמאָנט זייערע גייסט־ליכע באַשיצער, דעם גלח און די קירך. דער ערשטער איז אַ שטאַר־קער מאַן, מיט אַ גרויסען קאָפּ, און ווי עס זעהט אויס, האָט ער ניט ערפונדען ניט דעם נאַציאָנאַליזם און ניט דעם מיסטיציזם. און זיין גרעסט פאַרדיענסט איז וואָס ביי איהם זענען איינגעשטאָ־נען די שענסטע פּרויען פון דער וועלט. ווי עס זעהט אויס זיין קירך קען איך ניט געגוי אויסמאָהלען, ווייל אין איהר בין איך ניט געווען. גאָט ווייס, אַז איך בין אַ גוטער קריסט, און האָב אָפט חשק זיין הויז צו באַזוכען, אבער אומגליקליכער ווייז ווער איך אַלעמאָל דורך עפּיס פאַרהינדערט. תמיד געפינט זיך שוין אַ פּלאַפּלער, וואָס פאַרהאַלט מיך אין מיטען וועג. און קום איך שוין אַמאָל צו צו די טויערען פון טעמפּעל, באַקום איך, ניט געריכטער־

הייד, א חוזק־שטימונג, און דאמאלט האלט איך עס פאר זינדיג אריינצוגעהן. פאריגען דינסטאג האט מיר געטראפען עפּיס אן עהנ־ליכע געשיכטע. ווען איך בין געשטאנען פאר דער טיר פון דער קירך, איז מיר פּלוצלינג אריין אין קאפּ די שטעלע פון געטהעס פאוסט, וואו פאוסט געהט פארביי מיט מעפיסטאפעלעס'ן פארביי א צלם, און ער פרעגט איהם:

מעפיסטא, האסטו ניט קיין צייט?
פארוואס קענסטו דעם צלם ניט אנקוקען.

און אויף דעם ענטפערט מעפיסטאפעלעס:

איך וויים גאנץ גוט, עס איז א פאראורטייל
און דאך דאס איז מיר אלע מאל דערווידער.

אויף וויפיעל איך וויים, זענען די דאזיגע פערזען ניט אפּ־געדרוקט אין קיין אויסגאבע פון פאוסט. און בלויז דער פארשטאר־בענער הויפראט מאריץ, וואס האט זיי געלייענט אין מאנוסקריפּט, גיט זיי איבער אין זיין „פיליפּ רייזער". א שוין לאנג פארגעסענעם ראמאן, וואס ענטהאלט די געשיכטע פונ'ם מחבר, אדער נאך מעהר, די געשיכטע פון עטליכע הונדערט טאלער, וואס דער מחבר האט ניט געהאט. און דערפאר איז זיין גאנץ לעבען געווען א רייהע פון דחקות און אפּזאגונגען, אין דער צייט וואס זיינע וואונשען זענען שוין גאר ניט געווען קיין באשיידענע. ווי למשל זיין וואונש צו געהן קיין ווייםאר, און ביי דעם דיכטער פון „ווערטהער" צו ווערען א משרת, מעג עס זיין אונטער וועלכע ניט איז באדינגונ־גען, אבי צו לעבען אין דער נאהענטקייט פון דעם דיכטער, וואס פון אלע מענשען אויף דער וועלט, האט ער געמאכט דעם שטארקס־טען איינדרוק אויף זיין געמיט.

וואונדערבאר! שוין דאמאלט האט געטהע ארויסגערופען אזא באגייסטערונג, און דאך וועט עס ערשט זיין „דער דריטער נאכ־וואקסענדער דור", וואס וועט זיין אימשטאנד זיין גרויסקייט צו באגרייפען.

אבער דער דאזיגער דור האט אויך ארויסגעבראכט מענשען, אין וועמענס הערצער עס טריפט נאר שמוציג וואסער, און זיי וואלטען דערפאר וועלען אין אנדערע הערצער פארשטאפּען יעדען

לעבעדיגען קוואל פון פרישען בלוט, מענשען מיט אויסגעלאשענער געגוס־פעהיגקייט, וואס פארלוימדען דאס לעבען, און וואלטען וועלען, אז אנדערע זאלען זיך אפזאגען פון דער הערליכקייט, וואס איז אויף דער וועלט. און זיי שילדערן דארום די הערליכקייט ווי א פארפיהרערישען שפייז, וואס דער שטן האט אוועקגעשטעלט, כדי אונז אויסצופרופען, פונקט ווי א ביטרע באלעבאסטע לאזט אומישנע אפען די צוקער־פושקע מיט די אפגעצעהלטע שטיקלעך צוקער, ווען זי איז ניט אין דער היים, כדי אויסצופרואווען די דיענסט; און אט די מענשען האבען ארום זיך פארזאמעלט א טוגענדהאפטען המון, און פרעדיגען פאר איהם דעם צלם אקעגען דעם גרויסען היידע און אקעגען זיינע נאקעטע געטער־געשטאלטען, וואס זיי וואלטען גערן געוואלט פארבייטען מיט זייערע פארשטעלטע נארישע טייוואלים.

זייער העכסטער ציעל איז דאס פארשטעלען. דאס נאקעט געטליכע איז פאר זיי פאטאל, און א סאטיר האט תמיד זיינע גוטע אורזאכען, ווען ער ציהט ארויף אויף זיך הויזען. און דערפון דרינגט ער, אז אפאלא דארף אויך אנטון הויזען. די לייט האלטען איהם דערפאר פאר א זיטליכען מאן, און ווייסען ניט אז אין דעם עלאורען־שמייכעלע פון א פארשטעלטען סאטיר ליגט מעהר אונאנשטענדיגקייט, ווי אין דער גאנצער נאקעטקייט פון א וואלפגאנג אפאלא, און אז גראד אין די צייטען, ווען די מענשהייט האט געטראגען פלודער־הויזען, צו וועלכע עס איז געווען נויטיג זעכציג איילען צייג, זענען די זיטען ניט געווען אנשטענדיגער ווי איצטער.

אבער וועלען די דאמען ניט האבען קיין פאראיבעל אויף מיר, וואס איך זאג הויזען און ניט פיס־קליידער? אוי, דאס פיינגעפיהל פון די דאמען! סוף כל סוף וועלען נאר סריסים נאך מעגען שרייבען פאר זיי, און זייערע גייסטיגע דיענער וועלען אין אקסידענט מוזען זיין אזוי אומעשדליך ווי זייערע לייבדיענער אין אריענט.

דא קומט מיר ארויף אויפ׳ן זכרון א שטעלע פון בערטהאלד׳ס טאגבוך:

„ווען מיר זאלען דאס גוט באטראכטען, אזוי שטעקען מיר

דאך אלע נאקעטע אונטער אונזערע קליידער. האט געזאגט דער דאקטאר מ. צו א דאמע, וואס האט גענומען פאראיבעל אויף איהם, פאר ניט זעהר קיין פיינעם אויסדרוק".

דער אדעל פון האנאווער איז מיט געטהע זעהר ניט צו־פריעדען און באהויפטעט אז ער פארשפרייט אירעליגיעזיטעט און אז דאס קען לייכט ארויסברענגען אויך פאלשע פאליטישע אנ־זיכטען, און דאס פאלק מוז דאך דורך דער אלטער אמונה צוריק־געבראכט ווערען צו דער אלטער בעשיידענקייט און צופרידענ־קייט. איך האב אויך אין דער לעצטער צייט געהערט פיעל דיסקו־טירען צי געטהע איז גרעסער פאר שילער'ן, אדער פארקעהרט. דא ניט לאנג בין איך געשטאנען הינטער דעם שטול פון א דאמע, וואס שוין פון הינטען האט מען אויף איהר געקענט דערקענען איהרע פיער און זעכציג אבות. און האב געהערט איבער יענער טעמא א היציגען וכוח, וואס איז אנגעגאנגען צווישען איהר און צוויי האנאווערישע אדעל־לייט, וועמענס אבות זענען שוין געווען אפגעדרוקט אויף דעם צאדיאקום פאן דענדערא. און איינער פון זיי א לאנג־מאגערער, מיט קוועק זילבער־אנגעפילטער בחור, וואס האט אויסגעזעהן ווי א בארא־מעטער, האט געלויבט די שילער'שע טוגענד און ריינקייט. אין דער צייט, וואס דער צווייטער, אויך פונקט אזא לאנגער ארויסגעשאסענער בחור, האט געפלאפעלט עטליכע פערזען פון די „ווירדע פון די פרויען" און האט דערביי אזוי זיס געשמייכעלט, ווי אן עזעל, וואס האט ארייננעשטעקט זיין קאפ אין א פאס סירופ און מיט הנאה זיך אפגעלעקט דעם שנוק.ביידע בחורים'לעך האבען כסדר געהאלטען אין איין פאר־שטארקען זייער באהויפטונג מיט דעם רעפריין: „ע ר איז דאך גרעסער, ע ר איז ווירקליך גרעסער, וואהרהאפטיג ע ר איז גרעסער, איך פארזיכער אייך מיט מיין עהרע, ע ר איז גרע־סער". די דאמע איז געווען אזוי גוט און האט אויך מיך ארייננע־צויגען אין דעם שמועס, און האט געפרעגט: „דאקטאר, ווי האלט איהר פון געטהע'ן?" איך אבער האב פארלייגט מיינע ארעמס אי־בער דער ברוסט, האב פרום אראפגעבויגען דעם קאפ און גע־זאגט: „לא אילאה איל אלאה, מוחמד ראזול אלאה!"

די דאַמע האָט, אַליין ניט וויסענדיג, געשטעלט די שלויסטע פראַגע. וואָרים מען קען דאָך אַ מענשען ניט גלאַט פרעגען: וואָס דענקסטו וועגען הימעל און וועגען דער ערד? וואָס זענען דיינע אַנזיכטען וועגען דעם מענש און דעם מענשענס לעבען? ביזטו אַ באַשעפעניש מיט שכל צי אַ נאַרישער טייוועל? אַט די אַלע דעלי־קאַטע פראַגען ליגען אָבער אַלע אין די אונשולדיגע ווערטער: ווי האַלט איהר פון געטהע'ן? וואָרים, ווען מיר האָבען ליגען פאַר אונזערע אויגען געטהע'ס ווערק, אַזוי קענען מיר שנעל פאַר־גלייכען דעם אורטייל וואָס יענער גיט אַרויס מיט דעם, וואָס מיר אַליין דענקען, און דורך דעם בעקומען מיר אַ מאַסשטאַב, מיט וועלכען מיר קענען מעסטען אַלע זיינע געדאַנקען און געפיהלען. און ער האָט ניט וויסענדיג אַליין אַרויסגעזאָגט זיין אייגענעם אורטייל. אָבער פונקט ווי געטהע איז אויף אַזאַ אופן דאָס בעסטע מיטעל, דורך וועלכען די מענשען צו דערקענען, ווייל ער איז אַ געמיינשאַפטליכע וועלט, וואָס ליגט אָפען פאַר יעדענס באַטראַכ־טונג, אַזוי קענען מיר ווידעראום געטהע'ן אַליין צום בעסטען דערקענען, דורך זיין אייגענעם אורטייל איבער זאַכען, וואָס ליגען אונז אַלע פאַר די אויגען, און וועגען וועלכע די באַדייטענסטע מענשען האָבען אונז שוין אויסגעדריקט זייערע אַנזיכטען. אין דער הינזיכט, וואָלט איך צום בעסטען וועלען אַנווייזען אויף געטהע'ס רייזע אין איטאַליען, ווייל מיר אַלע קענען איטאַליען, אָדער דורך אַן אייגענע באַטראַכטונג, ווען ניט איז כאָטש דורך אַ פרעמדע פאַרמיטעלונג, און דערביי לאָזט זיך לייכט באַמערקען, ווי יעדער קוקט אַן דאָס זעלביגע מיט סוביעקטיווע אויגען. דער מיט די הילצערנע אומעטיגע אויגען, וואָס זעהט נאָר דאָס שלעכטע, יענער מיט די קאָרין אויגען, וואָס זעהען נאָר דאָס הערליכע, אין דער צייט וואָס געטהע אָבער מיט זיינע קלאָהרע גריכישע אויגען זעהט אַלץ, דאָס פינסטערע און דאָס העלע. אין ערגיץ זענען די זאַכען ניט געפאַרבט מיט זיין געמיטס־שטימונג, און ער שילדערט אונז דאָס לאַנד מיט די מענשען אין די אמת'ן געשטאַלטען און אמת'ע פאַרבען, מיט וועלכע גאָט האָט זיי באַקליידעט.

דאָס איז געטהע'ס אַ פאַרדיענסט, וואָס די שפּעטערדיגע

דורות וועלען ערשט דערקענען. ווארים מיר, וואס מיר זענען כמעט אלע קראנק, מיר שטעקען צופיעל אין אונזערע קראנקע, צוריסענע, ראמאנטישע געפיהלען, וואס מיר האבען זיך אנגעלייענט פון אלע לענדער אין אלע צייטען, אזוי אז מיר קענען ניט אונמיטעלבאר זעהן, ווי געזונד, איינהייטליך און פלאסטיש געטהע ווייזט זיך אין זיינע ווערק. ער אליין באמערקט עס פונקט אזוי ווייניג; אין זיין נאאיווער אומבאוואוסטקייט פון זיין אייגענעם פארמעגען, וואונ־דערט ער זיך ווען מען שרייבט איהם צו „א געגענשטענדליך דענ־קען", און דערמיט וואס ער וויל אונז אליין געבען, דורך זיין אויטאביאגראפיע, א קריטישע בייהילף צו בעאורטיילען זיינע ווערק, שטעלט ער אונז דאך ניט קיין מאסשטאב פאר אורטהיילונג אן און פאר זיך, נאר בלויז נאך א נייעם פאקט, דורך וועלכען מען קען איהם בעאורטיילען, ווי נאטירליך עס איז, אז קיין פויגעל קען ניט ארויספליהען פון זיך אליין.

די שפעטערדיגע דורות, וועלען א חוץ יענעם פארמעגען פון פלאסטישען אנשויען, פיהלען און דענקען, אויסגעפינען אין געטהע נאך א סך זאכען, וואס מיר האבען היינט אפילו ניט קיין אהנונג. די ווערק פון'ם גייסט שטעהען אייביג פעסט. אבער די קריטיק איז א זאך וואס בייט זיך. זי קומט ארויס פון די אנזיכטען פון דער צייט, און דערפאר האט זי א באדייטונג נאר פאר איהר. און ווען זי איז ניט אליין פון דעם קינסטלערישען מין, ווי א שטייגער די שלעגעלשע, אזוי געהט זי מיט איהר צייט אין קבר אריין. יעדע צייט, ווען זי באקומט נייע אידעען, באקומט זי אויך נייע אוי־גען, און זעהט א סך נייעס אפילו אין די אלטע גייסטיגע ווערק. א שובארטה זעהט היינט אין דער איליאדע עפּיס אנדערש און א סך מעהר, ווי אלע אלעקסאנדרינער צוזאמענגענומען; פארקעהרט ווידער, וועלען אמאל קומען קריטיקער, וואס וועלען זעהן פיעל מעהר אין געטהע ווי שובארטה זעהט עס.

נו, האב איך זיך דאס ביסעל פאררעדט וועגען געטהע'ן! אבער אזעלכענע פארקריכענישען זענען זעהר נאטירליך, ווען עמי־צען האלט אין איין זשומען אין די אויערען דער גערויש פון ים,

ווי מיר דאַ אויף דער דאָזיגער אינזעל, און מאכט דעם גייסט געשטימט ווי איהם געלוסט זיך נאָר.

עס געהט א שטארקער צפון־ווינד, און די מכשפים טראכטען שוין ווידער וועגען א סך אומגליקען. מען דערצעהלט זיך דאַ וואונדערליכע געשיכטען פון מכשפים, וואָס קענען באַשווערען דעם שטורם; ווי עס איז בכלל פאראַנען א סך אבערגלויבען אויף די צפון־ימים. די ים־מענשען באהויפּטען, אז מאנכע אינזלען שטעהען אונטער דער געהיימער הערשאַפט פון א באזונדערען מין מכשפים, און מען דאַרף צושרייבען צו זייער בייזען ווילען, דאָס וואָס די פארבייפאָהרענדיגע שיפען האָבען אויסצושטעהען אלערליי צרות. ווען איך בין פאר א יאָהרען, א צייט לאנג געווען אויפ׳ן ים, האָט מיר דער שטייערמאַן פון אונזער שיף דערצעהלט, אז אויף דעם אינזעל וויגהט זענען די מכשפים באַזונדערס מעכטיג, און יעדע שיף וואָס וויל דאָרט פארבייפאָהרען ביי טאָג, זוכען זיי צו פארהאַלטען ביז עס ווערט נאכט, כדי דאַמאָלט זיי ארויפצוטרייבען אויף א פעלז אָדער אויף דעם אינזעל אליין. אין אזוינע פאַלען הערט מען די מכשפים אזוי הויך אין דער לופט ארומזשומען, און זיי האַלטען אזוי ארום דער שיף, אז דער קלאבאַטערמאַן קען זיי קוים מיט צרות ווידערשטעהן. און ווען איך האָב געפרעגט, ווער עס איז דאָס אזוינס דער קלאבאַטערמאַן, האָט דער דערצעהלער מיר זעהר ערענסט געענטפערט: דאָס איז דער גוטער, ניט־געזעהענער באַשיצער פון דער שיף, וואָס פארהיט, אז די געטרייע און אָרענטליכע שיפערס זאָל ניט טרעפען קיין אומגליק, ער קוקט אומעטום אליין נאָך און פאסט אפילו אויף אז אלץ זאָל זיין אין אָרדענונג און אז די רייזע זאָל זיין א גוטע. דער טיכטיגער שטייערמאַן האָט מיר שטיל איינגערוימט, אז איך קען איהם אליין זעהר גוט הערען אין דעם רוים פון דער שיף, וואו ער שטעלט איבער די סחורות פון איין אָרט צום צווייטען. און דערפון נעמט זיך דאָס קלאַפּען פון די פעסער און קאסטענעס, ווען דער ים איז שטורעמדיג, און דערפון הערט זיך דאָס פון צייט צו צייט דאָס קנאַקען פון באַלקענס און ברעטער; אָפטמאָל האַמערט דער קלאבאָטערמאַן אויך פון דרויסען אויף דער שיף, און דאָס גילט פאר דעם סטאָ־

ליער, ווארים דורך דעם ווערט ער דערמאָנט אז א באשעדיגטער אָרט מוז שנעל פאריכט ווערען; צום מיינסטען האָט ער ליעב זיך אוועקצוזעצען אויף דעם בראם־זעגעל (א קליינער זעגעל וואָס שטעהט אויף דעם הויכען מאסטבוים), און דאָס איז א באווייז, אַז עס וועהט א גוטער ווינד, אָדער אז א גוטער ווינד דערנעהענטערט זיך. אויף דער פראגע צי מען זעהט איהם ניט, האָב איך געקראָגען אַן ענטפער: נייז, מען זעהט איהם ניט, און קיינער ווינשט אויך ניט איהם צו זעהן. ווארום ער באווייזט זיך נאָר דעמאָלט, ווען קיין רעטונג איז שוין ניט פאראנען. דער גוטער שטייערמאן האָט אפילו אליין נאָך ניט מיטגעמאכט אזא פאל, אָבער ער וויים דאָס פון אַנדערע, דעמאָלט הערט מען דעם קאלבאָטערמאן ווי ער רעדט זיך דורך אויף דעם בראם־זעגעל מיט די גייסטער, וואָס זענען איהם אונטערטעניג: דאָך ווען דער שטורם איז צו שטארק און עס איז שוין ניט מעגליך צו פארמיידען אז די שיף זאָל ניט צושמע־טערט ווערען, זעצט ער זיך ארויף אויפ׳ן שטייער, באווייזט זיך דאָ צום ערשטען מאָל, און נאָך דעם ווי ער צוברעכט דאָס שטייער פארשווינדט ער. די יעניגע אבער, וואָס דערזעהן איהם אין דעם דאָזיגען מורא׳דיגען אויגענבליק, געפינען גלייך זייער טויט אין די כוואליעס.

דער שיפס־קאפיטאן, וואָס האָט אויך צוגעהערט די דאָזיגע געשיכטע, האָט אזוי פיין געשמייכעלט, אז איך וואָלט קיינמאָל ניט געווען געגלויבט אז אזא רוי, און דעם וועטער איבערגעגע־בענעם פנים, זאָל קענען אזוי פיין שמייכלען, און נאָכדעם האָט ער מיר געזאָגט אז מיט פופציג אָדער אפשר גאָר מיט הונדערט יאָהר צוריק, איז די אמונה אין דעם קלאָבאָטערמאן געווען אויפ׳ן ים אזוי שטארק, אז ביים עסען פלעגט מען אויך גרייטען דעם טיש פאר זיינעטוועגען, און פון יעדען מאכל פלעגט מען דעם בעסטען חלק אוועקלייגען אויף זיין טעלער, יאָ, אויף אנדערע שיפען טוט מען דאָס נאָך אפילו איצטער. —

איך געה דאָ אָפט שפאצירען ביים באָרטען פון ים און דערמאָן זיך אין אזעלכענע וואונדער־מעשה׳לעך, וואָס ווערען דערצעהלט צווישען די ים־פאָהרער. די אנציהענדסטע פון זיי איז געוויס די

מעשה פון דעם פליהענדיגען האלענדער, ווענען מען זעהט אין א שטורעם פארבייפאהרען מיט צושפרייטע זעגלען, און וועלכער שיקט ארויס פון צייט צו צייט א שיפעל, כדי איבערצוגעבען די שיפערס וואס ער באגעגענט, אלערליי בריעף, וואס מען ווייס דער־נאך ניט וואו זיי אהינצוטון, ווייל זיי זענען אדרעסירט צו מענ־שען, וואס זענען שוין פון לאנג געשטארבען. טיילמאל דערמאן איך זיך אויך אן דעם אלטען, ליעבען מעשה'לע פון דעם פישער־אינגעל, וואס האט זיך ביי נאכט צוגעהערט צו די טענץ פון די וואסער מיידלעך, און דערנאך האט ער מיט זיין פידעל דורכגעצויגען די גאנצע וועלט, און כשופ'דיג ענטציקט די מענשען ווען ער האט פאר זיי פארגעשפיעלט דעם וואלצער פון די וואסער־מיידלעך. די דאזיגע לעגענדע האט מיר אמאל דערצעהלט א ליעבער פריינד, ווען מיר האבען אזא וואונדערבארען אינגעל גע־הערט שפיעלען אין בערלין. דאס איז געווען פעליקס מענדעלזאהן—בארטהאלדי.

א מאדנעם פארגעניגען קריגען מיר ווען מיר פאהרען ארום דעם אינזעל. דאס וועטער מוז אבער זיין שען, און די וואלקענס דארפען פארשטעלען אויסערגעוועהנליכע געשטאלטען. און מען מוז ליגען אויפ'ן רוקען און קוקען אין הימעל אריין, און אלענפאלס מוז מען אויך האבען א שטיקעל הימעל אין הארצען. די וועלען מורמ־לען דעמאלט אלערליי וואונדער, אלערליי ווערטער, אז וועלכע עס פלאטערען ליעבע זכרונות, אלערליי נעמען, וואס קלינגען אפ אין דער נשמה ווי זיסע אהנונגען — „עוואלינא!" דעמאלט פאהרען אויך פארביי שיפען, און מען גריסט זיך, ווי מען וואלט זיך גע־קענט ווידער זעהן אלע טאג. נאר ביי נאכט האט דאס באגעגענען פון פרעמדע שיפען אויפ'ן ים עפיס אונהיימליכעס; דעמאלט וויל מען זיך איינרעדען, אז די בעסטע פריינד, וואס מיר האבען שוין זינט יאהרען ניט געזעהן, פאהרען איצטער שוויינענדיגע פארביי און מען פארלירט זיי איצטער אויף שטענדיג.

איך האב ליעב דעם ים ווי מיין נשמה.

אפטמאל קומט מיר זאגאר פאר, אז דער ים איז דאס איי־גענטליך מיין אייגענע נשמה; און פונקט ווי אין ים זענען פאראן

פארבארגענע וואסער־פלאנצען, וואס קומען ארויס אויף דער אויבערפלאך, נאר ווען זיי צובליהען זיך, און אין דעם אויגענבליק, ווען זיי פארבליהען לאזען זיי זיך צוריק ארונטער, אזוי שווימען אויך טיילמאל ארויס פון דער טיעפעניש פון מיין נשמה וואונדערבארע בלומענבילדער און דופטען, און לייכטען און פארשווינדען צוריק — עוואלינא!".

מען זאגט, אז ניט ווייט פון אט דער אינזעל, וואו איצטער איז גאר ניט פאראן נאר וואסער, זענען אמאל געשטאנען די שענסטע שטעדט און דערפער. דער ים האט זיי פלוצלונג אלע פארפלייצט, און ווען דאס וועטער איז קלאר, זעהען די שיפערס נאך די לייכטענדיגע שפיצען פון די פארזונקענע קירכענטורמעס. און ניט איינער האט דארטען אין א זונטאג אין דער פריה געהערט דעם פרומען גלאקען־קלאנג. די געשיכטע איז אמת; ווארום דער ים איז מיין נשמה —

„א שענע וועלט איז דא פארזונקען,
און איהרע חורבות דארט נאך שטעהן,
זיי לאזען זיך ווי הימעלס פונקען,
אין מיינע טרוימען אפטמאל זעהן".

(וו. מיללער).

זיך אויפכאפענדיג האב איך דעמאלט געהערט אן אויסגעהענדיגען גלאקען־קלאנג און א געזאנג פון הייליגע שטימען — „עוואלינא!".

געהט מען שפאציערען ביים בארטען, גיבען די פארבייפאהרענדיגע שיפען א שענעם אנבליק. זענען אויסגעשפרייט זייערע בלענדענדיגע ווייסע זעגלען, קוקען זיי אוים ווי פארביישווימענדיגע גרויסע שוואנען. גאר שען איז אט דער אנבליק, ווען הינטער דער פארביי־שווימענדער שיף געהט אונטער די זון, און זי ווערט באשטראהלט ווי פון א ריעזיגער גלאריע.

די יאגד ביים בארטען פארשאפט אויך אזא גרויס פארגעניגען. וואס עס איז אבער נוגע מיר, האט זי פאר מיר ניט אזא גרויסען ווערט. דעם חוש פאר דאס עדעלע, שענע און גוטע קען מען קריגען דורך דער ערציהונג, אבער דער חוש פון דער יאגד ליגט אין בלוט,

ווען די אבות האָבען פון אַלטע צייטען אַן שוין געשאָסען הערשען, נעפינט זייער אייניקעל אויף פאַרגעניגען אין אָט דער לעגיטימער באשעפטיגונג. מיינע אבות האָבען אבער ניט באַלאַנגט צו די יאַגענדיגע, א סך גיכער צו די געיאַגטע, און ווען איך זאָל וועלען אָפּפייערען א שאָס אויף די קינדער פון זייערע אמאָליגע קאַלעגען, וועט זיך געגען דעם אקעגען שטעלען מיין בלוט. יאָ, פון מיין ערפאַהרונג ווייס איך, אז עס וואָלט מיר געווען פיעל לייכטער צו שיסען אויף א יעגער וואָס ווינשט עס זאָל צוריקקומען יענע צייט, ווען די מענשען האָבען אויך געהערט צו דער הויכער יאַגד. א דאנק גאָט, די דאָזיגע צייטען זענען פאַרביי! קריגט אַזאַ יעגער דעם חשק ווידער צו יאָגען אויף מענשען, מוזען זיי איהם דערפאַר באצאָהלען, ווי א שטייגער דעם שנעלען לויפער, וואָס איך האָב פאַר צוויי יאָהרען געזעהן אין געטינגען. דער אָרימער מענש איז זיך אין דער דושנער זונטאָגס־היץ שוין געהאט אָנגעלאָפען א טויט מיעדער, ווען עטליכע האַנאָווער׳שע יונקערס, וואָס האָבען דאָרט שטודירט הומאַנאָריא, האָבען איהם אָנגעבאָטען א פאָר טהאלער, ווען ער וועט דעם אָפּגעלאָפּענעם וועג ווענען נאָכאמאָל לויפען; און דער מענש איז געלאָפען, און ער איז געווען בלאס ווי דער טויט און ער האָט געטראָגען א רויטע יאקע און האַרט הינטער איהם האָבען אין דעם ווירבעלדיגען שטויב געלאָפּירט די גוט אָנגעפרעסענע, עדעלע בחורים׳לעך, אויף הויכע פערד, וועמענס הופען האָבען פון צייט צו צייט געטראָפען דעם געהעצטען, קייכענדיגען מענשען. און דאָס איז געווען א מענש.

פאַר א פּרואוו, וואָרים איך מוז דאָך מיין בלוט געוועהנען צו עפּים בעסערעס, בין איך נעכטען געגאַנגען אויף יאַגד. איך האָב געצילעוועט אויף עטליכע מעווען (וואסער־פייגעל), וואָס האָבען צו זיכער ארומגעפלאַטערט, און האָב דאָך באשטימט ניט געקענט וויסען, אז איך שיס שלעכט. איך האָב זיי ניט געוואָלט טרעפען, נאָר וואָרענען, אז אַן אנדערש מאָל זאָלען זיי זיך בעסער היטען פאַר א מענשען מיט א ביקס אין האנד: אבער מיין שאָס האָט שלעכט געטראָפען און איך האָב געהאט דאָס אומגליק צו דערשיסען א יונגע מעווע אויף טויט. נאָך גוט וואָס דאָס איז ניט

געוועזן קיין אַלטע; וואָרום וואָס וואָלט דען דעמאָלט געוואָרען פון די אָרימע, קליינע מעוועלעך, וואָס ליגען נאָך אַהן פעדערען איג'ם זאמדיגען נעסט אין דעם גרויסען זאמד־בערגעל, און אַהן דער מאַמע וואָלטען זי געמוזט אויסגעהן פון הונגער. איך האָב שוין געהאט א מין פאָרגעפיהל, אז אויף דער יאגד וועט מיר טרעפען עפּיס אַן אומגליק; א האָז איז מיר איבערגעלאָפען דעם וועג.

גאָר בעזונדערס וואונדערבאר ווערט מיר אויפ'ן הארצען, ווען איך געה מיר פאר נאכט ארום אויפ'ן באָרטען — פאר מיר פלאכע זאמד־בערגלעך, הינטער מיר דער כוואַליענדיגער אויסטער־לישער ים, איבער מיר דער הימעל ווי א ריעזיגער קריסטאַלענער קופּאָל, — איך זעה דאן אוים פאר מיר אליין אזוי קליין ווי א מוראשקע, און דאך שפּרייט זיך אוים מיין נשמה אזוי ווייט ווי די וועלט. די הויכע איינפאכקייט פון דער נאטור, ווי זי רינגעלט מיך דאָ ארום, באצווימט מיך און דערהויבט מיך אין דערזעלביגער צייט, און דאָס אי'ן א שטארקערען גראד, ווי ווען ניט איז אין אַן אַנדערע ערהאָבענער סביבה. קיינמאָל איז א דאָם פאר מיר ניט געוועזן גרוים גענוג; מיין נשמה מיט איהר אַלטער טיטאַנען־תפלה, האָט אלעמאָל געשטרעבט העכער ווי די גאָטישע טורעמס, און האָט אַלעמאָל געוואָלט זיך דורכרייסען דורך דעם דאך. אויף דעם שפּיץ פון דער „ראָסטראפּע" האָבען מיך, ביים ערשטען אַנבליק, די קאָלאָסאָלע פעלזען אין זייערע געוואגטע גרופּירונגען זעהר אימ־פּאָנירט, אָבער דער דאָזיגער איינדרוק האָט ניט לאנג געדויערט, מיין נשמה איז נאָר געוועזן איבעראשט, ניט איבערגעוועלטיגט, און יענע אונגעהייערע שטיינער, זענען אין מיינע אויגען געוואָרען וואָס אמאָל קלענער, און צום סוף האָבען זיי מיר אויסגעזעהן בלויז ווי ניט וויכטיגע חורבות פון א צושטערטען ריעזיגען פּאַלאַץ, אין וועל־כען מיין נשמה וואָלט זיך אפשר געפיהלט גאנץ באקוועם.

דאָס מעג זיך אפילו קלינגען לעכערליך, אבער איך קען דאך ניט פארהוילען, אז דאָס מיספארשטענדעניש צווישען גוף און נשמה, פייניגט מיך אין א געוויסען זין. און דאָ ביים ים אין דער גרויסארטיגער סביבה פון דער נאטור, ווערט עס פאר מיר פון צייט צו צייט זעהר דייטליך, און די מעטעמפּסיכאָזע איז אָפטמאָל דער

געגענשטאנד פון מיין פארטראכטען. ווער קען דען גאָטס איראָניע, וואָס פלעגט ארויסברענגען אלערליי ווידערשפרוכען צווישען דעם גוף און דער נשמה? ווער קען וויסען אין וועלכען שניידער עס וואוינט איצט די נשמה פון א פלאטא, און אין וועלכען שול־מייסטער עס וואוינט איצט די נשמה פון א צעזאר. ווער ווייס צי די נשמה פון גרעגאָר VII, וואוינט איצט ניט אין דעם לייב פון דעם גרויסען טערק, און פיהלט זיך ניט בעסער צווישען די טויזענד לאשטשענדיגע ווייבער, ווי אמאָל אין איהר גלח'שען קי־טעל. פארקעהרט ווידער וויפיעל נשמות טרייע צום מושלם פון אלי'ס צייטען, קענען זיך איצטער געפינען אין אונזערע אנטי־העלענעשע קאבינעטען! די נשמות פוןביידע גזלנים וואָס זע־נען געקרייציגט געוואָרען לעבען דעם אויסלייזער, זיצען איצט אפשר אין דיקע בייכער פון קירכען־ריכטער, און היצען זיך פאר דעם אָרטאָדאָקסישען לעהרנבאגריף. טשינגי שאנס נשמה וואוינט איצ־טער אפשר אין א רעצענזענט, וואָס דערשטעכט יעדען טאָג, אליין ניט וויסענדיג, די נשמות פון זיינע טרייעסטע באשקירען און קאל־מוקען, אין א קריטישען זשורנאל. ווער ווייס? ווער ווייס? די נשמה פון פיטהאגאָראס איז אפשר מגולגל געוואָרען אין אן אָרי־מען קאנדידאט, וואָס פאלט דורךביים עקזאמען, ווייל ער קען ניט באווייזען דעם פיטהאגאָרישען לעהרזאץ, אין דער צייט, וואָס אין זיינע הערן עקזאמינאטאָרען וואוינען די נשמות פון יענע אָקסען, וואָס פיטהאגאָראס האָט אמאָל פאר פרייד, וואָס ער האָט ענטדעקט יענעם זאץ, מקריב געווען צו די געטער. די הינדוס זענען ניט אזוי נאַריש, ווי עס גלויבען אונזערע מיליאָנערען. זיי גיבען אָפּ כבוד צו די חיות, צוליעב די מענשליכע נשמות, וואָס זיי גלויבען, אז זיי וואוינען אין זיי. און ווען זיי שטעלען אויף שפיטאָלען פאר אינוואלידע אפען, לויט דעם מוסטער פון אונזערע אקאדעמיען, אזוי קען דאָך דאָס געמאָלט זיין, אז אין יענע אַפען וואוינען די נשמות פון וואוילקענעווודיגע, ווארים ווי מען קען דאָס גאנץ גוט זעהן ביי אונז, אז אין עטליכע גרויסע געלערנטע שטעקען נשמות פון אַפען.

ווען עמיצער וואָס ווייס אלץ וואָס איז אמאָל געווען, זאָל

קענען פון אויבען אראפ זיך צו קוקען צו די מעשים פון די מענ־שען! ווען איך געה מיר אזוי ביי נאכט לעבען ים, הער דאס גע־זאנג פון די וועלען, און אין מיר וואכען אויף אלערליי אהנונגען און זכרונות, אזוי דאכט זיך מיר, אז אמאל האב איך אויף אזא אופן ארונטערגעקוקט פון אויבען, און פון א שווינדעלדיגען פחד בין איך אראפגעפאלען; מיר דאכט זיך דעמאלט אויך, אז מיינע אויגען זענען געווען אזוי טעלעסקאפיש שארף, אז איך האב גע־זעהן די שטערן אין זייער לעבענסגרויס ארומוואנדלען אין הי־מעל און בין פארבלענדט געווארען פון אט דעם גאנצען ווירבעל־דיגען גלאנץ; — ווי אוים דער טיפעניש פון א טויזענד יאהר קומען מיר דאן אויפ'ן זין אלערליי געדאנקען, געדאנקען פון פארצייטיגער חכמה, זיי זענען אבער אזוי פארנעבעלט, אז איך דערקען ניט וואס זיי ווילען. נאר אזוי פיעל ווייס איך, אז אונזער גאנץ קלוגעם וויסען, שטרעבען און ארויסברענגען ווערען ניט אין העכערען גייסט, מוז אויסזעהן פונקט אזוי קליין און נישטיג, ווי פאר מיר פלעגט אויסזעהן יענע שפין, וואס איך פלעג אפט באטראכטען אין דער געטינגער ביבליאטעק. אויף די פאליאנטען פון דער וועלט געשיכטע איז זי געזעסען פלייסיג וועבענדיג, און זי האט אויף איהר סביבה געקוקט אזוי פילאזאפיש זיכער, און האט אין זיך געהאט די גאנצע גאוה פון די געטינגער חכמים, און האט אויסגעזעהן צו זיין שטאלץ אויף איהרע מאטעמאטישע קענטענישען, אויף איהרע קונסט אויפ־טועכצען, אויף איהר איינזאמען נאכדענקען — און דאך האט זי גאר ניט אנגעהויבען צו וויסען אט די אלע וואונדער, וואס שטעהן אין בוך, אויף וועלכען זי איז געבוירען געווארען, אויף וועלכען זי האט פארבראכט איהר גאנץ לעבען, און אויף וועלכען זי וועט אויך שטארבען, ווען דער קריכענדיגער דר. ל.*) וועט זי ניט אוועק טרייבען. און ווער איז דער קריכענדיגער דר. ל.? אפשר האט זיין נשמה אמאל געוואוינט אין אזא שפין, און איצטער היט ער די פאליאנטען, אויף וועלכע ער פלעגט אמאל זיצען? — און ווען

---

*) אין דער פראנצויזישער אויסגאבע פון די „רייזע בילדער" שטעהט דער אלטער קריכענדיגער ביבליאטעקאר שטיוועל".

ער לייענט זי אפילו. דערגעהט ער אויך ניט זייער אמת'ן איינ־האלט.

וואס האט אמאל ניט געקענט האבען געשעהן אויף דעם באדען, וואו איך וואנדעל איצט ארום? א קאנרעקטאר, וואס האט זיך דא געבאדען, האט געוואלט באהויפטען, אז אמאל פלעגט דא פארקומען דער דיענסט פון דער הערטהא, אדער בעסער געזאגט, עס איז באגאנגען געווארען פארסעטע, פון וועלכען טאציטוס רעדט אזוי געהיימניספול, ווען דער דערצעהלער, וועמען טאציטוס האט נאכדערצעהלט, האט נאר ניט געהאט קיין טעות, און אנגענומען א פשוט'ן באד־וואגען פאר דעם הייליגען וואגען פון דער געטין.

אין יאהר 1819, ווען איך האב אין באן איז איין אייניציגען סעמעסטער געהערט פיער קורסען, אין וועלכע מען האט מכבד געוועזן צום מייסטענס דייטשע אנטיקיטעטען פון דער בלויעסטער צייט. נעמליך 1) די געשיכטע פון דער דייטשער שפראך, ביי שלעגעל, וועלכער האט כמעט דריי לאנגע חדשים ענטוויקעלט די לע־בערליכסטע השערות וועגען דער אפשטאמונג פון דער דייטשער שפראך. 2) טאציטוס'עס גערמאניא ביי ארנדט, וועלכער האט אין די אלט דייטשע וועלדער געזוכט יענע טוגענדען, וואס ער קען ניט געפינען אין די סאלאנען פון דער געגענווארט; 3) גערמאנישע מלוכה־רעכט ביי הילמאן, וועמענס היסטארישע אנזיכטען זענען וועניגסטענס באטש געוואגטע, און 4) דייטשע אורגעשיכטע ביי ראדלאף, וועלכער איז ביים ענד פון סעמעסטער ניט געהאט גע־קומען ווייטער ווי ביז צו דער צייט פון סעזאסטרים — דעמאלט וואלט די זאגע פון דער אלטער הערטהא מיך געוויס געוועזן מעהר פאראינטערעסירט ווי איצטער. איך האב דורכאוים ניט געלאזט אז זי זאל האבען געוואוינט אין ריגען, און האב זי בעסער ארייבערגעפיהרט צו א מזרח־פריזישען אינזעל. א יונגער געלערנטער האט ליעב צו האבען זיינע אייגענע השערות. אבער בשום אופן וואלט איך דעמאלט ניט געוועזן געגלויבט, אז איך וועל מיר אמאל ארומגעהן אויפ'ן בארטען ביים צפון־ים, און ניט טראכטען מיט פאטריאטישער בעגייסטערונג פון דער אלטער געטין. דאס איז ווירקליך ניט דער פאל. און איך טראכט דא וועגען גאנץ אנדערע,

איינגערע געטינס. ספּעציעל ווען איך געה אויפ'ן באַרטען, ארום יענעם אָרט וואו עס האָבען דאָ ניט לאנג די שענסטע פרויען ארומ־געשוואומען ווי די וואסער־מיידלעך. ווארום סאַי די מענער, סאַי די דאמען באָדען זיך דאָ ניט אונטער קיין שירם נאָר שפּאַציערען זיך אין פרייען ים. דערפאַר טאַקי זענען די באָד־פלעצער פון ביי־דע געשלעכטער אָפּגעטיילט איינער פון אנדערן, אבער דאָך ניט צו ווייט, און ווער עס האָט נאָר ביי זיך א גוט גלאָז, קען אומעטום אין דער וועלט זעהן א סך. עס געהט ארום א לעגענדע, אז א נייער אַקטעאָן האָט אויף אזא אופן דערזעהן א באָדענדיגע דיאנא, און מאָדנע! ניט ער, נאָר דער מאן פון דער שענער האָט דורך דעם געקראָגען הערנער.

די באָד־קוטשען, די דראָשקעס פון צפון־ים ווערען דאָ נאָר געפיהרט ביז צום וואסער, און זיי באַשטעהן צום מייסטענס פון פיערעקיגע הילצערנע געשטעלען, באַצויגען מיט שטייפע לייוו־וואנדען. איצטער אין ווינטער־צייט שטעהען זיי אין דעם קאָנווער־זאציאָנס־זאל און פיהרען דאָרט אודאי פּונקט אזעלכענע הילצער־נע און שטייפע לייווענדענע שמועסען, ווי די פאַרנעהמע וועלט, וואס פלעגט דאָרט פאַרקעהרען ערשט גאָר ניט לאנג.

ווען איך זאָג אבער: די פאַרנעהמע וועלט, אזוי פארשטעה איך ניט אונטער דעם די גוטע בירגער פון מזרח פריזלאַנד, א פאָלק, וואָס איז פלאך און ניכטער ווי די ערד, אויף וועלכער עס וואוינט, וואָס קען ניט, ניט זינגען און ניט פייפען, אבער וואָס פאַרמאָגט פון דעסטוועגען א טאַלענט, וואָס איז בעסער ווי אלע טרילערייען און אויספייפערייען. א טאַלענט, וואָס עדעלט אוים די מענשען, און דערהויבט איהם איבער יענע ווינדיגע קנעכטישע נשמות, וואָס מיינען, אז זיי זענען דאָס אליין די ערדלע. איך מיין דאָס טאַלענט פון דער פרייהייט. קלאַפּט דאָס הארץ פאַר פרייהייט,—איז א יעדער פון אַט די קלעפּ פּונקט אזוי גוט ווי דער קלאַפּ פון א ריי־טער. און דאָס ווייסען די פרייע פריזען און זיי פאַרדיענען זייער פאָלקס־עפּיטהעטאָן: רעכענט מען אראָפּ דעם פּעריאָד פון הויפּט־לינגע, איז די אריסטאָקראַטיע אין מזרח־פריזלאַנד קיינמאָל ניט געוועזען די הערשערין, נאָר גאָר וועניג אדעליגע פאַמיליען האָבען

דאָרט געוואוינט, און דער איינפלוס פון דעם האנאָווער'שען אדעל ווי ער פארציהט זיך איצט איבער'ן לאַנד, דורך דעם בעאמטען־שטאַנד און מיליטער־שטאַנד, באטריעבט, ניט איין פריי פריע־זען־הארץ, און אומעטום ווייזט זיך ארוים א פאַרליעבע, פאַר דער אמאָליגער פּרייסישער רעגיערונג.

בנוגע אבער די אַלגעמיינע דייטשע קלאַגען וועגען דעם שטאַלץ פון דעם האנאָווער'שען אדעל, מיט דעם קען איך ניט אין גאנצען זיין איינשטימיג. צום וויניגסטען גיט דער האנאָווער'שער אָפּי־ציערען־קאָרפּס א רעכט אויף אזעלכענע קלאַגען. אודאי, פּונקט ווי אין מאַדאַגאַסקאַר, האָבען נאָר די אדעליגע דאַס רעכט צו ווערען קצבים, אזוי האָט פריהער נאָר דער האנאָווער'שער אדעל גע־האַט דאָס רעכט זיך צו דערהויבען צו דער מדרגה פון אָפּיציע־רען. אבער זינט דעמאָלט וואָס אין דעם דייטשען לעגיאָן האָבען זיך אויסגעצייכענט אזוי פיעל בירגערליכע לייט, און זיך דער־דיענט צו שטעלען פון אָפּיציערען, איז געוואָרען אוים מיט יענעם שלעכטען מנהג. אָ, דער גאנצער קאָרפּס פון דעם דייטשען לעגיאָן האָט א סך צוגעהאָלפען, אז עס זאָלען אפּגעשוואכט ווערען אַלטע פּאַראורטיילען, אָט די לייט זענען געווען אין דער גרויסער וועלט, און אין דער וועלט זעהט מען זיך אָן א סך, באזונדערס אין ענג־לאַנד. און זיי האָבען א סך געלערנט, און עס איז א פרייד צו הע־רען, ווען זיי רעדען פון פּאָרטוגאַל, שפּאַניען, סיציליען, די איאָני־שע אינזלען, אירלאַנד און אנדערע ווייטע לענדער, וואו זיי האָבען געקעמפּפט, און „געזעהן פיעלע מענשען און שטעדט, און געלערנט מדות", אזוי אז עס דאַכט, מען הערט דאָס אָן אָדיסעע, וואָס ווערט ליידער ניט געפינען קיין האָמער. אויך איז צווישען די אָפּיציע־רען געבליעבען א סך פרייזיניגע, ענגלישע מדות, וואָס קאָנטראַס־טירען שטאַרקער, מיט די פארצייטיגע האנאָווערשע מנהגים, ווי מיר דענקען אין דעם איבעריגען דייטשלאַנד, ווייל מיר שרייבען געוועהנליך צו פיעל איינפלוס פון ענגלאַנד אויף האנאָווער. אין דעם דאָזיגען לאַנד האנאָווער, זעהט מען ניט מעהר ווי יחוס־בוימער, אָן וועלכע עס זענען צוגעבונדען פערד, און פון צופיעל בוימער בלייבט דאָס לאַנד אין דער פינסטערניש, און טראָץ אַלע

פערד געהט עס דאָך ניט וויטער. ניין דורך דער דאָזיגער האנאָ־וועך׳שער אדעלסוואנד האט זיך קיינמאָל ניט דורכגעשפּאַרט קיין זונשטראהל פון ענגלישער פרייהייט, און קיין בריטישער פרייהייטס־טאָן האט קיינמאָל ניט געקענט פארנומען ווערען אין דעם היר־זשענדיגען ליארעם פון די האנאָווערשע פערד. וואס עס איז אבער אזוינס א בריטישער פרייהייטס־טאָן, דאָס האָב איך זיך ערשט דאָ ניט לאנג דערוואוסט, ווען איך האָב אין דעם ווילדעסטען ים־וועטער געזעהן פארבייפאָהרען אן ענגלישע שיף, אויף וועמענס דעק עס זענען געשטאַנען א סך מענשען און דעם ווינד און די כוואַליע האבען זיי כמעט להכעיס׳דיג איבערגעשריען מיט זייער אלטען:

''Rule Britania, rule the waves, Britons never shall be slaves!''

די אלגעמיינע קלאגע וועגען דעם שטאָלץ פון דעם האנאָווער־שען אדעל, טרעפט צו מעהרסטען די ליעבע יוגענד פון געוויסע פאמיליען, וואס רעגיערען איבער דעם לאנד האנאָווער, אדער וואס גלויבען, אז זיי רעגיערען. אבער אויך אָט די עדעלע בחורים׳לעך וואָלטען באלד אויפגעגעבען אָט די חסרונות, אזוי שנעל ווי זיי וואָלטען אביסעל ארומקוקען די וועלט, אדער ווען זיי וואָלטען קריגען א בעסערע ערציהונג. אודאי שיקט מען זיי קיין געטינגען. דאָך דאָ קלעפען זיי איינער אָן צווייטען, און רעדען נאָר פון זייערע הינד, פערד, און זייערע אבות, און הערען גאָר ווינציג נייע געשיכ־טע, און הערען זיי שוין אמאָל עפּיס אזוינס, איז שוין אבער זייער געדאנק א מטושטש׳ער דורך דעם אָנבליק פון דעם גראפען־טיש, וואס איז באשטימט נאָר פאר הויכגעבוירענע סטודענטען. אודאי דורך א בעסערע ערציהונג פון דעם יונגען האנאָווער׳שען אדעל, וואָל־טען א סך פון די קלאגען אראָפּגעפאלען. אבער די יונגע ווערען אזוי ווי די אלטע. די זעלביגע איינרעדעניש, ווי זיי וואָלטען גע־ווען די בלומען פון דער וועלט, אין דער צייט, וואָס מיר, די אנדע־רע זענען נאָר גראָז; די זעלביגע נארישקייט, צו וועלען פארדעקען דעם אייגענעם גאָר ניט, מיט זכות אבות. דיזעלביגע אונוויסענהייט בנוגע דעם צווייפעלהאפטען ווערט פון אָט די דאָזיגע פארדיענס־טען פון זייערע אבות, ווארום עס לאָזט זיך דאָך באדענקען, אז

די פירשטעז, האָבעז זעלטעז ווען באַעהרט מיט אַן אַדעל טיטול זייערע געטרייעסטע, טוגענדהאַפטע דיענער. פּאַרקעהרט גאָר, זעהר אָפּט האָבען זיי דעם כבוד אָנגעטאָן צו דעם זינדיגען מעקלער, דעם חונף איז עהנליכע ליעבלינגס־שופטען. אָט די וועניגע, וואָס זענען אזוי שטאָלץ מיט זייערע אבות, קענען באַשטימט אָנווייזען, וואָס זייערע אבות האָבען געטאָן. און זיי ווייזען נאָר, אַז זייערע נעמען זענען דערמאָנט אין ניקסנער'ס טורניערבוך: — יאָ, ווען זיי זאָלען אפילו קענען אויפווייזען, אַז זייערע אבות האָבען זיך באַטייליגט אַלס קרייץ־ריטערס ביי דעם איינגעמען פון ירושלים, וואָלטען זיי פריהער אויך בעדאַרפט באַווייזען, איידער זיי נעמען זיך דערמיט איבער, אַז יענע ריטער האָבען עהרליך מיטגעקעמפט, אַז זייערע אייזערנע הויזען זענען ניט געווען אָנגעשטאָפּט מיט געלען פּחד, און אַז אונטער דעם רויטען צלם איז געזעסען דאָס הארץ פון א בראַווען מאַן. וואָלט ניט געווען קיין איליאַדע, נאָר בלויז א פאַרצייכעניש פון נעמען פון די העלדען, וואָס זענען גע־שטאַנען פאַר טראָיאַ, און זייערע נעמען וואָלטען נאָך איצט עקזיסטירען — ווי וואָלטען דאָס זייערע קינדער געקענט מיט גאווה אָנווייזען אויף דעם שטאָלץ פון זייערע אבות! וועגען דער ריינקייט פון בלוט, וויל איך אפילו גאָר ניט רעדען. פילאָזאָפען און שטאָל־קנעכט האָבען וועגען דעם זעלטענע גע־דאנקען.

ווי געזאָגט, האָב איך נאָר אויסצוזעצען אקעגען דער שלעכ־טער ערציהונג פון דעם האַנאָווער'שען אַדעל און זיין פון יונגער־הייט איינגערעדטען שטאָלץ, וועגען די וויכטיגקייט פון עטליכע דרעסירטע פאָרמען. אוי, ווי פיעל מאָל האָב איך געמוזט לאַכען, ווען איך האָב באַמערקט, ווי מען נעמט זיך דאָס איבער מיט די דאָזיגע פאָרמען, ווי דאָס וואָלט גאָר געווען ווער וויים ווי שווער אויסצולערנען. אָט דאָס דאָזיגע רעפּרעזענטירען, און דאָס דאָזי־גע פּרעזענטירען, דאָס דאָזיגע שמייכלען, וואָס זאָגט גאָר ניט, דאָס דאָזיגע זאָגען וואָס טראַכט גאָר ניט. און אָט יענע אַלע אַדעליגע קונצען, וואָס דער גוטער בירגער גאַפט דאַרויף, ווי אויף עפּיס א גרויס וואונדער, און וועלכע א ליאָדער פראַנצויזישער טאַנץ־לעה־

דער פארשטעהט בעסער, ווי דער דייטשער עדעלמאן, ווען מען האט דאס אויסגעלערנט מיט שווערער מיה אין דער בערענגלעקענדי־גער לוטעטיא, און וועלכער גיט זיי איבער אין דער היים מיט דער דייטשער גרינדליכקייט און שווערקייט צו זיינע קומענדיגע דורות. דאס דערמאנט מיך אן דער פאבעל פון דעם בער, וואס האט געטאנצט אויף ירידים, און איז אנטלאפען פון זיין לעהרער וואס האט איהם ארומגעפיהרט, און וואס האט זיך אומגעקעהרט צו זיינע חברים־בערען און זיך באריהמט, וואס פאר א שווערע קונץ עס איז דאס טאנצען, און ווי גוט ער האט זיך דאס די קונץ אויסגעלערנט; — און ווירקליך, ווען די בערען האבען געזעהן די קונצען וואס ער מאכט ביים טאנצען, האבען זיך די ארימע חיות גאר ניט געקענט אפוואונדערן. יענע נאציאן, ווי ווערטהער רופט זיי, שטעלט צוזאמען די פארנעהמע וועלט, וואס האט דאס היינ־טיגעס יאהר געגלאנצט אויפ'ן וואסער און אויף דער יבשה, און דאס זענען געווען לויטער ליעבע, ליעבע לייט, און אלע האבען זיי גוט געשפיעלט.

אויך פירשטליכע פארשוינען זענען דא געווען. און איך מוז מודה זיין, אז די לעצטע זענען געווען באשיידענער אין זייערע אנשפרוכען, ווי די קלענערע גאבעל־לייט, אבער, צי אט די באשיי־דענקייט ליגט טאקי אין די הערצער פון די דאזיגע הויכע פארשוי־נען, אדער צי זיי האבען זי נאר ארויסגעבראכט דורך זייער דרוי־סענדיגע שטעלונג, דאס וויל איך לאזען ניט ענטשיעדען. ווען איך זאג דאס, האב איך נאר אין זינען די דייטשע מיטעלבארע פירש־טען. אט די לייט איז אין דער לעצטער צייט געשעהן א גרויס אומרעכט, מיט דעם וואס מען האט זיי בארויבט פון א סואווערע־ניטעט, צו וועלכען זיי האבען פונקט אזא גוט רעכט, ווי די גרעס־טע פירשטען, ווען מען וויל נאר ניט אננעמען, ווי עס וויל דאס מיין ניט גלויבענס־חבר שפינאזא, אז דאס יעניגע וואס קען זיך ניט אויפהאלטען דורך אייגענע כחות, האט אויך ניט קיין רעכט צו עקזעסטירען. פאר דעם צוריסענעם דייטשלאנד איז פשוט געווען א וואוילטאט, דאס וואס די קליינע דעספאטעלעך האבען זיך געמוזט אפזאגען פון רעגירען. עס איז שרעקליך, ווען מען באטראכט, ווי

פיעל פון זיי. מיר ארימע דייטשען האבען צו באזארגען מיט חיונה. ווען אפילו אט די אלע מעדיאטיזירטע טראגען שוין מעהר ניט קיין סצעפטער, אזוי האבען זיי דאך נאך תמיד לעפעל, מעסערס און גאפלען, און קיין האבער עסען זיי ניט. און ווען אפילו נאר האבער וואלט דאס אויך געווען גענוג טייער. איך דענק אז דורך אמעריקא וועלען מיר אמאל באפרייט ווערען פון אט דער פירש־טען־משא. ווארים פריהער אדער שפעטער וועלען זיך דאך די פרעזידענטען פון די דארטיגע פרייע שטאאטען פארוואנדלען אין פירשטען, און דעמאלט וועט יענע הערען אויספעהלען ווייבער, וואס האבען שוין א לעגיטימען טיטול, און זיי וועלען זיך דאמאלט פרע־הען ווען מיר וועלען זיי איבערגעבען אונזערע פרינצעסינס, און ווען זיי וועלען נעמען זעקס, וועלען מיר זיי געבען א זיבעטע פאר א צוגאב, און אויך אונזערע פרינצלעך וועלען זיי שפעטער צו קע־נען באשעפטיגען ביי זייערע טעכטער; — דערפאר האבען די מעדיאטיזירטע פירשטען געהאנדעלט זעהר פאליטיש, ווען זיי הא־בען באשטאנען דארויף אז זייערע טיטולען זאלען בלייבען. און האבען זייערע יחוס־בוימער געשעצט אזוי הויך, ווי די אראבער שעצען די יחוס־בוימער פון זייערע פערד, און דאס צוליעב דער זעלביגער כונה, ווייל זיי וויסען גאנץ גוט, אז דייטשלאנד איז פון תמיד אן געווען די גרויסע שטאל פון פירשטליכע שקאפעס, וואס מוז פארזארגען אלע שכני'שע רעגירונגס־הייזער מיט שקא־פעס און הענגסטען.

אין אלע בעדער איז דאס שוין אן אלטער מנהג, אז די אוועק־געפאהרענע געסט מעגען אביסעל שטארק קריטיקירט ווערען פון די פארבליבענע. און אזוי ווי איך בין דער לעצטער וואס פאר־ברענגט נאך דא, אזוי מעג איך זיך מיט יענעם רעכט באנוצען וויפיעל איך וויל.

עס איז אבער איצט אזוי וויסט אויפ'ן אינזעל, אז איך קום מיר פאר, ווי נאפאלעאן אויף סאנקט העלענא. בלויז וואס איך האב דא געפינען אן אונטערהאלטונג, וואס יענעם פעהלט דארטען. און דאס איז טאקי דער גרויסער קייזער אליין, מיט וואס איך באשעפטיג זיך. א יונגער ענגלענדער האט מיר דערצעהלט וועגען

דעם נאָר וואָס ערשיענענעם בוך פון מאַיטלענד. אַט דער ים־פּאַה־
רער דערצעהלט דעם אופן ווי אזוי נאַפּאָלעאָן האַט זיך איהם אי־
בערגעגעבען און ווי אזוי ער האַט זיך געהאַלטען אויף דער בעלע־
ראָפאָן, ביז ער איז אויף דעם באַפעהל פון דעם ענגלישען מיניס־
טעריום איבערגעגעבען געוואָרען אויף דער נאָרט־אומבערלענד. פון
דעם דאָזיגען בוך זעהט זיך ארויס אזוי קלאָר ווי די זון, אז דער
קייזער, האָבענדיג דעם ראָמאַנטישען צוטרוי צו ענגלישען הויכ־
מוט, און כדי דער וועלט סוף כל סוף צו פאַרשאַפען מנוחה, איז
ער געגאַנגען צו די ענגלענדער מעהר ווי א גאַסט, איידער א גע־
פאַנגענער. דאָס איז געווען א פעהלער, וואָס אן אנדערער וואָלט
איהם ניט באַגאַנגען, און צום ווינציגסטען פון אלע א וועלינגטאָן.
די געשיכטע אבער וועט זאָגען, אז אַט דער פעהלער איז אזוי שעֶן,
אזוי ערהאַבען, אזוי הערליך, אז דערצו פאָדערט זיך מעהר נשמה־
גרויסקייט, ווי מיר אַנדערע קענען דערגרייכען מיט אונזערע אַלע
גרויסע מעשים.

די סבה פאַר וואָס קאַפּיטאַן מאַיטלענד האָט איצטער ארויס־
געגעבען זיין בוך, זעהט אויס צו זיין ניט קיין אנדערע, ווי דאָס באַ־
דערפעניש פון מאָראַלישער רייניגונג, וואָס עס פיהלט יעדער עהר־
ליכער מענש, ווען דאָס שלעכטע מזל האָט פאַרפלאָכטען אין א
צווייטיגער האַנדלונג. דאָס בוך אליין איז אבער א געווינס ניט
אָפּצושאַצען פאַר נאַפּאָלעאָנס געפאַנגענשאַפטס־געשיכטע, וואָס
מאַכט אויס דעם לעצטען אקט פון זיין לעבען, און וואָס לעזט אויף
אלע רעטעניש פון די פריהערדיגע אקטען, און ווי עס דאַרף טאָן
אן אמת׳ע טראַגעדיע, רודערט זי אויף די געמיטער, רייניגט און
פאַרגיט. דער כאַראַקטער אונטערשיעד פון די פיער הויפּט
שריפטשטעלער, וואָס דערצעהלען אונז פון דער דאָזיגער געפאַנגענ־
שאַפט, באַזונדערס ווי ער ווייזט זיך ארויס אין דעם סטיל און אין
דעם אופן פון דער אנשויאונג, באַווייזט זיך ערשט צום בעסטען
דורך זייער צוזאַמענשטעלונג.

מאַיטלענד, דער שטורעם־קאַלטער, ענגלישער ים־מענש, פאַר־
צייכענט די באַגעבענהייטען אָהן פאַראורטיילען און באַשטימט,
פונקט ווי דאָס וואָלטען געווען נאַטור־ערשיינונגען וואָס ער שרייבט

אריין אין זיין לאגאבוך: ל א ק א ז אן ענטהוזיאס־טישער קאמער־הער, ליגט אין יעדער שורה, פאר די פיס פון קייזער, ניט ווי א רוסישער שקלאף, נאר ווי א פרייער פראנצויז, ווען די באוואונדערונג פון א אונערהערטער העלדען־גרויסקייט און רומווירדיגקייט, בויגט ניט ווילענדיג איין די קניע: א׳ מירע, דער דאקטאר, הגם געבוירען אין אירלאנד, דאך זייענדיג אין גאנצען אן ענגלענדער, און אלס אזעלכער אן אמאליגער שונא פון קייזער, אבער איצטער אנערקענענדיג דאס מאיעסטעטס־רעכט פון אומגליק, שרייבט פריימוטיג, אהן מליצה, זאכליך, כמעט אין לאפידאר־סטיל. פארקעהרט גאר קיין סטיל, נאר א סטילעט, איז דער שפיציגער שטעכענדיגער אופן פון שרייבען ביי דעם פראנצויזישען דאקטאר אויטאמארשי, אן איטאליענער וואס איז אין גאנצען ווי שכור פון פארביסענקייט און פון דער פאעזיע פון זיין לאנד.

ביידע פעלקער, די בריטען און די פראנצויזען, האבען צוגעשטעלט פון יעדען צד צו צוויי מענשען, געוועהנליכע גייסטער, און ניט אונטערגעקויפט פון דער הערשענדיגער מאכט, און אט די דזשורי האט גע׳משפט דעם קייזער און איהם פאראורטיילט: אייביג צו לעבען, אייביג באוואונדערט צו ווערען, אייביג באדויערט צו ווערען.

א סך גרויסע מענער זענען שוין געגאנגען איבער דער ערד. דא און דארטען זעהען מיר נאך די לייכטענדיגע שפורען פון זייערע פיס־טריט, און אין היילינע שטונדען באווייזען זיי זיך אין נעבעל־בילדער פאר אונזער נשמה; אבער דער וואס איז אליין א גרויסער מאן זעהט זיינע פארגענגער פיעל דייטליכער; אויס איינציגע פונקען פון זייערע ליכטיגע שפורען דערקענט ער די בעהאלטענסטע מעשים, פון איינציגע פארבליבענע ווערטער, דערקענט ער אלע פאלבען פון זייער הארץ; און אויף אזא אופן לעבען די גרויסע מענער פון אלע צייטען אין א מיסטישער געמיינשאפט. איבער די טויזענדער יאהרען ווינקען זיי איינער צום צווייטען און קוקען זיך אן פול מיט באדייטונג, און זייערע בליקען באגעגענען זיך אויף די קברים פון פארגאנגענע דורות, וואס האבען זיך אריינגעשפארט צווישען זיי. און זיי פארשטעהען זיך און האבען זיך ליעב. מיר

קליינע אבער, וואָס מיר קענען ניט האָבען אזא אינטימען אומגאַנג מיט די גרויסע פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון וועלכע מיר זעהען נאָר זעלטען ווען די שפּורען אין פאַרנעבעלטע בילדער, פאַר אונז איז עס א גרויסע זאַך, ווען מיר דערווייסען זיך אזוי פיעל פון אזא גרויסען, אז עס ווערט אונז לייכט איהם לעבעדיג אויפצונעהמען, און דורך דעם צו באַרייכערן אונזער נשמה. אזא איינער איז נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע. מיר ווייסען פון איהם, פון זיין לעבען און שטערבען א סך מעהר, ווי פון די אנדערע גרויסע אויף דער ערד און יעדען טאָג דערגעהען מיר דערפון אַלץ מעהר און מעהר. מיר זעהען ווי דאָס פאַרשאָטענע געטערבילד ווערט לאַנגזאַם אויסגעגראָבען און מיט יעדען שאָוועל ערד, וואָס מען נעמט פון איהם אַרונטער וואַקסט אונזער פריידיגע באַוואונדערונג איבער דער גרויסקייט און פּראַכט פון די עדעלע פאָרמען, וואָס טרעטען אַרויס, און די גייסטיגע בליצען פון שונאים, וואָס ווילען דאָס גרויסע בילד צושמעטערן, דיענען נאָר דערצו, אז עס זאָל מיט נאָך מעהר גלאַנץ באַלויכטען ווערען. אָט דאָס געשעהט איבערהויפּט דורך די אייסערונגען פון פרוי פאָן סטאַהל, וואָס מיט איהר גאַנצער הערבקייט, זאָגט דאָך ניט עפּיס אַנדערש, ווי דאָס, אז דער קייזער איז ניט געווען קיין מענש ווי די איבעריגע מענשען, און אז זיין גייסט קען ניט געמאָסטען ווערען מיט דער מאָס וואָס מיר האָבען.

אזא גייסט איז דער, אויף וועלכען קאַנט האָט אָנגעוויזען, אז מיר קענען זיך פאָרשטעלען א גייסט, וועלכער, ווייל ער איז ניט ווי דער אונזעריגער דיסקורסיוו נאָר אינטואיטיוו, געהט ער פון דעם סינטעטיש אַלגעמיינעם, פון דער אָנשויאונג פון דעם גאַנצען אַלס אזעלכען, צו דעם באַזונדערן איינציגען, דאָס הייסט פון דעם גאַנצען צו די איינציגע טיילען. יאָ, דאָס וואָס מיר דערקענען דורך א לאַנגזאַמען אַנאַליטישען נאָכדענקען און לאַנגע שלום-פּאָלגען, דאָס האָט יענער גייסט דערזעהן און טיעף באַגריפען אין דעם זעלביגען מאָמענט. דערפון נעמט זיך זיין טאַלענט צו פאַרשטעהען די צייט, די געגענוואַרט, איהר גייסט צו שמייכלען, איהם קיינמאָל ניט צו באַליידיגען, און תמיד צו באַנוצען.

און ווייל אָט דער גייסט איז ניט בלויז רעוואָלוציאָנער, נאָר

איז געוואָרען צוזאַמענגעשטעלט דורך דער צונויפגיסונג פוןביידע אַנזיכטען, דעם רעוואָלוציאָנערן און קאָנטער־רעוואָלוציאָנערען. דערפאַר האָט נאַפּאָלעאָן קיינמאָל ניט געהאַנדעלט אין גאַנצען רעוואָלוציאָנער און קיינמאָל ניט אין גאַנצען קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, נאָר תמיד אין דעם זין פון ביידע אַנזיכטען, פון ביידענס פּרינציפּען, ביידענס באַשטרעבונגען, און אַזויערנאָך — האָט ער אַלעמאָל געהאַנדעלט נאַטירליך, איינפאַך, גרויס, קיינמאָל ניט, ניט באַרעכענט רויה, תמיד רוהיג מילד. דאַרום האָט ער קיינמאָל ניט אינטריגירט אין איינצעלען, און זיינע נצחונות זענען תמיד געקומען דורך זיין פאַרשטענדעניש צו באַגרייפען די מאַסען און זיי צופיה־רען. צו פאַרוויקעלטע, לאַנגזאַמע אינטריגען נייגען זיך די קליינע, אַנאַליטישע גייסטער, ווייסען צו פאַרבינדען אויף אַ וואונדערבאַ־רען אופן די מיטלען וואָס די געגענוואַרט גיט זיי, אַזוי אַז זיי קענען זיי שנעל באַנוצען פאַר זייער צוועק. די ערשטע קריגען אָפּט מפּלות, ווייל קיין מענשליכע קלוגקייט קען ניט פאַראויס זעהן וואָס אין לעבען קען געשעהן, און די פאַרהעלטנישען פון לעבען שטעהען קיין מאָל ניט אויף קיין אָרט; פאַרקעהרט די לעצטע, די אינטיאוטיווע מענשען, זייערע פעסטע באַשלוסען געלינגען זיי צום לייכטסטען, ווייל זיי דאַרפען נאָר האָבען אַ ריכטיגע באַרעכענונג פון דעם וואָס איז פאַראַנען, און זיי האַנדלען אַזוי שנעל, אַז זיי־ערע באַשלוסען קענען דורך דער באַוועגונג פון די לעבענס־כוואַ־ליעס ניט ליידען קיין דורכפאַל, דורך אַ פּלוצלינגע, ניט פאַראויס־געזעהענע אומבייטונג.

עס איז געווען אַ גליקליכער צופאַל, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט גע־לעבט גראַד אין יענער צייט, וואָס האָט געהאַט אַזוי פיעל זין פאַר דער געשיכטע, איהר אויספאָרשונג און דאַרשטעלונג. דערפאַר ווע־לען אונז דורך די מעמוארען פון זיינע צייט־חברים פאַרלוירען ווערען גאַנץ ווייניג נאָטיצען איבער נאַפּאָלעאָן, און יעדען טאָג פאַרגרעסערט זיך די צאָל פון די געשיכטסביכער, וואָס ווילען איהם מעהר אָדער ווייניגער שילדערן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער איבעריגער וועלט. די מודעה וועגען אַזא בוך אויס וואַלטער סקאָט'ס פעדער, רופט דאַרום אַרויס די נייגעריגסטע ערוואַרטונג.

אלע פארעהרער פון סקאט׳ן, דארפען פאר איהם ציטערן; ווארום אזא בוך קען זעהר לייכט ווערען דער רוסישער פעלד־צוג פון יענעם רוהם, וואס ער האט מיט גרויס מיה פאר זיך גע־וואונען דורך א רייה פון היסטארישע ראמאנען, וואס האבען גע־נומען אלע הערצער פון אייראפא, גיכער דורך זייער טעמא, איידער דורך זייער פאעזיטישער קראפט. אט דאס טעמא איז אבער ניט בלויז אן עלעגיע איבער שאטלאנד׳ס פאלקסטימליכע הערליכ־קייט, וואס איז ביסלעכוויין פארשטופט געווארען דורך פרעמדע מנהגים, פרעמדער הערשאפט און פרעמדער ארט בענקען; נאר עס איז דער גרויסער שמערץ איבער דעם פארלוסט פון נאציאנאלע־באזונדערקייטען, וואס געהען פארלוירען אין דער אלגעמיינקייט פון דער נייערער קולטור. א שמערץ וואס ציטערט איצטער אין די הער־צער פון אלע פעלקער, ווארים נאציאנאלע זכרונות ליגען טיע־פער אין דער מענשליכער ברוסט, ווי מען שטעלט זיך געוועהנליך פאר. זאל מען נאר וואגען צוריק אויסצוגראבען די אלטע בילדער, און איבער נאכט וועט אויך ארויסבליהען די אלטע ליעבע מיט איהרע בלומען. דאס איז ניט נאר א מליצה, נאר אן אמת׳ער פאקט; ווען בולאק האט מיט עטליכע יאהרען צוריק אויסגעגראבען אין מעקסיקא אן אלט היידניש שטיינבילד, האט ער אויף צו מארגענס אויסגעפונען, אז איבערנאכט האט מען עס בעקראנצט מיט בלו־מען — און שפאניען האט דאך מיט פייער און שווערד חרוב גע־מאכט די אלטע אמונה פון די מעקסיקאנער, און זייערע געמיטער זעהר שטארק צוגראבען, צואקערט און באזעעט מיט קריסטענטום. אזוינע בלומען בליהען אויך אין די וואלטער סקאטישע דיכטונגען. און די דאזיגע דיכטונגען אליין וועקען אויף די אלטע געפיהלען. און פונקט ווי אמאל אין גראנאדא פלעגען די מענער און ווייבער מיט א יאמער פון פארצווייפלונג ארויסלויפען פון זייערע היי־זער, ווען זיי פלעגען דערהערען אין גאס דאס ליעד פון דעם מא־רען־קעניגס אנקומען, אזוי, אז דאס ליעד איז פארבאטען געווא־רען צו זינגען אונטער א טויט־שטראף; פונקט אזוי האט דער טאן, וואס הערשט אין די סקאטישע דיכטונגען א גאנצע וועלט אויפגע־

רודערט מיט שמערץ. אַט דער טאָן געפינט אַן אָפּקלאַנג אין די הער־
צער פון אונזער אַדעל, וואָס זעהט צו ווי זיינע שלעסער און זיינע
הערבען פאַלען איין. ער קלינגט אָפּ אין די הערצער פון דעם ביר־
גער, וועמען דאָס באַקוועמע, הגם ענגע לעבען פון פּאַרצייטענס,
ווערט פאַרשטופּט דורך ווייטע, ניט קיין דערפרעהענדיגע מאָדער־
ניטעט; ער קלינגט איבער דער גאַנצער ערד, ביז אין די באַנאַנאַ־
וועלדער פון הינדוסטאַן, וואו דער זיפצענדיגער בראַהמין זעהט
פאָראויס, דאָס אָפּשטאַרבען פון זיינע געטער, די צושטערונג פון
זייער פאַרצייטיגער וועלט־אָרדענונג און דעם גאַנצען נצחון פון די
ענגלענדער.

אַט דער טאָן, דער געוואַלטיגסטער, וואָס דער שאַטישער
באַרד וויים אַרויסצוברענגען פון זיין ריעזיגער האַרף, פּאַסט אָבער
ניט פאַר דעם קייזער ליעד פון נאַפּאָלעאָן, דעם נייען מאַן, דעם
מאַן פון דער נייער צייט, דעם מאַן, אין וועמען אַט די נייע
צייט שפּיגעלט זיך אָפּ אַזוי לייכטענדיג, אַז מיר ווערען דורך
דעם כמעט פאַרבלענדט, אַזוי אַז מיר קענען שוין מעהר ניט גע־
דענקען וועגען יענער פאַרגעסענער פאַרגאַנגענהייט, מיט איהר
אָפּגעבלאַקירטער פּראַכט. מען קען זעהר לייכט פאָראויסזעהן, אַז
סקאָט, וועדליג זיינע נייגונגען, וועט פּאַרצוגסווייז אויפפאַסען
יענעם אָנגעוויזענעם שטאַבילען עלעמענט אין נאַפּאָלעאָנ׳ס כאַ־
ראַקטער, די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע זייט פון זיין גייסט, אין דער
צייט וואָס אַנדערע שריפטשטעלער וועלען אין איהם דערקענען בלויז
דעם רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער. אַ בייראָן וואָלט איהם נאָר
געשילדערט פון אַט דער לעצטער זייט, וואָס איז מיט זיין גאַנצען
שטרעבען דער היפּך פון סקאָט׳ן, און אַנשטאָט וואָס ער זאָל, גלייך
ווי יענער, באַקלאָגען דעם אונטערגאַנג פון די אַלטע פאָרמען, פיהלט
ער זיך גאָר פאַרדראָסיג געענגט פון דעם ביסעל וואָס איז נאָך פון
זיי פאַרבליבען, און ער וואָלט גערן מיט אַ רעוואָלוציאָנערן געלעכ־
טער און מיט ציין־קריצעניש, אַט דאָס ביסעל פאַרבליבענע אַלטע
פאָרמען אויסרייסען, און אין דעם דאָזיגען ערגערניש וואָלט ער
וועלען באַשעדיגען די הייליגסטע בלומען פון לעבען, און ווי אַ
משוגע׳נער האַרלעקין, שטעכט ער זיך אריין אַ מעסער אין האַר־

צען, כדי מיט דעם ארויסשטראָמענדיגען שווארצען בלוט, זיך רייצענדיג צו באשפּריצען הערען און דאַמען.

ווירקליך, אין דעם דאָזיגען אויגענבליק, פיהל איך זעהר לעבעדיג, אז איך בין ניט קיין נאָכבעטער, אדער בעסער געזאָגט, קיין נאָכזינדיגער פון בייראָנ'ען. מיין בלוט איז ניט אזוי פאראומערט שווארץ, מיין ביטערקייט קומט נאָר פון די גאַלרעפּעל, וואָס זענען אין מיין טינט. און ווען אין מיר איז פאראַן גיפט, איז דאָס אויך נאָר א געגענגיפט, א געגענגיפט צו יענע שלאַנגען, וואָס לויערען אזוי מורא'דיג אונטער דעם אש פון אלטע דאָמען און פעסטונגען. פון אלע גרויסע שריפטשטעלער איז בייראָן גראָד דער יעניגער, וועמענס לעהרען האָבען מיך צו ווינציגסטען באריהרט; וואו פארקעהרט סקאט, האָט מיט יעדען פון זיינע ווערק מיר דאָס הארץ דערפרעהט, בארוהיגט און געקרעפטיגט. מיך האָבען אפילו דערפרעהט די נאָכמאַכונגען פון זיינע ווערק, וועלכע מיר געפינען ביי וויליבאלד אלעקסיס, בראַניקאָווסקי און קופּער, פון וועלכע דער ערשטער שטעהט אם נאָהענטסטען צו זיין פאָרגענגער אין זיין איראָנישען „וואַלאַדמאָר“, און וועלכער האָט אונז אויך אין א שפּעטערדיגער דיכטונג געוויזען אזוי פיעל רייכטום און געשטאַלטען אין גייסט, אז ער וואָלט אפילו געקענט מיט זיין פּאָעטישער אורשפּרינגליכקייט, (וואָס באדיענט זיך בלויז מיט סקאָט'ישע פאָרמען), צופיהרען צו אונזערע נשמות די טייערסטע מאָמענטען פון דער דייטשער געשיכטע אין א רייה פון היסטאָרישע ראָמאַנען.

אָבער פאר קיין אמת'דיגען געניוס לאָזען זיך ניט פארצייכענען קיין באשטימטע וועגען. ווארום זיי ליגען אויסערהאַלב יעדער קריטישער בארעכטיגונג, און דערפאר מעג עס אויך באטראַכט ווערען פאר אן אומשולדיגער געדאנקען־שפּיעל, ווען איך זאָג ארויס מיין פאָראורטייל איבער וואַלטער סקאָט'ס קייזער געשיכטע. „פאָראורטייל“ איז דאָ דער פּאַסיגסטער אויסדרוק. נאָר איין זאַך לאָזט זיך זאָגען מיט באשטימטקייט: דאָס בוך וועט געלייענט ווערען פון אָנהויב ביז צום סוף, און מיר דייטשען וועלען עס איבערזעצען.

מיר האָבען אויך איבערזועצט דעם סעגור. ניט אמת, עס איז אַ שען עפּיש געדיכט? מיר דייטשען שרייבען אויך עפּישע געדיכטען, אבער זייערע העלדען עקזיסטירען בלויז אין אונזערע קעפּ. פאַרקעהרט די העלדען פון דעם פראַנצויזישען עפּאָס, זענען אמת׳ע העלדען, וואָס האָבען ארויסגעוויזען פיעל מעהר העלדישקייטען און געליטען אַ סך גרעסערע ליידען, ווי מיר קענען אויסטראַכטען אין אונזערע בויךדעמס. און מיר האָבען דאָס דאָך אַ סך פאַנטאַזיע, און די פראַנצויזען האָבען בלויז אַ ביסעל. אפשר האָט טאַקי דערפאַר דער ליעבער גאָט די פראַנצויזען ארויסגעהאָלפען אויף אַן אנדערן אופן, און זיי דאַרפען נאָר געטריי נאָך דערצעהלען דאָס וואָס זיי האָבען געזעהן און געטאָן פאַר די לעצטע דרייסיג יאָהר? און זיי האָבען אַן איבערגעלעבטע ליטעראַטור, וואָס קיין פאָלק האָט נאָך אין קיין צייט ניט ארויסגעבראַכט. אַט די דאָזיגע מעמוארען פון שטאַאַטס־לייט, סאָלדאַטען און ערדעלע פּרויען, וואָס ערשיינען יעדען טאָג אין פראַנקרייך, שטעלען פאַר אַ קרייז מיט לעגענדען, פון וועלכע די קומענדיגע וועלט וועט האָבען צו טראַכטען און צו זינגען, אין וועלכע עס וועט ארויסשיינען אלס דער מיטעלפּונקט דאָס לעבען פון דעם גרויסען קייזער. די סעגור׳שע געשיכטע פון דעם פעלדצוג אין רוסלאַנד איז אַ ליעד, אַ פראַנצויזיש פאָלקסליעד, וואָס געהערט אויך צו דעם דאָזיגען קרייז פון לעגענדען, און אין זיין טאָן און זיין שטאָף איז עס גלייך צו די עפּישע דיכטונגען פון אלע צייטען און קען זיך מיט זיי אויך פאַרגלייכען.

א דור פון העלדען, וואָס האָט דורך דעם צויבערשפּרוך: „פרייהייט און גלייכהייט ארויסגעוואַקסען פון פראַנקרייך׳ס באָדען, האָט דורכגעצויגען די וועלט, ווי אַ מאַרש פון נצחון. שכור פון רוהם און געפיהרט פון דעם גאָט פון רוהם אליין, האָט דערשראָקען און פאַרהערליכט, און צום סוף געטאַנצט דעם שיכור׳ן כלי־זין טאַנץ אויף די אייזפעלדער פון צפון, און אַט די אייזפעלדער האָבען זיך איינגעבראָכען און די זיהן פון פייער און פון דער פרייהייט זענען צו גרונד געגאַנגען דורך דער קעלט און דורך שקלאַווען.

אזא באשרייבונג אָדער פּראָפעצייהונג פון דעם אונטער־

גאַנג פון אַ װעלט פון גבורים, איז דער גרונד־טאָן און דער שטאָף
פון אַלע עפּישע דיכטונגען בײ אַלע פעלקער. אױף די פעלזען פון
עלאָרע און אַנדערע אינדישע גראָטען־טעמפּלען, שטעהן אײנגע־
גראָבען מיט ריעזיגע הירָאָגליפען אַזעלכענע קאַטאַסטראָפען, װע־
מענס שליסעל עס איז צו געפינען אין דעם מאַהאַבאַראַטאַ; דער
צפון האָט דאָס אין ניט קײן קלענערע שטײנערנע װערטער אױסגע־
דריקט אין זײן עדדאַ, אָט דעם גרױסען געטער־אונטערגאַנג; דאָס
ליעד פון די ניעבעלונגען באַזינגט דעם זעלביגען טראַגישען חורבן, און
האָט בײ זײן סוף גאָר אַ באַזונדערע עהנליכקײט מיט דער סעגור־
שער באַשרײבונג פון דער מאָסקװער שׂרפה; דאָס ליעד פון ראָלאַנד,
פון דער מלחמה בײ ראָנציסװאַל, װעמענס װערטער עס זענען פאַר־
געסען געװאָרען, װעמענס לעגענדע עס איז אָבער ניט פאַרגעסען
געװאָרען, און װעלכע איז ערשט דאָ ניט לאַנג צוריק אױפגע־
שטאַנען תחית המתים דורך דעם גרעסטען דיכטער פון פאָטער־
לאַנד. דורך אימערמאַנען, איז אױכעט פונקט דאָס זעלביגע אַלטע
אומגליקס־געזאַנג; און אפילו דאָס ליעד פון איליאָן, װאָס פאַר־
הערליכט צום שענסטען אָט דאָס אַלטע טעמאַ, איז דאָך ניט גרױס־
אַרטיגער און שמערצליכער, װי דאָס פראַנצױזישע פאָלקסליעד אין
װעלכען סעגור האָט באַזונגען דעם אונטערגאַנג פון זײן גבורים־װעלט.
יאָ, דאָס איז אַן אמת׳ער עפּאָס, פראַנקרײך׳ס העלדישע יוגענד איז
דער שענער הערא׳ס, װאָס שטאַרבט יונגערהײד, װי מיר זעהען
שױן אַזאַ לײד אין דעם טױט פון באַלדור, זיגפריד, ראָלאַנד און
אַכילעס, װאָס זענען אױך געפאַלען דורך פונקט אַזאַ אומגליק און
פעראַט; און יענע העלדען, װאָס מיר באַװאונדערן איז דער אי־
ליאַדע, זײ געפינען מיר נאָכאַמאָל אין דעם ליעד פון סעגור, מיר
זעהען זײ אױף מלחמה־בעראַטונגען, װי זײ קריעגען זיך און קעמ־
פען פונקט װי אַמאָל בײ דעם סקאַישען טױער; און װען אפילו
דיאַ יאַקע פון דעם קעניג אין נעאַפּעל איז אַביסעל צו פאַרשידענ־
פאַרביג מאָדערן, אַזױ איז דאָך אָבער זײן קריעגערישער מוט און
איבערמוט פונקט אַזױ גרױס, װי דער פון פעלידען. אַ העקטאָר
פון מילדקײט און בראַװקײט שטעהט פאַר אונז פ ר י נץ
א י י ז ש אַ ז, דער עדעלער ריטער; נ ע י קעמפט װי

א י אַ ק ס: ב ע ר ט ה י ע איז א נעסטאַר אַהן חכמה. ד אַ־ו ו אַ ד אַ ר י, ק אַ ל י נ ק אַ ר, א. אז. וו. אין זיי וואוינען די נשמות פון מעלענאַאַס, אַדיסעאוס, דיאַמעבעס — נאָר דער קייזער אליין געפינט ניט זיינס גלייכען. און זיין קאָפּ איז דער אַלימפּ פון דעם געדיכט. און ווען איך פאַרגלייך איהם אין זיין דרויסענדיגע הערשער־ערשיינונג מיט אַגאַמעמאָן, אַזוי געשעהט דאָס בלויז, פּונקט אַזוי ווי דעם גרעסטען טייל פון זיינע קאַמפּס־חברים, ווייל איהם האָט ערוואַרט דער זעלביגער טראַגישער שיקזאַל, און ווייל זיין אַרעסטעם לעבט נאָך.

ווי די סקאַטישע דיכטונגען, אַזוי האָט אויך דער סעגור'שע עפּאָס, א טאָן, וואָס באַצווינגט אונזערע הערצער. אבער דער דאָזיגער טאָן וועקט אין אונז ניט אויף די ליעבע צו פאַרגעסענע טעג פון פאַרצייטענס, נאָר דאָס איז א טאָן, וועמענס קלאַנג־פיגור גיט אונז די געגענוואַרט, א טאָן וואָס רופט אין אונז ארויס באַגייס־טערונג פאַר אַט דער געגענוואַרט.

מיר דייטשען זענען דאָך אמת'דיגע פּעטער שלומיאל'ס! מיר האָבען אויך אין דער לעצטער צייט א סך געזעהן, און א סך אריבערגעטראָגען, אזוי למשל איינקוואַטירונגען, און אדעל־שטאַלץ; און מיר האָבען דאָס דאָזיגע עדעלע בלוט מקריב געווען פאַר ענגלאַנד למשל, וואָס האָט נאָך איצטער יעדעס יאָהר צו בעצאָהלען א היבשע סומע פאַר אָפּגעשאָסענע דייטשע הענד און פיס צו זייערע אמאָליגע איינענטימער; און אין אונזער קליינקייט האָבען מיר אויפגעטאָן אזוי פיעל גרויסעס, אז ווען מען זאָל עס צונויפרעכענען, וואָלטען ארויסגעקומען די גרעסטע העלדישקיי־טען. אַ שטייגער אין טיראָל; און מיר האָבען א סך פאַרלוירען, ווי למשל אונזער העלדישען שאָטען, דעם טיטעל פון דער ליעבער הייליגער רוימישער מלוכה — און דאָך מיט אלע אונזערע פאַר־לוסטען, קרבנות, ענטזאַגונגען, אומגליקען און גרויסע מעשים האָט אונזער ליטעראַטור ניט געוואונען קיין איינציגען דענקמאָל פון באַריהמטקייט, ווי זיי באַווייזען זיך יעדען טאָג ביי אונזערע שכנים, גלייך ווי אייביגע טראָפּעען. אונזער לייפּציגער יריד, האָט כמעט גאָר ניט פּראָפיטירט פון דער שלאַכט ביי לייפּציג. איך הער

אז א געוויסער גאטהאער וויל זי נאך באזינגען אין אן עפישער פארם; נאר אזוי ווי ער ווייס נאך ניט צי ער געהערט צו די 100,000 נפשות, וואס הילדבורגהאוזען האט באקומען, אדער צו די 150,000 וואס מייניגנען האט באקומען, אדער גאר צו די 160,000 וואס אלטענבורג האט באקומען, אזוי קען ער דעם עפאס ניט אנהויבען. ער וואלט דאך געמוזט אנהויבען: „זינג, אונשטערב־ליכע נשמה, הילדבורגהייזישע נשמה, — מייניגנגשע נשמה, אדער אויך אלטענבורגישע נשמה — אלץ איינס, זינג, זינג פון דער זינ־דיגער דייטשער אויסלייזונג!“ אט דער נשמה־שאכער אין דעם הארץ פון פאטערלאנד, און וועמענס בלוטיגע צוריסענקייט לאזט ניט אויפקומען קיין שטאלצען געדאנק, און נאך ווייניגער א שטאלץ ווארט, אונזערע שענסטע מעשים ווערען דורך דעם לעכערליך און דורך די נארישע ערפאלגען, און אין דער צייט וואס מיר היעלען זיך איין אין דעם פורפור מאנטעל פון דעם דייטשען העל־דען בלוט, קומט א פאליטישער ליץ און טוט אונז אן אויפ'ן קאפ דאס נארענ־היטעלע.

גראד אט יענע ליטעראטורען פון אונזערע שכנים אויף יענעם זייט פון רהיין און אויף יענעם זייט פון קאנאל מוז מען פאר־גלייכען מיט אונזער באגאטעל־ליטעראטור, כדי צו באגרייפען דאס ליידיגע און ניט באדייטענדע פון אונזער באגאטעל־לעבען. אפט־מאל, ווען איך לייען די „מארנינג־קראניקעל“, און איך דערזעה אין יעדער שורה דאס ענגלישע פאלק, מיט זיין נאציאנאליטעט, מיט זיינע פערד־רייסעס, באקסען, העהנער־דועלען, עפענטליכע גע־ריכטען, פארלאמענטס־דעבאטען, א. אז. וו., נעם איך מיר דאן מיט א באטריבטען הארץ א דייטש בלאט אין דער האנד אריין, און זוך אין איהם די מאמענטען פון א פאלקס לעבען, און געפין דעריין גאר ניט א חוץ ליטעראריש פראזען און טעאטער־קלאטשע־רייען.

אין אמת'ן דארפען מיר דאך אפילו ניט ערוואַרטען עפּיס אנדערש. ווארום ווען ביי א פאלק איז אונטערדריקט יעדעס עפענטליכע לעבען, אזוי זוכט עס זיך אוים אזעלכענע זאכען, וואס זאלען קענען אלגעמיין ארומגערעדט ווערען. און צו דעם דיענען

פאר'ן פאלק אין דייטשלאנד זיינע שריפטשטעלער און קאמעדיאנ־טען. אנשטאט פערד־לויפען האבען מיר א לויפען פון ביכער צום לייפציגער יאריד. אנשטאט באקסען — האבען מיר מיסטיקער און ראציאנאליסטען, וואס שלאגען זיך ארום מיט זייערע פאמפלעטען, ביז איינער קומט צום שכל, און דער צווייטער פארלירט דעם חוש פון זעהן און הערען, און די אמונה באזעצט זיך אין איהם. אנשטאט העהנער־דועלען האבען מיר זשורנאלען, אין וועלכע אַרי־מע טייוואלים, וואס מען האדעוועט אוים פאר זיי, צורייסען זיך איינס דאס אנדערע זייערע גוטע נעמען, אין דער צייט וואס דער פּליסטער רופט אוים מיט הנאה: „זעה, אט דער איז א הויפּט האהן! יענעם דארט וואקסט דער קאם! און דער האט א שארפען שנאבעל! דאס יונגע העהנדעל מוז זיך ערשט אויסשרייבען זיינע פעדערן, מען מוז עם אביסעל אונטערהעצען, א. אז. וו. אויף אזא אופן האבען אויך מיר אונזערע עפענטליכע געריכטען, און דאס זענען די מעק־פאפּיערענע זאקסישע ליטעראטור־צייטונגען, אין וועלכע יעדער טפּוש ווערט גע'משפּט פון זיינס גלייכען, לויט די דינים פון א ליטעראַרישען קרימינאל שלחן ערוך, וואס האלט פון דער אפּשרעקונגס טעאָריע און באשטראפט יעדעס בוך ווי א פארברעכען. און ווייזט דער מחבר פון בוך ארוים עפּים גייסט, אזוי איז דער פאברעכען קוואליפיצירט. קען ער אבער באווייזען זיין גייסט־אליבי, אזוי איז די שטראף א געמילדערטע. — אודאי איז ביי דער דאזיגער ליטעראַרישער קרימינאל יוסטיץ א גרויסער חסרון וואס עס ווערט פיעל איבערגעלאזען צו דעם ריכטערס איינזעהעניש, און נאך מעהר דערפאר, ווייל אונזער ביכער־ריכטער לאזען זיך פונקט ווי פאלסטאף, ניט אריינזאגען אין זייערע אורטיילען, און טיילמאל זענען זיי אליין געהיימע זינ־דיגער, און זיי זעהען פאראוים, אז מארגען וועלען זיי אליין גע־משפּט ווערען פון די זעלביגע פארברעכער, איבער וועלכע זיי גיבען היינט ארוים זייער אורטייל. די יוגענד איז אין אונזער ליטעראַ־רישע קרימינאל יוסטיץ, א בעדייטענדע סבה פאר מילדערע שטראף, און ניט איין אלטער שריפטשטעלער ווערט לייכט געאור־טיילט, ווייל מען האלט איהם פאר א קינד, אפילו לויט דער אויפ־

געקומענער ערפאהרונג פון דער גאר לעצטער צייט, אז יונגע מענשען, אין דער צייט ווען זיי ענטוויקלען זיך צו מענליכקייט, טראגען זיך ארום מיט א קראנקהאפטען חשק, אנצומאכען שרפות. האט אויך געהאט איהר איינפלוס אויף דער עסטעטיק, און מען אורטיילט דערפאר לייכטער איבער מאנכע אזעלכע פלאמענדיגע טראגעדיען. אזוי איז למשל געשעהן מיט דער טראגעדיע פון יע־נעם פייערדיגען בחור'ל, וואס האט ניט ווענינגער ווי אונטערגע־צונדען דעם קעניגליכען פאלאץ אין פערזעפאלים. מיר האבען, כדי פארטצוזעצען די פארגלייכונגען, אין א געוויסען זין אויך אונ־זערע פארלאמענטס דעבאטען, און דערמיט מיין איך אונ־זערע טעאטער־קריטיקען; ווי פאסיג אונזער שוישפיעל אליין קען אנגערופען ווערען דאס הויז פון די געמיינע! שוין צוליעב די פיע־לע געמיינהייטען וואס בליהען דערין, שוין צוליעב דעם פראנ־צויזישען קויט, וואס אונזער פובליקום שלינגט איין, אפילו דע־מאלט ווען מען גיט איהם אויך אין דעם זעלביגען אבענד א לוסט־שפיעל פון ראופאך. פונקט ווי א פליעג, וואס מען טרייבט זי אוועק פון א האניג טאפ, ווארפט זי זיך ארויף מיט דעם גרעס־טען אפעטיט אויף דער סערוועטקע, און פארענדיגט דערמיט איהר מאלצייט. איך מיין דאס איצטער ראופאך'ס „באקעהרטע" וואס איך האב פאר א יאהרען ווינטער געזעהן אויפפיהרען אין האמ־בורג פון די בעסטע שוישפיעלער, און דאס מיט אזא גרויסען ביי־פאל, פונקט ווי די „שילער שווענקע", אזא פארפיומירטע סער־וועטקע, וואס איז אויך געשטעלט געווארען אין דעמזעלביגען אבענד. אבער אויף אונזער טעאטער בליהט ניט נאר מיסט, נאר אויך גיפט. אין אמת'ן, ווען איך הער, ווי אין אונזערע לוסטשפיע־לען ווערען אין אזא לייכטען און איבערפלעכליכען טאן אראפגע־זאגט די הייליגסטע זיטען און געפיהלען פון לעבען, אזוי אז צום סוף ווערט מען שוין אליין צוגעוועהנט צו קוקען אויף זיי, ווי אויף די גלייכגילטיגסטע זאכען, הער איך יענע קאמערדיענליכע ליע־בעם ערקלעהרונגען, די סענטימענטאלע פריינדשאפטס־פארבינ־דונגען וואס וויל אלעמען באטריגען, די לאכענדיגע פלענער מיט וועלכע מען וויל אפנארען די עלטערן אדער די פארהייראטע מע־

נער, און ווי נאך אט די אלע סטעראטיפישע לוסט־שפיעל־מאטיוועז הייסעז דארטעז, אך! דעמאלט כאפט מיך אן אזא אינערליכער עקעל און אזא באדענלאזער יאמער, און איך קוק מיט א בליק פול מיט שרעק אויף די ארימע אונשולדיגע קעפ פון די אייניקלעך, פאר וועמען מען וועט אין טעאטער אויך פארדעקלאמירען עפּיס אזעלכעס, און גאנץ וואהרשיינליך ניט אהן ערפאלג.

די קלאגען וועגען דעם צוזאמענפאלען און אונטערגאנג פון דעם דייטשען לוסטשפיעל, ווי זיי ווערען ארויסגעזיפצט פון עהרליכע הערצער, די קריטישע באמיהונגען פון א „טיעק" און „צימערמאן", וואס האבען ביי דער רייניגונג פון אונזער טעאטער א שווערע ארבייט, ווי הערקולעס אין אויגיאס שטאלען, ווייל אונזער טעאטער שטאל מוז גערייניגט ווערען, אין דער צייט ווען די אקסען זענען נאך דערין: די באשטרעבונגען פון הויכבאגאבטע מענער, וואס וואלטען וועלען איינפיהרען א ראמאנטישע קאמעדיע, די טרעפליכסטע און טרעפענדיגסטע סאטירע, ווי למשל ראבערטס „גן־עדן פויגעל" — קיין זאך וועט דא ניט העלפען. זיפצען, עצות, פארזוכען, קלעפ — דאס אלץ רודערט נאר אויף די לופט. און יעדעסווארט, וואס מען רעדט ארוים וועגען דעם, איז אין אמת'ן ווי גערעדט צום ווינד.

אונזער אויבערהויז, די טראגעדיע, באווייזט זיך אין א העכערן גלאנץ. איך מיין דאס אקעגען די קוליסען, דעקאראציאנען און גארדעראבען. אבער אויך דא איז פאראן א ציעל. אין טעאטער פון די רוימער האבען עלעפאנטען געטאנצט אויף א שטריק און געמאכט גרויסע שפרינג; ווייטער ווי דאס האט דער מענש ניט געקענט ברענגען אין די רוימישע מלוכה איז אונטערגאנגען, און מיט איהר איז שוין אויך אונטערגעגאנגען דאס רוימישע טעאטער. אין אונזערע טעאטערען פעהלען אפילו אין די טראגעדיען אויך ניט קיין טענץ און שפרינג, אבער זיי ווערען דא ארויסגעבראכט פון די טראגעדען אליין, און ווייל עס האט געטראפען, אז דורך גרויסע שפרינג זענען פרויען פלוצלינג געווארען מענער, דערפאר האנדעלט א ווייבערש פאטעל אמת'דיג כיטרע, ווען ער וויל זיך בריה'ן און מיט זיין לאמע יאמבען פרואווט ער מאכען גרויסע אלעקסאנדער־שפרינג.

Das geschleht der Orindur,
Unsres Thrones feste Säule,
Soll bestehn, ob die Natur
Auch damit zu Ende eile.

**Müllner.**

# עוועלינא

נעם צו די דאַזיגע בלעטער
אלס
אַ צייכען פון פריינדשאַפט און ליעבע
פון פערפאסער.

# קאפיטעל I.

זי איז געווען ליעבענסווירדיג, און ער
האָט זי ליעב געהאַט; ער איז ניט געווען
ליעבענסווירדיג און זי האָט איהם ניט
ליעב געהאַט. (אן אַלט שטיק).

מאדאם, קענט איהר דאָס אלטע שטיק? דאָס איז אן אויסער־געוועהנטליך שטיק, נאָר אביסעל צו טרויעריג. איך האָב אמאָל דערין געשפּיעלט די הויפּט ראָל, און דאמאָלט האָבען אלע דאמען געוויינט, נאָר איין איינציגע האָט ניט געוויינט, אפילו קיין איינ־ציגע טרעהר האָט זי ניט פארגאָסען. און דאָס איז טאַקי געווען דער פּאינט פון דעם שטיק, די אייגענטליכע קאטאַסטראָפע.

אוי, די איינציגע טרעהר! זי פּייניגט מיך נאָך אלץ אין די געדאנקען. ווען דער שטן וויל אביסעל פּייניגען מיין נשמה, שעפּ־טשעט ער מיר אין אויער אריין א ליעד פון אָט דער ניט געוויינטער טרעהר. א פאטאל ליעד, מיט נאָך א פאטאלערער מעלאָדיע — אך, נאָר אין גיהנום הערט מען אָט די מעלאָדיע! — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי אזוי מען לעבט אין גן־עדן, מאדאם, דאָס קענט איהר אייך גאנץ גוט פאָרשטעלען. נאָך גיכער דערפאר, ווייל איהר זענט פארהייראט. דאָרט אמוזירט מען זיך גאנץ נישקשה'דיג. מען האָט אלע פארגעניגענס וואָס זענען נאָר מעגליך, מען לעבט אין לויטער גליק און פרייד, אזוי גוט ווי גאָט אין פראנקרייך. מען עסט פון אין דער פריה ביז פארנאָכט און די קיך איז אזוי גוט ווי די יאגאַר'שע. די געבראָטענע גענז פליהען ארום מיט די שיסעלעך סאָס אין די שנאָבלען, און פיהלען זיך געעהרט ווען מען עסט זיי אויף. טאָרטען, וואָס גלאַנצען פון פוטער, וואַקסען ווילד ווי די זונבלומען. אומעטום

טייכען פון בוליאן און שאמפאניער: אומעטום בוימער — אויף וועלכע עס פלאטערען סערוועטען. און מען עסט און מען ווישט זיך אפ דאס מויל, און מען עסט ווייטער, ניט פארדארבענדיג זיך דעם מאגען. מען זינגט קאפיטלאך תהילים, מען שטיפט אדער מען שפּיעלט זיך מיט די ליעבע צערטליכע מלאכים'לעך, אדער מען געהט שפּאצירען אויף דער גרינער הללויה־לאנקע, און די ווייסע כוואליענדיגע קליידער ליגען זעהר באקוועם, און קיין זאך שטערט דא ניט דעם געפיהל פון זעליגקייט, קיין וועהטאג, קיין שלעכטער געפיהל, יא, ווען איינער טרעט אפילו דעם צווייטען צופעליג אז אויף די היהנער אויגען און רופט אוים: עקסקיוז! אזוי שמייכעלט דער צווייטער ווי פארקלערט און פארזיכערט: דיין טראט, ברודער, טוט ניט וועה. נאר **au contraire** מיין הארץ פיהלט נאר דורך דעם נאך זיסערען הימעלספרייד.

אבער פון גיהנום, מאדאם, האט איהר דערפאר גאר קיין באגריף ניט. פון אלע טייוואלים קענט איהר מסתמא בלויז דעם קלענסטען דעם בעל־זבוב'עלע אמאר, דעם פיינעם, העפליכען קארטען וואר־פער פון גיהנום. און דעם גהינום אליין קענט איהר מסתמא אויך נאר פון דעם דאן זשואן, און אט פאר דעם ווייבער־באטריגער, וואס ווייזט א שלעכטען ביישפּיעל, איז זי מסתמא לויט אייער מיינונג, נאך ניט גענוג היים, כאטש אונזער געעהרטע טעאטער דירעקטארען, לאזען דערביי ארויס אזוי פיעל פלאמען־ספּעק־טאקלען, פייערעגענס, פולווער און קאלאפאניום, אז קיין גוטער קריסט קען שוין ניט פארלאנגען מעהר אין גיהנום.

און דאך זעהט עס אין גיהנם אוים פיעל ערגער, ווי עס ווייסען אונזערע טעאטער דירעקטארען — ווען ניט, וואלטען זיי זיכער ניט געלאזט אויפפיהרען אזוי פיעל שלעכטע שטיקער — אין גיהנום איז גאנץ גיהנום'דיג היים, און ווען איך בין אמאל אין די הינטישע טעג, דארט געוועזן, האב איך איינגעזעהן אז דארט איז ניט צום אויסהאלטען. איהר האט גאר ניט קיין באגריעף פון גיהנום, מאדאם. מיר קריגען פון דארט גאר ווינציג אפיציעלע ידיעות. אז די ארימע נשמות דארט אונטען, מוזען דעם גאנצען טאג זיך צו

הערען צו די שלעכטע דרשות, וואס ווערען געדרוקט דא אויבען— דאס איז א פשוט'ע רכילות. אזוי שלעכט איז עס נאך ניט אין גיהנום. אזעלכענע ראפינירטע יסורים וועט דער שטן קיינמאל ניט אויס־טראכטען. פארקעהרט ווידער, דאנטע'ס באשרייבונג איז שוין אביסעל צו פאעטיש. מיר איז דאס גיהנום פארגעקומען, ווי א גרוי־סע באלעבאטישע קיך מיט אן אונענדליך לאנגען אויווען, אויף וועלכען עס זענען געשטאנען דריי רייהען מיט אייזערנע טעפ. אין זיי זענען געזעסען די פאר'משפט'ע און זיך געבראטען. אין דער ערשטער רייה זענען געזעסען די קריסטליכע בעל עברה'ני־קעס, און, וועט איהר עס גלויבען? זייער צאל איז געוועזען שוין גאר ניט קיין קליינע, און די טייוואלים האבען אונטער זיי געשארט דאס פייער מיט א גאנץ בעזונדערען חשק. אין דער צווייטער רייה זענען געזעסען די אידען, וואס האבען כסדר געשריען און די טיי־וואלים האבען פון צייט צו צייט זיך געררייצט מיט זיי. און ווי שען האט עס אויך אויסגעקוקט, ווען א דיקער, פרייכענדיגער פראַ־צענטניק, האט זיך געקלאגט אז די היץ איז צו גרויס, און א קליין טייוועלע האט איהם אפגעגאסען איבער קאפ מיט עטליכע עמערס קאלטע וואסער, כדי ער זאל זעהן, ווי דאס טויפען איז אן אמת'ע דערפרישענדע וואוילטעטיגקייט. אין דער דריטער רייה זענען גע־זעסען די געצענדינער, וואס פונקט אזוי ווי די אידען, וועלען זיי קיינמאל ניט האבען קיין עולם הבא און מוזען אייביג ברענען. איך האב געהערט, ווי איינער פון זיי, וועמען א טייוועל, וואס האט אויסגעזעהן ווי א זשוק, האט אונטערגעלעגט נייע קוילען, האט זיך געבעטען: „האט רחמנות אויף מיר, איך בין געוועזען סאקראטעס, דער גרעסטער חכם פון אלע מענשען, איך האב גע־לערנט דעם אמת און גערעכטיגקייט און האב מקריב געוועזען מיין לעבען פאר די גוטע מדות". אבער דער זשוק־ארטיגער דומער טייוועל האט זיך ניט געלאזט שטערען אין זיין ארבייט און האט געברומט: „אי, וויים איך וואס! אלע געצענדינער מוזען ברענען, און צוליעב איין איינציגען דארפען מיר ניט מאכען קיין אויסנאם".
— איך פארזיכער אייך, מאדאם, אז עס איז געוועזען א מורא'דיגע

היץ, און א שרייען, זיפצען, קרעכצען, אכצען, און יאמערען —
און פון צווישען אט די אלע שרעקליכע קולות, האט זיך אויך
ארויסגעריסען אט יענע פאטאלע מעלאדיע פון יענעם ליעד פון
דער ניט געוויינטער טרעהר.

## קאפיטעל II

זי איז געווען ליעבענסווירדיג און ער
האט זי ליעב געהאט; ער איז ניט געווען
ליעבענסווירדיג און זי האט איהם ניט
ליעב געהאט. (אן אלט שטיק.)

מאדאם, דאס אלטע שטיק, איז א טראגעדיע, כאטש דער
העלד, ניט ער איז דער׳הרג׳ט געווארען, און ניט ער האט זיך אליין
גענומען דאס לעבען. די אויגען פון דער העלדין זענען שען, זעהר
שען — מאדאם, שמעקט איהר ניט דעם ריח פון פיילעכלעך? —
און דאך געשליפען אזוי שארף, אז זיי האבען זיך ארייגעשטא־
כען אין מיין הארץ ווי גלעזערנע שפיזען, און האבען זיכער צו־
ריק ארויסגעקוקט דורך דעם רוקען. אבער איך בין דאך ניט גע־
שטארבען פון די דאזיגע מערדערישע אויגען. דאס קול פון דער
העלדין איז אויך שען. — מאדאם, האט איהר ניט נאר וואס גע־
הערט א נאכטיגאל זינגען? — א שענע זיידענע שטים, א זיס
געוועב פון די זוניגסטע טענער, און מיין נשמה איז דערפון גע־
ווארען פארטשעפעט און ווארגט זיך און קוועלט זיך. איך אליין —
דאס איז דער גראף פון גאנגעס, וואס רעדט איצטער, און די מעשה
פארלויפט זיך אין ווענעדיג — איך אליין האב שוין אמאל געהאט
איבער גענוג פון אזעלכענע צרות, און האב שוין ביים ערשטען
אקט געטראכט וועגען מאכען א סוף, און ארונטערשיסען דאס
נארענמיצעל צוזאמען מיט׳ן קאפ. און איך בין אריין אין א גאלאנ־
טערי־קראם אויף וויא וואוסטאה, וואו איך האב געזעהן אויס־
געשטעלט אין א קאסטען א פאר שענע פיסטוילען — איך געדענק
זיי נאך זעהר גוט. לעבען זיי זענען געשטאנען פיעל שענע שפיעל־
צייגען פון פערילמוטער און גלאז, אייזערנע הערצער אויף גאל־
דענע קייטעלעך, פארצעלאיענע שאלען מיט צערטליכע דעוויזען,
טאבאק פושקעלעך מיט פיינע בילדער, למשל די געטליכע געשיכטע

פון דער סוזאנע, דער שוואנענגעזאנג פון דער לעצא, דער רויב פון די סאבינערינס, די לוקרעטיצא, אט די דיקע טוגענדהאפטע פרוי מיט דעם אויפגעדעקטען בוזים, אין וועלכען זי האלט אין איין אריינשטעכען דאס מעסער, די זעליגע בעטהמאן La belle ferronière אלץ אנציהענדיגע געזיכטער — אבער איך האב דאך געקויפט די פיסטוילען, זיך ניט געדונגען פיעל, און דערנאך האב איך אויך געקויפט די קוילען, דערנאך דאס פולווער און דערנאך בין איך אוועק אין קעלער פון סעניאר אונבעשיידען, און האב מיר געהייסען דערלאנגען אויסטערן און א גלאז רהיין וויין. —

עסען האב איך ניט געקענט, און טרינקען נאך וויניגער. די הייסע טראפענס זענען אריינגעפאלען אין גלאז, און אין גלאז האב איך געזעהן מיין ליעבע היים. דעם בלויען, הייליגען גאנגעס, דעם אייביג שטראהלענדיגען הימאלאיא, די ריעזיגע באנאנענוועלדער, אויף וועמענס באבלעטערטע וועגען עס וואנדלען ארום די קלוגע עלעפאנטען און די ווייסע פילגער. מאדנע פאר'חלומ'טע בלומען קוקען מיך אן, ווי זיי וואלטען מיך בסוד עפים מאהנען. גאלדענע וואונדער פויגעל יובלען, ווילד שפילענדיגע זונענשטראהלען און זיס נארישע קלאנגען פון לאכענדיגע אפען רייצען מיך ליעבליך, פון ווייטע פאגאדען טראגען זיך די פרומע תפלות פון די פריסטער און צווישען אט דעם אלעמען קלינגט דאס קול פון דער סולטאנין אין דעלהי — אין איהר געצעלט פון טעפיכען לויפט זי ארום א בייזע אויף און אפ, זי צורייסט איהר זילבערנעם שלייער, זי ווארפט אויף דער ערד די שווארצע שקלאווין מיט דעם פאווע ווײדעל, זי וויינט, זי ווערט ווילד, זי שרייט — איך קען זי אבער ניט פארשטעהן, דער קעלער פונ'ם סעניאר אונבעשיידען איז דריי טויזענד מייל ווייט פון דעם הארעם אין דעלהי און צו דעם נאך איז די שענע סולטאנין שוין טויט אריבער דריי טויזענד יאהר — און איך האב האסטיג געטרונקען דעם וויין, דעם העלען, פריידיגען וויין, און דאך איז אין מיין נשמה געווארען וואס אמאל פינסטערער און טרויעריגער — איך בין געוועזן פאר'משפט צום טויט — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך בין צוריק ארויפגעגאנגען די קעלער טרעפּ, האָב איך געהערט ווי דאָס גלעקעל פאַר די אָרימע זינדיגע קלינגט, די מענשען־מאַסען האָבען פאַרביי געשטראָמט, איך אָבער האָב זיך אוועקגעשטעלט ביים ראַג פון דער סטראַדאַ סאַן זשיאָוואַני און האָב געהאַלטען אָט דעם מאָנאָלאָג:

אין אַלטע מעשיות ווערט דערצעהלט פון שלעסער גאָלדענע,
וואו ס'קלינגען האַרפען, שענע מיידלעך טאַנצען
און אויסגעפּוצטע דיענער בליצען. יאַסמין
און מירט און רויזען, שפּרייטען אוים זיי'ר דופט —
און דאָך איין איינציג כשוף וואָרט קען אָט
די גאַנצע הערליכקייט דאָ מאַכען באַלד צונישט.
און ס'בלייבען איבער בלויז נאַר הויפענס אַש,
און קרעכצענדיגע פייגעל פון דער נאַכט.
אַזוי האָב איך בלויז מיט איין איינציג וואָרט
אויך אָפּגעטאָן דעם כשוף פון דער בליהענדער נאַטור.
איצט ליגט, זי דאָ אָהן לעבען, קאַלט און בלייך
פּונקט ווי אַן אויסגעפּוצטער טויטער קעניג,
וואָס מ'האָט איהם אָנגעפאַרבט די באַקען
און איהם דערלאַנגט אַ סצעפּטער אין דער האַנד אַריין.
די ליפּען אָבער זענען געל און אָפּגעוועלקט,
ווייל מ'האָט פאַרגעסען אויבעט זיי צו שמינקען.
און ס'שפּרינגען מייז אַרום דעם קעניג אויף דער נאָז,
און מאַכען חוזק פון זיין גרויסען גאָלד'נעם סצעפּטער —

עס איז אַן אָנגענומענער מנהג, מאַדאַם, צו האַלטען מאָנאָלאָגען, איידער מען דערשיסט זיך אויף טויט. די מייסטע מענשען באַנוצען זיך ביי אַזעלכענע געלעגענהייטען מיט דעם האַמלעט'ישען „זיין אָדער ניט זיין". דאָס איז זעהר אַ גוטע שטעלע, און איך אַליין וואָלט זי גערן ציטירט— אָבער יעדער מענש איז דאָך נעהענטער צו זיך אַליין, און האָט מען, אַזוי ווי איך, אויך אַליין געשריבען טראַגעדיען, וואו עס געפינען זיך אַזעלכענע רעדען, ווי למשל דעם אונשטערבליכען „אַלמאַנזאָר", אַזוי איז גאַנץ נאַטירליך, אַז מען גיט מעהר פאָרצוג צו די אייגענע ווערטער, ווי אַפילו צו שעקספּיער.

אלענפאלס זענען אזעלכענע רעדען זעהר א גוטער מנהג. מען געווינט דורך זיי וועניגסטענס צייט — און אזוי איז געשעהן אז איך בין ביים ראַנג פון דער סטראַדא סאַן גיאוואַני געבליבען שטעהן אביסעל לענגער — און ווי איך בין אזוי געשטאַנען, געהייליגט פאר'ן טויט, האָב איך פּלוצים דערזעהן ז י!

זי האָט געטראַגען איהר בלוי זיידען קלייד און דעם ראָזאַ־רויטען הוט, און איהר אויג האָט מיך אַנגעקוקט אזוי מילד, אזוי דעם טויט באַזיגענדיג, אזוי דאָס לעבען שענקענדיג — מאַדאַם, איהר ווייסט דאָך מסתמא פון דער רוימישער געשיכטע, אז ווען די וועסטאַלינינס אין אַלטען רוים, האָבען באַגעגענט אויף זייער וועג אַ פאַרברעכער, וואָס איז געפיהרט געוואָרען צום טויט, אזוי האָבען זיי געהאַט דאָס רעכט איהם צו באַגנאַדיגען, און דער אָרימער קערל איז געבליבען ביים לעבען. — מיט איין איינציגען בליק האָט זי מיך געראַטעוועט פון טויט און איך בין געשטאַנען פאַר איהר ווי אַ נייבאַלעבטער, ווי פאַרבלענדט פון זונענגלאַנץ פון איהר שעהנקייט און זי איז זיך אוועק ווייטער — און מיך געלאָזט ביים לעבען.

## קאַפּיטעל III.

**און זי האָט מיך געלאָזטביים לעבען, און איך לעב און דאָס איז דער עיקר.**

אנדערע קענען זיך האָבען הנאה פון דעם, וואָס די געליעבטע באַציערט זייער מצבה מיט בלומענקראַנצען, און מאַכט זי נאָס מיט טרעהרען פון טרייקייט — אָ, ווייבער! האָסט מיך, לאַכט פון מיר, טוט מיט מיר וואָס איהר ווילט! נאַר לאָזט מיך לעבען! דאָס לעבען איז צו שפּאָסהאַפט זיס, און די וועלט איז אזוי ליעבליך צודרעהט, זי איז דער חלום פון א שכור'ן גאָט, וואָס האָט זיך אוועק גע'גנב'עט פון א געטליכער סעודה א לא פראַנסעי, און זיך געלייגט שלאָפען אויף אן איינזאַמען שטערען, און ווייס אליין ניט, אז אייגענטליך באַשאַפט ער טאַקע דאָס וואָס ער חלומ'ט — און זיינע טרוימביל־דער קריגען אָפט אַזעלכענע פאַרשידענפאַרביגע געשטאַלטען און אָפט גאַר, זענען זיי אזוי האַרמאָניש פאַרנונפטיג — די איליאַדע, פּלאַטאָ, די מלחמה ביי מאַראַטאָן, משה, די מעדיציישע ווענוס, דער שטראַסבורגער מינסטער, די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, העגעל, די דאַמפּשיפען, א. אז. וו. דאָס זענען אַלץ איינציגע גוטע געדאַנקען פון אָט דעם שאַפענדיגען געטליכען חלום — אָבער עס וועט ניט דויערן לאַנג, און דער גאָט וועט זיך אויפכאַפּען, זיך אויסריי־בען די פאַרשלאָפענע אויגען און שמייכלען — און אונזער וועלט וועט זיין צורונען און גאַר ניט, יאָ, זי האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט.

אַלץ איינס! איך לעב. און זאָל זיין איך בין נאַר א שאָטענבילד אין א חלום, אזוי איז דאָך אפילו דאָס בעסער, ווי דאָס קאַלטע שוואַרצע ליידיגע ניט זיין פונ'ם טויט. דאָס לעבען איז דאָס העכ־סטע פון אלעם גוטען, און דאָס ערגסטע פון אלעם שלעכטען איז דער טויט. מעגען די בערלינער גאַרדעליטענאַנטען בסדר חוזק מאַכען און אָנרופען א פייגהייט דאָס, וואָס דער פּרינץ פון האָמבורג שוידערט אויף ווען ער דערזעהט זיין אָפען קבר — היינריך קלייסט האָט פונדעסטוועגען געהאַט פונקט אזוי פיעל קוראַזש, ווי זיינע

הויכבריסטיגע, איינגעשנורעוועטע קאלעגען. און ער האט עס לײדער באוויזען. אבער אלע שטארקע מענשען האבען ליעב דאס לעבען. געטהע׳ס „עגמאנט“ האט זיך ניט גערן צושײדט „פון דער פריינדליכע געוועהנהייט פון זיין און עפים אויפטוען.“ אימערמאנס עדווין „הענגט אן דעם לעבען, ווי א קינד, א קליינס אן דער מא־מעם ברוסט“ און כאטש עס פאלט איהם שווער צו לעבען פון פרעמ־דע חסדים, בעט ער פונדעסטוועגען פאר אט דער געגאד:

„ווייל לעבען, אטעמען איז דאך דאס העכסטע“.

ווען אדיסעאוס דערזעהט אין דער אונטערשטער וועלט, ווי אכילעאוס איז דער אנפיהרער פון טויטע גבורים, און ער לויבט איהם פאר דעם רוהם וואס ער האט צווישען די לעבעדיגע און פאר זיין אנגעזעהענקייט אפילו צווישען די טויטע, ענטפערט איהם דער לעצטער:

„רעד מיר פון טויט ניט קיין טרייסטווארט, עדעלער אכילעאוס,
בעסער וואלט איך אויפ׳ן פעלד אלס א פשוט׳ער ארבייטער
דינען,
זיין נויטבאדארפטיג, אהן נחלה, אהן אייגען פארמעגען,
איידער די דאזיגע מחנה פון טויטע באהערשען.“

יא ווען דער מאיאר דיוואן האט ארויס גערופען דעם גרויסען ישראל לייב אויף א דועל מיט פיסטוילען, און איהם געזאגט: הער לייב אויב איהר שטעלט אייך ניט צום דועל, אזוי זענט איהר א הונד! —האט איהם יענער געענטפערט: איך וויל ליעבער זיין א לעבעדיגער הונד איידער א טויטער לייב! און ער איז געווען גערעכט. — מאדאם איך האב זיך אפט גענוג געשלאגען אויף דועלען, און איך מעג דערפאר דאס שוין זאגען — א דאנק גאט, איך לעב! אין מיינע אדערן קאכט דאס רויטע לעבען. אונטער מיינע פיס ציי־טערט די ערד. אין דעם פייער פון מיין ליעבע נעם איך ארום בוימער און מארמאר־בילדער, און זיי ווערען לעבעדיג אין מיינע ארעמס; יעדע פרוי איז פאר מיר א געשענקטע וועלט, איך באד זיך אין דער מעלאדיע פון איהר געזיכט, און מיט איין איינציגען בליק פון מיין אויג קען איך מעהר געניסען ווי אנדערע מיט זיי־ערע אלע גליעדער פאר זייער גאנצען לעבען. יעדער אויגענבליק

איז פאר מיר אן אונענדליכקייט: איך מעסט ניט די צייט מיט דער באראבאנטער אייל אדער מיט דער האמבורגער אייל, און איך דארף ניט אז דער גלח זאל מיר צוזאגען עולם הבא, ווייל איך קען שוין גענוג דערלעבען אויף דער וועלט, ווען איך לעב אויף צוריק אין דעם לעבען פון מיינע אבות, און געווין פאר מיר די אייביגקייט אין דעם קעניגרייך פון דער פארגאנגענהייט.

און איך לעב! דער גרויסער פולס פון דער נאטור ציטערט אויך אין מיין ברוסט. און ווען איך שריי אויף פון פרייד ענטפערט מיר א טויזענדפאכיג ווידערקול. איך הער טויזענד נאכטיגאלען. דאס האט זיי געשיקט דער פריהלינג אויפצואוועקען די ערד פון איהר פריהמארגען דרימעל. און די ערד ציטערט אויף פון ענטציקונג, איהרע בלומען דאס זענען הימנען וואס זי זינגט מיט באגייסטערונג אקעגען דער זון — די זון באוועגט זיך אביסעל צו פאמעלעך. איך וואלט וועלען א שמיים טאן איהרע פיירדיגע פערד, כדי זיי זאלען זיך א לאז טאן אביסעל שנעלער. אבער ווען זי לאזט זיך צישענדיג ארונטער אין ים, און די גרויסע נאכט הויבט זיך אויף מיט איהר גרויסען פארבענקטען אויג, א! דאן ציטערט אין מיר ערשט אויף די אמת'ע לוסט. די אבענד ווינטלעך לעגען זיך אויף מיין ברויזענדיגען הארץ ווי לאשטשענדיגע מיידלעך, און די שטערען ווינקען, און איך הויב מיך אויף און שוועב איבער דער קליינער ערד און איבער די קליינע געדאנקען פון די מענשען.

## קאפיטעל .IV

אבער אמאל וועט קומען דער טאג, און דאס פייער אין מיינע אדערען וועט זיין אויסגעלאשען; אין מיין ברוסט וואוינט דער ווינטער, זיינע ווייסע שנעע־פעדערלעך פלאטערען ארום מיין קאפ, און זיינע נעבלען פארשלייערען מיר די אויגען. אין פארשאטענע קברים ליגען מיינע פריינד, איך אליין בין פארבלי־בען, ווי אן איינזאמע זאנג, וואס דער שניטער האט פארגעסען. א נייער דור האט אויפגעבליהט מיט נייע פארלאנגען און נייע געדאנקען, פול מיט פארוואונדערונג הער איך נייע נעמען און נייע לידער, די אלטע נעמען זענען פארגעסען, און איך אליין בין פארגעסען. אפשר נאך פון ווינציגע געעהרט, פון פיעלע פארשפאט, און פון קיינעם ניט געליעבט! און עס שפרינגען צו צו מיר די רויזענבאקיגע אינגלעך, און שטופען אריין אין מיין צי־טערדיגער האנד מיין אלטע הארף, און זאגען לאכענדיג: דו האסט שוין צו לאנג געשוויגען, דו פוילער זקן, זינג אונז ווידער געזאנ־גען פון די חלומות פון דיין יוגענד.

דאן גיב איך א נעם די הארף, און עס וואכען אויף די אלטע פריידען און די אלטע שמערצען, די נעבלען צורינען, טרעהרען בליהען ווידער ארויס פון מיינע טויטע אויגען, אין מיין ברוסט פריהלינגט ווידער, זיסע טענער פון אומעט ציטערען אין די סטרו־נעם פון מיין הארץ, איך זעה ווידער דעם בלויען טייך און די מארמארנע פאלאצען און די שעהנע געזיכטער פון פרויען און מיידלעך — און איך זינג א ליעד פון די בלומען פון דער ברענטא.

דאס וועט זיין מיין לעצטע ליעד. די שטערען וועלען מיך אנקוקען, ווי אין די נעכט פון מיין יוגענד, דאס פארליעבטע ליכט פון דער לבנה קושט ווידער מיינע באקען, די נשמה כארען פון געשטארבענע נאכטיגאלען, הערען זיך ווי פלייטען אין דער ווייט, שלעפעריג שליסען זיך מיינע אויגען, מיין נשמה געהט אויס,

ווי די טענער פון מיין הארף — עס דופטען די בלומען פון דער ברענטא.

א בוים וועט באשאטענען מיין מצבה. איך וואלט וועלען דאס זאל זיין א פאלמע. נאר זיי וואקסען ניט אין צפון. וועט עס אודאי זיין א לינדענבוים. און אין די זומערדיגע אבענדען וועלען דארט זיצען פארליעבטע, זיך קושען און האלזען; דער טשיזשיק וואס וויגט זיך א הארבענדיגער אויף די צווייגען, איז אנטשווויגען, און מיין לינדענבוים רוישט אזוי היימיש איבער די קעפ פון די גליקליכע, וואס זענען אזוי גליקליך אז זיי האבען צומאל קיין צייט ניט איבערצוליינען דאס, וואס שטעהט אנגעשריבען אויף מיין מצבה. ווען דער ליעבהאבער האט אבער אין א צייט שפעטער פארלוירען זיין געליעבטע, יעמאלט קומט ער ווידער צו דעם גוטבעקאנטען לינדענבוים און זיפצט און וויינט און באטראכט די מצבה לאנג און אפט און לייענט אויף איהר די אויפשריפט: „ער האט ליעב געהאט די בלומען פון דער ברענטא“.

# קאפיטעל V.

מאדאם! איך האָב אייך געזאָגט א ליגען. איך בין ניט דער גראף פונ'ם גאנגעס. קיינמאָל אין לעבען האָב איך דעם הייליגען טייך ניט געזעהן. כ'האָב אויך קיינמאָל ניט געזעהן די לאָטאָס־בלומען, וואָס שפיגלען זיך אין זיינע פרומע כוואליעס, איך בין קיינמאָל ניט געלעגען חלומ'דיג אונטער אינדישע פאלמען. קיינמאָל בין איך ניט געלעגען בעטענדיג פאר דעם דימענטענעם גאָט און יאגערנאוט, דורך וועמען איך וואָלט לייכט געקענט געהאָלפען ווערען. איך בין פונקט אזוי ווייניג, ווען עס איז געווען אין קאלקוטא, ווי דער קאלקוטא־בראטען, וואָס איך האָב נעכטען געגעסען פאר מיטאָג. אבער איך שטאם פון הינדאָסטאן, און דערפאר פיהל איך זיך אזוי גוט אין וואלמיקי'ס ברייטע געזאנגס־וועלדער. די העלדישע ליידען פון דעם געטליכען ראמאַ ריהרען אזוי מיין הארץ ווי אן אייגענע וועהטאָג; פון קאָלידאזא'ס בלומען בליהען מיר ארויס די זיסעסטע עראינערונגען, און ווען א גוטע דאמע האָט מיר אין בערלין געוויזען די בילדער, וואָס איהר פאָטער, וועלכער איז א לאנגע צייט געווען גובערנאטאָר אין אינדיען, האָט פון דאָרט מיטגעבראכט, האָבען מיר די צארט־געמאָלטע הייליג־שטילע געזיבטער אויסגעוויזען אזוי באקאנט. און מיר האָט זיך אויסגעדאכט, ווי איך וואָלט דאָס באקוקט מיין אייגענע פאמיליען־גאלעריע.

פראנץ באָפּ — מאדאם, איהר האָט געוויס געלייענט זיין נאלוס און זיין קאָניוגאציאָנס סיסטעם פון סאנסקריט — האָט מיר געגעבען געוויסע אויסקונפט וועגען מיינע אבות. און איך וויים איצט גענוי אז איך האָב ארויסגעשפּראָצט פון בראהמא'ס קאָפּ, און ניט פון זיינע היהנער אויגען; איך שטוים זיך זאָגאר אָן, אז דער גאנצער מאהאָבאראטא מיט זיינע 200.000 פערזען איז ניט מעהר ווי אן אלעגאָרישער ליעבעס־בריעף, וואָס מיין עלטער עלטער זיידע האָט געשריעבען צו מיין עלטער עלטער באָבען.

א, זיי האבען זיך זעהר ליעב געהאט, זייערע נשמות האבען זיך געקושט, זיי האבען זיך געקושט מיט די אויגען, זיי זענען ביידע געווען איין איינציגער קוש.

א פאר׳כשופ׳טע נאכטיגאל זיצט אויף א רויטען קארע־לענבוים אין שטילען ים און זינגט א ליעד פון דער ליעבע פון מיינע אבות, נייגיעריג קוקען די פעריל פון זייערע מושעל קא־מערלעך. די וואונדערליכע וואסער־בלומען ציטערען אזש פון או־מעט, די קלוגע ים־שנעקען, מיט זייערע רונדע פארצעלאיענע טו־רעמלעך אויף די רוקענס קומען צו קריכען, — די ים־רויזען רויט־לען זיך פארשעמט, די געלע, שפיציגע ים שטערען און די טויזענד־פארביגע קוואבען באוועגען זיך און ציהען זיך, און אלץ שוויבעלט און הארכט —

דאך מאדאם, איז אט דאס נאכטיגאל־ליעד צו גרויס, מען זאל עס קענען דא איבערגעבען. עס איז אזוי גרויס ווי די וועלט איז גרויס. בלויז די דעדיקאציאן צו אנאנגאס, דעם גאט פון ליעבע, איז אזוי לאנג ווי אלע וואלטער סקאטישע ראמאנען, און דארויף באציהט זיך דאס א שטעלע אין אריסטאפאנעס, וואס וואלט געהייסען אין דייטש:

„טיאטיא, טיאטיא, טיאטינקס,
טאטאטא, טאטאטא, טאטאטינקס".
(פאסישע איבערזעצונג).

ניין, איך בין ניט געבוירען געווארען אין אינדיען. דאס ליכט פון דער וועלט האב איך דערזעהן ביי די ברעגעס פון יענעם שענעם טייך, וואו אויף גרינע בערג וואקסט די נארישקייט, און אין הערבסט ווערט זי אפגעריסען, געקלעטערט, אריינגעגאסען אין פעסער און פערשיקט קיין אויסלאנד — וואהרהאפטיג. נעב־טען האב איך געהערט עמיצען ארויסזאגען א נארישקייט, וואס איז אין יאהר 1811 געזעסען אין א ווייגטרויב, וואס איך האב דעמאלט אליין געזעהן וואקסען אויף דעם יאהאנעסבארג. א סך אבער פון אט דער נארישקייט ווערט אויך פארצעהרט אין דער היים. און די מענשען זענען דארט ווי אומעטום: — זיי ווערען געבוי־רען, עסען, טרינקען, שלאפען, לאכען, וויינען, טראגען רכילות,

זענען מורא׳דיג באזאָרגט פאַר דער ווייטער פאַרפּלאַנצונג פון זייער מין, ווילען אויסזעהן, דאָס וואָס זיי זענען ניט און טוען דאָס וואָס זיי קענען ניט. לאָזען זיך פריהער ניט אָפּגאָלען ביז זיי האָבען שוין אַ באָרד. און אַ באָרד קריגען זיי אָפּט, נאָך איידער זיי האָבען שׂכל, און קריגען זיי שוין אַ מאָל שׂכל, שכור׳ן זיי זיך אָן מיט ווייסער און רויטער נארישקייט.

מיין גאָט! ווען איך זאָל האָבען אין זיך אזוי פיעל גלויבען, אז איך קען איבערפיהרען בערג פון איין אָרט צום צווייטען, — וואָלט עס געווען דער יאָהאַניסבאַרג וועמען איך וואָלט זיך מיטגענומען אומעטום. נאָר אזוי ווי מיין גלויבען איז ניט אזוי שטאַרק, מוז מיר העלפען די פאַנטאַזיע, און זי טראָגט מיך שנעל אַריבער צו דעם שענעם רהיין.

אָ, דאָס איז אַ שען לאַנד, פול מיט ליעבליכקייט און זונשיין. אין דעם בלויען טייך שפּיגלען זיך די בערגיגע ברעגעס, מיט זייערע שלעסער חורבות און וועלדער און אַלטערטימליכע שטעדט. — אין די זומערדיגע אָבענדען זיצען דאָרט פאַר זייערע הויזטירען די באַלעבאַטים און טרינקען פון גרויסע קאַנען און פּלוידערן אזוי היימיש, וועגען דעם, ווי דער וויין, איז גאָט זיי דאַנק, געראָטען, און וועגען דעם אז די געריכטען וואָלטען באַדאַרפט זיין דורכאוים עפענטליכע, און וועגען דעם ווי אזוי מאַריא אַנטאָאינעטע איז מיר ניט, דיר ניט, גילאָטינירט געוואָרען, און ווי די טאַבאַק פאַרוואַלטונג מאַכט אָן אזא יקרות אויף טאַבאַק, און ווי אַלע מענשען זענען גלייך און אז גערעס איז דאָס דער אמת׳ער חברה מאַן.

מיך זענען אָט די שמועסען קיינמאָל ניט אָנגעגאַנגען. ביז איך ליעבער געזעסען צווישען די מיידלעך ביי דעם געוועלבטען פענסטער, און האָב געלאַכט, ווען זיי האָבען געלאַכט און האָב זיך געלאָזט שלאָגען אין פּנים מיט בלומען, און האָב זיך געמאַכט כלומרשט בייז, ביז זיי האָבען מיר דערצעהלט זייערע סודות אָדער עפּיס אַן אַנדערע וויכטיגע געשיכטע. די שענע גערטרוד האָט זיך געפיהלט גליקליך ביז צו משוגעת ווען איך האָב זיך געזעצט לעבען איהר; דאָס איז געווען אַ מיידעל ווי אַ פלאַמענדיגע רויז, און ווען זי איז מיר איינמאָל געפאַלען אויפ׳ן האַלז, האָב איך געמיינט

זי וועט פארברענט ווערען און אויסגעהן מיט שמעקענדיגע ריחות אין מיינע אָרעמס. די שענע קאטארינע איז שיער צוגאָסען געוואָ־רען פון קלינגענדיגער גוטסקייט ווען זי האָט מיט מיר גערעדט, און איהרע אויגען האָבען געהאַט אזא ריינע, אינוויינינגסטע בלוי־קייט, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן ניט ביי מענשען און ניט ביי חיות, נאָר גאָר זעלטען אמאָל ביי בלומען; ס'איז געווען א פארגעניגען אין זיי אריינצוקוקען און מען האָט זיך דאָ־ביי געקאָנט טראַכטען אזוי פיעל זיסקייט. אָבער ליעב געהאַט האָט מיך די שענע העדוויג; וואָרים ווען איך בין נאָר צו איהר צוגעגאַנגען, האָט זי ארונטערגעבויגען דעם קאָפּ צו דער ערד, אזוי, אז די שווארצע לאָקען האָבען זיך איהר צושאָטען איבער'ן פנים, און די גלאַנצענדיגע אויגען האָבען ארויסגעשיינט ווי שטע־רען פון דעם פינסטערען הימעל. איהרע פארשעמטע ליפּען האָבען קיין וואָרט ניט גערעדט, און איך אליין האָב אויך גאָר ניט געקענט זאָגען. איך האָב געהוסט און זי האָט געציטערט. זי האָט מיך עט־ליכע מאָל געלאָזט בעטען דורך איהר שוועסטער, אז איך זאָל ניט אזוי ראַש ארויפקלעטערן אויפ'ן פעלז, און אז איך זאָל מיך ניט באָדען אין רהיין, ווען מיר ווערט היים פון לויפען אָדער טרינקען. איך האָב זיך אמאָל צוגעהערט ווי זי האָט גע־בעטען פאר דעם בילד פון דער הייליגער מאריע, וואָס איז געווען באצירט מיט גאָלדענע פליטערלעך און באשימערט פון א קליינעם ברענענדיגען אייל־לעמפּעל און איז געשטאַנען אין א ניש אין פאָדערהויז פון אונטערשטען גאָרען; איך האָב דייטליך גע־הערט ווי זי האָט געבעטען ביי גאָטס מאמע: — זי זאָל איהם פארוועהרען דאָס קלעטערען, טרינקען און באָדען. איך וואָלט מיך געוויס געווען פארליעבט אין אָט דעם שעהנעם מיידעל, ווען זי זאָל געווען זיין גלייכגילטיג צו מיר; און איך בין געווען גלייכ־גילטיג צו איהר, ווייל איך האָב געוואוסט אז זי האָט מיך ליעב. — מאדאם, ווען מען וויל פון מיר געליעבט זיין, מוז מען מיך באהאנדלען **en canaile**.

די שענע יאָהאנא איז געווען א מוהמע פון אָט די דריי שוועס־טערן, און לעבען איהר האָב איך זעהר ליעב געהאַט זיך אוועקצו־

זעצן. זי האט געוואוסט די שענסטע לעגענדעז, און ווען זי האט מיט דער ווייסער האנד אנגעוויזען דורכ'ן פענסטער אויף די בערג, וואו עס האט געטראפען אט דאס אלץ, וואס זי האט דערצעהלט, האב איך זיך דערפיהלט מאדנע פאר'כשופ'ט. די אלטע ריטער זע־נען באשיינפערליך ארויס פון די שלעסער חורבות, און האבען צוהאקט זייערע אייזערנע קליידער, די לארעליי איז ווידער גע־שטאנען אויף דעם שפיץ פון בארג און ארונטערגעזונגען איהר זיס פארדארבענדיג ליעד, און דער רהיין האט געראוישט אזוי שכל'דיג בארוהיגענדיג. און אין דער זעלבער צייט אזוי רייצענדיג־שווידערליך — און די שענע יאהאנא האט מיך אנגעקוקט אזוי מאדנע, אזוי סודות'דיג, אזוי רעטזעלהאפט היימיש, ווי זי אליין וואלט געווען איינע פון דעם מעשה'לע פון וועלכען זי האט נאר וואס דערצעהלט. זי איז געווען א שלאנק, בלאס מיידעל, זי איז געווען טויטקראנק און פארטראכט. איהרע אויגען זענען געווען קלאר ווי דער אמת אליין, איהרע ליפען פרום געבויגען, אין די שטריכען פון איהר פנים איז געלעגען א גרויסע געשיכטע. אבער געווען איז דאס א היילינע געשיכטע — צו ניט אמאל א לעגענדע פון ליעבע? איך ווייס ניט, און איך האב קיינמאל ניט געהאט דעם מוט זי צו פרעגען. ווען איך האב זי לאנג אנגעקוקט בין איך געווארען רוהיג און אויפגעהייטערט. מיר פלעגט דאכטען, אז אין מיין הארץ איז א שטילער זונטאג און די מלאכים האלטען דארט אפ זייער גאטעסדיענסט.

אין אזעלכענע גוטע שעה'ן האב איך איהר דערצעהלט מעשיות פון מיין קינדהייט און זי האט מיך וואס אמאל ערענסטער צוגעהערט, און מאדנע! ווען איך פלעג זיך פארגעסען אויף א נאמען אזוי פלעגט זי מיך דערמאנען אויף איהם. און ווען איך בין נשתומם געווארען און זי געפרעגט פון וואנען זי ווייס די נעמען, האט זי מיר מיט א שמייכעל געענטפערט, אז, דאס האבען איהר דערצעהלט די פייגעל, וואס האבען זייערע נעסטען אויף די גע־זימסען פון איהרע פענסטער — און זי האט מיך שיער געמאכט גלויבען, אז דאס מוזען זיין אט יענע פייגעל, וואס איך האב אמאל אינגעלווייז אפגעקויפט פאר מיין טאשענגעלד ביי א הארט האר־

ציגען פויערען אינגעל און האבען זיי געלאזט פריי אוועקפליהען. איך גלויב אבער אז זי האט אלץ געוואוסט, ווייל זי איז געווען אזוי בלאס, און זי איז ווירקליך באלד געשטארבען. זי האט אויך גע־וואוסט ווען זי וועט שטארבען און האט פארלאנגט אז דעם טאג פריהער זאל איך זי פארלאזען. ביים געזעגענען האט זי מיר דער־לאנגטביידע הענד — דאס זענען געווען ווייסע, זיסע הענד און ריין ווי א האסטיע — און זי האט געזאגט: דו ביזט זעהר א גוטער. און ווען דו וועסט ווערען שלעכט, אזוי דערמאן זיך ווידער אן דער קלייגער, טויטער ווערא־ניקא.

האבען איהר די פלאפלענדיגע פייגעל אויך אט דעם נאמען פער־ראטען? אין שעה'ן ווען איך פלעג לעבען אין מיינע זכרונות, פלעג איך מיר אפט דעם קאפ שיער צוברעכען און פלעג זיך קיינמאל נים קענען דערמאנען אן אט דעם נאמען.

איצט, אז איך האב איהם שוין ווידער, וויל מיר די קינדהייט אויך ארויסבליהען פון געדעכעניש, און איך בין ווידער א קינד און שפיעל זיך מיט אנדערע קינדער אויף דעם שלאס־פלאץ אין דיסעלדארף, וואס ליגט ביים רהיין.

## קאפיטעל VI.

יא, מאדאם, דארט בין איך געבוירען געווארען. און איך באַ־טאַן דאס אויסדריקליך, ווייל טאַמער װעלען נאָך מיין טויט זיעבען שטעדט — שילדא, קרעהווינקעל, פּאָלקוויץ, באָקום, דילקען, גע־טינגען, און שעפּענשטעדט — זיך ארומקריעגען פאר דעם כבוד צו זיין מיין געבורטסשטאָדט. דיסעלדאָרף איז א שטאָדט ביים רהיין. עס לעבען דאָרט זעכצענטויזענד מענשען, און וואו, א חוץ דעם, ליגען נאָך באַגראָבען פיעלע הונדערטער טויזענד מענשען, און צווי־שען זיי זענען פאראן עטליכע, וועגען וועלכע מיין מוטער זאָגט, אז ס'וואָלט געווען בעסער, ווען זי וואָלט נאָך געלעבט. למשל מיין זיידע און מיין פעטער דער אלטער הער פ. געלדערן און דער יונגער הער פאָן געלדערן, וואס ביידע זענען זיי געווען באריהמטע דאָקטוירים, און האָבען אזוי פיעל מענשען געראַטעוועט פון טויט און צום סוף האָבען זיי דאָך געמוזט אליין שטאַרבען. אויך די פרומע אורזולא, וואס האָט מיך אלס קינד געטראָגען אויף איהרע הענד, ליגט דאָרט באַגראָבען. און א רויזענקוסט וואַקסט אויף איהר קבר. — ווען זי האָט געלעבט האָט זי אזוי שטאַרק ליעב גע־האָט דעם ריח פון רויזען, און איהר הארץ איז געווען לויטער רויזענדופט און גוטסקייט. אויך דער אלטער, קלוגער קאַנאָניקוס ליגט דאָרט באַגראָבען. גאָט, ווי עלענד האָט ער אויסגעזעהן, ווען איך האָב איהם געזעהן צום לעצטען מאָל! אין גאַנצען איז ער נאָך באַשטאַנען פון נשמה און פּלאַסטערס, און דאָך האָט ער נאָך שטודירט טאָג און נאַכט, ווי ער וואָלט מורא האָבען, טאָמיר וועלען די ווערים אויסגעפינען, אז איהם פעהלען עטליכע אידעען אין קאָפּ. אויך דער קליינער ווילהעלם ליגט דאָרט. און אין דעם בין איך שולדיג. מיר זענען געווען שול־חברים אין פראַנציסקאַנער קלויסטער, און מיר האָבען זיך געשפּיעלט אויף יענער זייט פון קלויסטער, וואו די דיסעל פליסט צווישען שטיינערנע מויערען,

און איך האב געזאגט: „ווילהעלם, געה נעהם ארויס דאס קעצעלע, וואס איז נאר וואס אריינגעפאלען". און לוסטיג איז ער ארויף אויפ'ן ברעט, וואס איז געלעגען איבער'ן טייך, האט א ציה געטאן דאס קעציל פון וואסער און אליין איז ער אבער אריינגעפאלען. און ווען מען האט איהם ארויסגעשלעפט איז ער געוועזן נאס און טויט. דאס קעציל האט נאך געלעבט א לאנגע צייט.

די שטאדט דיסעלדארף איז זעהר שען. און טראכט מען פון איהר אין דער פרעמד, און מען איז צופעליג א דארטיג געבוירענער, אזוי ווערט עפעס מאדנע אויפ'ן הארצען. איך בין דארט געבוירען געווארען. און מיר דאכט זיך אלעמאל, אט דארף איך גלייך אהיים געהן. און ווען איך זאג, געהן אהיים, אזוי מיין איך דאס די באלקער גאס און דאס הויז אין וועלכען איך בין געבוירען געווארען. אט דאס הויז וועט אמאל זיין זעהר מערקווירדיג. און איך האב געלאזט זאגען דער אלטער פרוי, וואס איז די אייגענטימערין דערפון, אז זי זאל למען השם דאס הויז ניט פארקויפען. פאר דעם גאנצען הויז קען זי איצטער קריגען קוים אזוי פיעל, ווי פיעל עס וועט באטרעפען דאס טרינקגעלד, וואס די גרינפערשלייערטע פארנעהמע ענגלענדערינס, וועלען אמאל שפעטער געבען דער דיענסט פאר ווייזען זיי די שטוב, וואו איך האב דערזעהן דאס ליכט פון דער וועלט, און די היהנערשטייג, וואו מיין טאטע פלעגט מיך איינזעצען, ווען איך האב גענאשט די טרויבען, און אויך די ברוינע טיר אויף וועלכער מיין מאמע האט מיך געלערנט שרייבען די אותיות מיט קרייד. — אך, גאט! מאדאם, ווען איך וועל אמאל ווערען א באריהמטער שריפטשטעלער, אזוי האט דאס מיין מאמען געקאסט גענוג מיה.

אבער מיין באריהמטקייט שלאפט איצט דערווייל נאך אין די מארמאר האקעריי פון קאראראַ, דער פאפירענער לארבער קראנץ מיט וועלכען מען האט באפוצט מיין שטערען, האט דערווייל נאך ניט פארשפרייט זיין דופט איבער דער גאנצער וועלט, און זאלען איצט קומען די גרינפארשלייערטע, פארנעהמע ענגלענדרינס קיין דיסעלדארף, וועלען זי דאס באריהמטע הויז ניט באזוכען און וועלען זיך גלייך לאזען געהן אין מארק אריין באקוקען די שווארצע,

קאַלאָסאַלע סטאַטוע, וואָס שטעהט דאָרט אין מיטען. אַט די סטאַ־טוע זאָל דאָס פאָרשטעלען דעם קורפירשט יאַן ווילהעלם. ער טראָגט א שווארצען פאַנצער און א לאַנגען אראָפּהענגענדיגען אלאָנגע פּארוק. — אינגעלווייז האָב איך געהערט די לעגענדע, אז דער קינסטלער וואָס האָט געגאָסען די סטאַטוע, האָט זיך אין מיטען גיסען מיט שרעק געכאַפּט, אז ער וועט ניט האָבען גענוג מעטאַל די סטאַטוע צו פאַרענדיגען. זענען זיך צונויפגעלאָפען אַלע בירגער פון שטאָדט און האָבען מיטגעבראַכט זייערע זילבערנע לעפעל און אזויערנאָך געהאָלפען אז די סטאַטוע זאָל פארטיג ווערען—

נו, פלעג איך אָפּשטעהן שטונדענלאַנג פאַר דעם רייטער בילד און זיך ברעכען דעם קאָפּ וויפיעל זילבערנע לעפעל דאָרט קענען זיך געפינען, און וויפיעל אַפּעל־טאָרטען מען וואָלט פאַר אַט דעם גאַנצען זילבער געקענט קריגען? אַפּעל־טאָרט איז דאַמאָלט געווען מיין גרעסטע ליידענשאַפט — איצטער איז דאָס ליעבע, אמת, פרייהייט און א זופּ פון ראקעם — און טאַקי ניט ווייט פון דער קורפירשט סטאַטוע, ביים ראָג פון טעאַטער, איז זיך געוועהנ־ליך געשטאַנען דער וואונדערליך געבאַקענער, קרומפיסיגער חברה־מאַן מיט דעם ווייסען פאַרטוך און די קוישען וואָס זענען געווען פול מיט ליעבליכע פאַרעדיגע אַפּעל־טאָרטען, וואָס ער האָט פאַרשטאַ־נען צו לויבען אויפ׳ן העכסטען קול: „פרישע אַפּעל־טאָרטען! נאָר וואָס ארוים פון אויוועז. זיי שמעקען א מחיה!" — אויף צו׳ן אמת׳ן. יעדעס מאָל ווען דער יצר הרע האָט מיך אין די שפּע־טערדיגע יאָהרען געוואָלט מיט עפּים בייקומען, אזוי האָט ער אלעמאָל גערעדט צו מיר מיט דערזועלביגער אנצי־הענדיגער דיסקאנט ־ שטימע. און ביי סיניאָרע גיליעטאַ וואָלט איך זיכער ניט געווען פארבליבען קיין צוועלף שעה, ווען זי וואָלט מיך צו זיך ניט געווען צוגעבונדען מיט די זיסען, דופטענדיגען אַפּעלטאָרטען־טאָן. און ווירקליך קיינמאָל וואָל־טען אַפּעלטאָרטען ניט געהאט אזאַ רייץ אויף מיר, ווען דער קרומער הערמאַן וואָלט זיי ניט צוגעדעקט מיט זיין ווייסען פאַרטוך — און די פאַרטיכער זענען עס, וואָס—דאָך זיי ציהען מיך אָפּ פון עניין. איך האָב גערעדט פון דער רייטער־סטאַטוע, וואָס האָט אין איהר

ליב אזוי פיל זילבערנע לעפעל און גאר קיין זופ ניט. און וואס שטעלט מיט זיך פאר דעם קורפירשט יאן ווילהעלם.

ער זאל האבען געווען א בראווער הער, א ליעבהאבער פון קונסט און אליין זעהר א געשיקטער. ער האט געגרינדעט די ביל-דער גאלעריע אין דיסעלדארף. אין דעם דארטיגען אבסערוואַ-טאריום ווייזט מען נאך אז אויף א זעהר קינסטלערישען הילצער-נעם בעכער, וואס באהאלט זיך אין זיך אליין, וועלכער ער האט געשניצט אין זייערע פרייע שטונדען — און פרייע שטונדען האט ער געהאט יעדען טאג גאנצע פיער און צוואנציג.

דעמאלט זענען די פירשטען נאך ניט געווען אזעלכענע גע-פלאגטע לייט ווי היינט. און די קרוין איז געווען פעסט צוגעוואקסען צום קאפ און אויף איבערנאכט האבען זיי די קרוין נאך איבערגע-צויגען מיט א שלאף מיצעל, און זיי זענען זיך געשלאפען רוהיג, און זייערע צופיסענס זענען זיך רוהיג געשלאפען די פעלקער. און ווען די פעלקער האבען זיך אויפגעכאפט אין דער פריה, האבען זיי געזאגט: „גוט מארגען, פאטער!" און ער האט געענטפערט: „גוט מארגען, ליעבע קינדער!"

אבער פלוצים איז עס געווארען גאר אנדערש. ווען מיר האבען זיך אויפגעכאפט איין אין דער פריה אין דיסעלדארף און געוואלט זא-גען: „גוט מארגען, פאטער!" האבען מיר זיך געכאפט אז דער פאטער איז אוועקגעפאהרען. איבער דער גאנצער שטאדט האט גע-האנגען א שטומער שמערץ, אומעטום האט געהערשט א סארט באגרעבעניש שטימונג, און די מענשען האבען זיך שווייגענדיג גע-צויגען צום מארק און האבען געלייענט דעם לאנגען פאפירענעם פלאקארד, וואס האט געקלעפט אויף דער טיר פון ראטהויז. עס איז געווען א טריב וועטער. און דאך איז דער דינער שניידער בוליאן געשטאנען אין זיין דינעם קאפטעל, וואס ער פלעגט זאנסט נאר טרא-גען אין דער היים, און די בלויע וואלענע זאקען האבען ביי איהם ארונטערגעהאנגען, אזוי אז די נאקעטע פיסלעך האבען באטריבט ארויסגעקוקט און זיינע שמאלע ליפען האבען געציטערט, אין דער צייט, ווען ער האט פאר זיך געמורמעלט דאס וואס אויף דעם פלא-קארד איז געשטאנען אנגעשריעבען. און אלטער פפעלצישער אינווא-

ליד האט געלייענט אביסעל העכער און ביי אנדערע ווערטער האט זיך א קלארע טרעהר אראפגעגליטשט אויף זיין ווייסער, עהרליכער וואנצע. איך בין געשטאנען לעבען איהם און האב מיטגעוויינט, און האב איהם געפרעגט: פארוואס מיר וויינען, און ער האט מיר געענטפערט: „דער קורפירשט לאזט זיך באדאנקען", און דאן האט ער ווייטער געלייענט. און קומענדיג צו די ווערטער „פאר די ארויסגעוויזענע טרייקייט פון מיינע אונטערטאנען", און באפריי אייך פון אייערע פליכטען", האט ער נאך שטארקער געוויינט. עס איז וואונדערליך צוצוקוקען ווי אזא אלטער מאן, אין אן אפגעטראגענעם אוניפארם און צושניטענעם סאלדאטען פנים, צוואוויינט זיך פלוצים אזוי שטארק. אין דער צייט וואס מיר האבען געלייענט, האט מען אויך ארונטערגענומען דעם קורפירשטליכען הערב פון דעם ראטהויז. אלץ האט אויסגעזעהן אזוי מורא'דיג וויסט. עס האט אויסגעזעהן ווי מען וואלט ערווארט א לקוי חמה, די שטאדט־טאטעס זענען ארומגעגאנגען אזוי אפגעדאנקט און אזוי פאמעליך, און אפילו דער מעכטיגער גאסענפאגט, האט אויסגעזעהן ווי ער וואלט שוין גאר ניט מעהר געהאט צו באפעהלען און איז געשטאנען אזוי פריעדליך־גלייכגילטיג, כאטש דער משוגע'נער אלאיזיוס האט זיך ווידער געשטעלט אויף איין פוס און מיט א נארישער גרימאסע אויסגערעכענט די נעמען פון אלע פראנצויזישע גענעראלען אין דער צייט וואס דער שכור'ער קרומער גומפעריץ האט זיך געוואלגערט אין רינשטאק און געזונגען: סא אירא! סא אירא!

איך אבער בין א היים געגאנגען און האב געוויינט און געקלאגט: „דער קורפירשט האט אפגעדאנקט". מיין מאמע האט מיך געוואלט טרייסטען, נאר איך האב געוואוסט, וואס איך האב געוואוסט, און האב מיר מיט קיין זאך ניט געלאזט אויסריידען. א וויינענדיגער בין איך געגאנגען אין בעט אריין און ביי נאכט האט זיך מיר גע'חלומ'ט, אז ס'איז געקומען א סוף צו דער וועלט — די שענע בלומענגערטנער און גרינע לאנקעס, זענען ווי טעפיכער אויפגעהויבען געווארען פון דער ערד און צונויפגעראלט. דער גאסענפאגט האט ארויפגעקלעטערט אויף א הויכער לייטער און ארונ־

טערגענומען פון הימעל די זון. דער שניידער קוליאַן איז גע־
שטאַנען דערביי און גערעדט צו זיך: „איך מוז געהן אהיים, און
זיך שען אַנטוען, ווארום איך בין טויט און דאַרף נאָך היינט באַ־
גראָבען ווערען“. וואָס אמאָל איז געוואָרען פינסטערער. בלויז עט־
ליכע שטערען אויבען האָבען נאָך קוים געשעמערירט. און אויך זיי
זענען ארונטערגעפאלען ווי געלע בלעטער אין הערבסט. די מענ־
שען זענען איינציגווייז פארשוואונדען, און איך אָרים קינד, האָב א
דערשראָקענער ארומגעבלאָנדזשעט, ביז איך בין ענדליך געבליבען
שטעהן לעבען דעם פּארקאַן פון א וויסטען פויערישען מאיאָנ־
טעק, און האָב דאָרט געזעהן א מאַן, וואָס האָט מיט א שאָוועל אויפ־
געגראָבען די ערד, און לעבען איהם איז געשטאַנען א מיאוס'ע,
ביסטרע פרוי, וואָס האָט געהאלטען אין איהר פארטוך עפּים
אזוינס, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַן אָפּגעשניטענער מענשען־
קאָפּ. און דאָס איז געווען די לבנה, און זי האָט זי זאָרגפעלטיג
אריינגעלעגט אין דעם אָפענעם קבר — און הינטער מיר איז גע־
שטאַנען דער פּפעלצישער אינוואליד און האָט געוויינט און גע־
זאָגט צעהלענדיג די אותיות: „דער קורפירשט לאָזט זיך באַ־
דאנקען“.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָט די זון, ווי געוועהנליך,
אריינגעשיינט דורכ'ן פענסטער, אויף דער גאס האָט מען געקלאַפּט
אין א פויק, און ווען איך בין אריין אין דער וואוינשטוב, און גע־
זאָגט „גוט מאָרגען“ צו מיין טאַטען, וואָס איז געזעסען איינגע־
היעלט אין דעם ווייסען פודער מאַנטעל, האָב איך געהערט ווי
דער לייכטפיסיגער פריזירער האָט איהם ביים ארומשערען די האָר
דערצעהלט, אז היינט וועט מען אין ראטהויז אויפנעמען דעם נייעם
גרויסהערצאָג יאָאַכים, און אז דער נייער הערצאָג שטאמט פון
דער שענסטער פאמיליע, און אז ער האָט באקומען קייזער נאַפּאָ־
לעאָן'ס שוועסטער פאר א ווייב, און אז ער איז ווירקליך א פאָר־
נעהמער מענש, און אז ער האָט שענע שווארצע לאָקיגע האָר, און
אז באלד וועט ער אָנקומען און וועט זיכער נושא חן זיין ביי אלע
ווייבער. דערווייל איז דאָס פויקען אין גאס כסדר אָנגעגאַנגען, און
איך בין צוגעגאנגען צו דער טיר און באטראכט די אריינמארשי־

רענדיגע פראנצויזישע חילות, דאָס פרעהליכע פאָלק פון רוהם, וואָס איז זינגענדיג און קלינגענדיג דורכגעגאַנגען אַ וועלט, די הייטער־ערענסטע גרענאַדיער געזיכטער, די בערענהיטעלעך, די דריי פאַר־ביגע קאָקאַרדען, די בלאַנקענדיגע באַיאָנעטען, די וואָלטיזשערען פול מיט לוסטיגקייט און פּאָינט ה׳אָנער, און דעם אַלמעכטיגען, מיט זילבער באַשטיקטען טאַמבאַר־מאַיאָר, וואָס האָט זיין שטעקען מיט דעם באַגילדטען קנאָפּ געקענט וואַרפען ביז צום ערשטען עטאַזש, וואו עס זענען איצט געזעסען ביים פענסטער שענע מייד־לעך. איך האָב זיך געפרעהט וואָס מען האָט ביי אונז איינקוואַר־טירט זעלנער — — מיין מאַמע האָט זיך ניט געפרעהט — און איך בין גלייך געלאָפען אין מארק אריין. דאָ האָט עס איצטער אויסגעזעהן גאָר אַנדערש. עס האָט זיך געדאַכט, ווי די וועלט וואָלט אויפּס־ניי אָנגעפאַרבט געוואָרען. אויפ׳ן ראַטהויז האָט גע־האַנגען אַ נייער הערב, די אייזערנע פאַהענצעס פונ׳ם באַלקאָן זע־נען געווען באַהאַנגען מיט סאַמעטענע דעקען, פראַנצויזישע גרע־נאַדירען האָבען געהאַלטען וואַך, די אַלטע שטאָדט טאַטעס האָבען אויף זיך ארויפגעצויגען נייע פּנים׳ער, און האָבען זיך אָנגעטוען די זונטאָג׳דיגע מלבושים, און האָבען זיך אָנגעקוקט אויף פראַנצויזיש און געזאָגט „באָן זשור“; פון אַלע פענסטער האָבען ארויסגעקוקט דאַמען, נייגיעריגע באַלעבאַטים און בלאַנקע זעלנער האָבען אָנגע־פילט דעם פּלאַץ, און איך מיט נאָך אינגלעך האָבען ארויפגעקלע־טערט אויף דעם גרויסען קורפירשט פערד און פון דאָרטען אַרונ־טערגעקוקט אויף דעם בונטען געווימעל אין מיטען מארק.

פיטער דעם שכנ׳ס און דער לאַנגער קונץ האָבען דאַמאָלט שיער ניט דעם האַלז געבראָכען. און דאָס וואָלט ניט געשאַדט; וואָרים איינער פון זיי איז דערנאָך אַנטלאָפען פון זיינע עלטערן, איז געוואָרען אַ זעלנער, האָט דעזערטירט און איז אין מאַינץ דער־שאָסען געוואָרען. דער צווייטער אָבער האָט שפּעטער צו געמאַכט געאָגראַפישע אונטערזוכונגען אין פרעמדע טאַשען, איז דערפאַר געוואָרען אַ טעטיגער מיטגליעד אין אַן עפענטליכען געפענגניש, האָט דערנאָך צוריסען די אייזערנע קייטען, וואָס האָבען איהם געהאַל־טען צוגעשמידט צו דעם געפענגניש און צו דעם פאַטערלאַנד, איז גליקליך אריבערגעשוואומען דאָס וואַסער, און איז אין לאָנדאָן

געשטאַרבען דורך אַ צו ענגער קראַוואַט, וואָס האָט זיך פון זיך אַליין צוזאַמענגעצויגען, נאָכדעם ווי אַ קעניגליכער בעאַמטער האָט אָפּירגעשלעפט דאָס ברעט פון אונטער זיינע פיס.

דער לאַנגער קונץ האָט אונז געזאָגט, אַז היינט וועט מען ניט געהן אין שול, צוליעב דער באַגריסונג. מיר האָבען געמוזט לאַנג וואַרטען ביז זי האָט זיך אָנגעהויבען. ענדליך האָט זיך דער באַלקאָן געגומען אָנפילען מיט בונטע הארען, פאָהנען און טראָמפּייטען. און דער העך בירגערמייסטער אין זיין באַריהמטען רויטען ראָק, האָט גע־האַלטען אַ רעדע, וואָס האָט זיך אַביסעל געצויגען אין דער לענג, ווי גומי עלאַסטיק, אָדער ווי אַ געשטריקטע שלאַפמיץ, אין וועלכער מען האָט אַריינגעוואָרפען אַ שטיין, — נאָר ניט דעם שטיין פון די חכמים — עטליכע אויסדריקע האָב איך געקענט פאַרנעמען גאַנץ דייטליך. אַזוי למשל, אַז מען וויל אונז גליקליך מאַכען — און ביים לעצטען וואָרט האָבען די טראָמפּייטען געגומען בלאָזען, די פאָהנען פאָכען, די פויקען קלאַפּען און געשרייען: וויוואַט! ווי־וואַט! — און אין דער צייט, וואָס איך אַליין האָב געשריען ווי־וואַט, האָב איך זיך פעסט אָנגעהאַלטען אַן דעם אַלטען קור־פירשט. און דאָס איז געווען נויטיג, ווארום מיר האָט אָנגעהויבען היבש צו שווינדלען פאַר די אויגען, איך האָב שוין אָנגעהויבען צו גלויבען אַז די מענשען שטעהן אויף די קעפּ, ווייל די וועלט האָט זיך ארומגעדרעהט, דער קאָפּ פונ׳ם קורפירשט מיט זיין אַלאָנגענ־פּארוק האָ זיך געשאָקעלט און געשעפּטשעט: „האַלט דיך אָן פעסט אָן מיר!״ ערשט דורך דעם שיסען פון די קאַנאָנען, וואָס האָט זיך איצט אָנגעהויבען אויפ׳ן וואַל, בין איך געוואָרען ניכטער, און בין זיך פּאַמעליך ארונטערגעקראָכען פון דעם קורפירשטס פערד.

ווען איך בין געגאַנגען אַ היים, האָב איך ווידער געזעהן ווי דער משוגענער אַלאָיזיוס טאַנצט אויף איין פוס, און רעכענט אויס די נעמען פון די פראַנצויזישע גענעראַלען, און ווי דער קרומער גומפּערץ האָט זיך אַ שכור׳רער געוואַלגערט אין רינשטאָק און געזונגען: סאַ אירא! סאַ אירא! — און איך האָב געזאָגט צו מיין מאַמען: מען וויל אונז גליקליך מאַכען, און דערפאַר איז מען היינט ניט געגאַנגען אין שול.

## קאפיטעל **VII.**

אויפ'ן אנדערען טאג איז זיך די וועלט געגאנגען מיט איהר געוועהנליכען גאנג. און מען איז וו'רער געגאנגען אין שול, פונקט ווי פריהער, און פונקט ווי פריהער האט מען געלערנט פון אויסענוועניג. די רוימישע מלכים, די צאהלען פון די יאהרען, די **Nomina** וואס ענדיגען זיך אויף **im**, די **Verba irregularia** גריכיש, העברעאיש, דייטש, כראנאלאגיע, חשבונ'ען אויפ'ן קאפ. — גאט! דער קאפ שווינדעלט מיר נאך דערפון — אלץ האט מען געמוזט לערנען פון אויסענוועניג. און עטליכע זאכען זענען מיר שפעטער צוניץ געקומען. ווארים ווען איך וואלט ניט געווען וויסען אויף אויווענינג די אלע רוימישע מלכים, אזוי וואלט דאך פאר מיר שפעטער געווען גאנץ גלייכגילטיג, צי ניבהור האט יא באוויזען, צי האט ער ניט באוויזען, אז זיי האבען קיינמאל ניט עקזיסטירט. און וואלט איך ניט געוואוסט די צאהל פון די יאהרען, ווי אזוי וואלט איך, שפעטער צו, זיך געקענט אויסדרעהען אין בערלין, וואו איין הויז איז גלייך צום צווייטען, ווי צוויי טראפענס וואסער, אדער ווי איין גרענאדיער איז גלייך צום צווייטען, און וואו מען קען ניט אויסגעפינען קיין פריינד, ביז מען האט ניט אין קאפ זייערע הויז־נומערן; ביי יעדען באקאנטען אין בערלין, פלעג איך זיך באלד פארטראכטען אויף א היסטארישע פאסירונג, וועמענס יאהרסצאל איז עהנליך אויף זיין הויז נומער, אזוי אז ס'איז מיר געווען לייכט צו דערמאנען אן איינעם ווען איך האב געטראכט פון א צווייטען, און דערפאר פלעגט באלד קומען אויפ'ן געדאנק א היסטארישע פאסירונג, ווען איך האב נאר דערזעהן א באקאנטען. אזוי למשל, אז איך האב זיך באגעגענט מיט מיין שניידער האב איך זיך גלייך דערמאנט אן דער מלחמה ביי מאראטאן; האב איך באגעגענט דעם פיין אויסגעפוצטען באנקיער קריסטיאן גומפעל, אזוי האב איך זיך גלייך דערמאנט אן חורבן ירושלים; האב איך דערזעהן דעם

אוניווערזיטעטס ריכטער, וועמענס שטרענגע גערעכטיגקייט איז אזוי גוט באקאנט, האב איך זיך גלייך דערמאַנט אַן המן׳ס מפּלה. האב איך געזעהן מיין שטארק פארשולדיגטען פּאַרטוגעזישען פריינד, האב איך זיך דערמאַנט אַן מחמד׳ס אנטלויפען; אזוי שנעל ווי איך האב דערזעהן די ווארזעק, האב איך זיך גלייך דערמאַנט אַן קלעאָפּאטרא — אך, ליעבער גאָט, די אָרימע בהמה איז איצטער טויט, די טרעהרען־זעקלעך זענען אויסגעטריקענט, און מען קען מיט האמלעט׳ן זאָגען: נעמט אלץ און אלעמען, עס איז אמאָל געווען אן אלטע פרוי. מיר וועלען נאָך אמאָל האבען איהר׳ס גליי־כען! ווי געזאָגט, די כראָנאָלאָגיע איז דורכאויס נויטיג. איך קען מענשען, וואָס האבען גאָר ניט מעהר אין זייערע קעפּ ווי בלויז א פּאָר כראָנאָלאָגישע ציפערען, און האבען דאָך מיט זיי געוואוסט צו טרעפען אין די ריכטיגע הייזער, און איצטער זענען זיי שוין גאנצע פּראָפעסאָרען. איך האָב אבער אין דער שול גע־האַט צרות מיט דער כראָנאָלאָגיע! מיט דעם פּשוט׳ען רעכענען איז עס געגאנגען נאָך ערגער. צום בעסטען האָב איך באגריפען דעם חיסור. און דאָ איז פאראן איין פּראקטישער הויפּט כלל: „פיער פון דריי קען מען ניט, מוז מען זיך איינם אנטלייהען״ — איך ראָט יעדען אין אזעלכענע פאלען צו אנטלייהען א פּאָר גראָשען מעהר, ווארום מען קען ניט וויסען —

בנוגע דעם לאטיינישען אבער, האט איהר גאָר ניט קיין באַ־גריף, מאדאם, ווי פארוויקעלט דאָס איז. עס וואָלט די רוימער געווים ניט געווען פארבליבען גענוג צייט די וועלט צו באהערשען, ווען זיי וואָלטען ערשט באדארפט לערנען לאטייניש. אָט די גליקליכע מענשען האבען ליגענדיג אין וויג שוין געוואוסט וועלכע **Nomina** עס דאַרף האבען דעם אקוזאטיוו אויף **im**. איך פארקעהרט האָב דאָס אלץ געמוזט לערנען אויף אויסענווייניג מיט דעם שוויים פון מיין געזיכט; אבער עס איז דאָך פּאַרט גוט אז איך ווייס. וואָרים וואָלט איך א שטייגער דעם 20טען יולי, 1825, ווען איך האָב עפענטליך אין דעם גרויסען זאָל פון געטינגען דיספּוטירט לאַ־טייניש — מאדאם, עס איז ווערט געווען די מיה אויסצוהערען — וואָלט איך דאמאָלט געזאָגט **sinapem** אנשטאָט **sinapim**

דאן וואָלטען עס די יונגע פוקסען געווים געוועז געהערט און דאָס וואָלט פאר מיר געוועז אן אייביגע שאנד. **Vis, buris, sitis, tussis, cucumis, amussis, camrabis, sinapis.** די ווערטער וואָס האָבען געמאַכט אַזאַ רושם אין דער וועלט, האָבען אַזאַ ווירקונג, אז זיי בילדען צו־זאַמען איין באַשטימטען קלאַס און בלייבען פון דעסט־וועגען אויסנאַהמען; און דערפאַר אכט איך זיי אַזוי ווען איך האָב זיי ביי דער האַנד, ווען איך קען זיי פּלוצים צו עפּיס דאַרפען. דאָס גיט מיר אין מאַנכע באַטריבטע שטונדען פון מיין לעבען איינע־וויינינגסטע באַרוהיגונג און טרייסט. אבער מאַדאַם, די **verba iregularia** געהען זיך פאַנאַנדער פון די **verbis regularisub** מיט דעם, וואָס ביי זיי קריגט מען נאָך מעהר קלעפּ —זיי זענען גאָר שרעקליך שווער. אין די פּאַרשטיקטע געדרעהטע גענג פון דעם פראַנציסקאַנער קלויסטער, ניט ווייט פון דעם שול־צימער, האָט דאַמאָלט געהאַנגען אַ געקרייציגטער קריסטוס פון גרויען האָלץ, אַ וויסט בילד, וואָס נאָך היינט שפּאַציערט עס ניט איינמאָל אין מיינע חלומות, און קוקט מיך טרויעריג אַן מיט שטאַ־רע, בלוטיגע אויגען — פאַר אָט דעם בילד פלעג איך אָפט שטעהן און זבעטען: אוי, דו אָרימער, פּונקט אַזוי ווי איך געפּייניגטער גאָט, ווען עס איז דיר נאָר מעגליך, אַזוי זעה דאָך, אַז מיין קאָפּ זאָל קענען אויפנעהמען די **verba irregularia**.

פון גריכישען וויל איך גאָר ניט ריידען. ווארום דאָס וועט מיר פאַרשאַפען צופיעל יסורים. די מאָנאַכען אין מיטעלאַלטער זענען ניט אין גאַנצען געוועז אומגערעכט, ווען זיי האָבען באַהויפּ־טעט, אַז דאָס גריכישע איז אַן ערפינדונג פון טייוועל. גאָט וויים, וואָס פאַר יסורים איך בין ביים גריכישען אויסגעשטאַנען. מיט'ן העברעאישען איז מיר געגאַנגען פיעל בעסער. ווארום פאַר די אי־דען האָב איך תמיד געהאַט אַ גרויסע פאַרליעבע, כאָטש זיי העַ־רען ניט אויף ביז אויפ'ן היינטיגען טאָג, מיין גוטען נאָמען צו קרייציגען; אבער פון דעסטוועגען בין איך דאָך מיט דעם העברע־אישען ניט דערגאַנגען אַזוי ווייט ווי מיין טאַשענזייגעריל, וואָס האָט געהאַט פיעל אינטימען פאַרקעהר מיט פּראַצענטניקעס, און האָט זיך אַזויערנאָך צוגעוועהנט צו עטליכע אידישע מנהגים

— אזוי למשל געהט זי ניט אין שבת — און האָט זיך אויסגעלערנט די הייליגע שפּראַך. און אפילו שפּעטער צו האָט זי אויך גערעדט מיט'ן דקדוק. אין שלאָפלאָזע נעכט האָב איך ניט איינמאָל מיט פאַרוואונדערונג דערהערט, ווי זי האָט אַלץ אין איינעם גע־קלאַפּט: קטל, קטלת, קטלתי — קטל, קטלת, קטלתי — — פּקד, פּקדתי — פּקד — פּק — פּק — פּק...

און פון דעסטוועגען פון דער דייטשער שפּראַך האָב איך באַ־גריפען פיעל מעהר. און זי איז דאָך שוין גאָר ניט אזא קינדער־שפּיעל. ווארים מיר דייטשען, וואָס מיר זענען שוין געגוג געפּלאָגט מיט איינקוואַרטירונגען, מיליטער־פּליכטען, קאָפּ־שטייערען און טויזענדערליי אנדערע שטייערען, מיר האָבען נאָך אויף אונז ארויפגעשלעפּט אזוי פיעל אדעלונג און מיר פּייניגען אונז כסדר מיט דעם אקוזאַטיוו און דאַטיוו. פיעל פון דער דייטשער שפּראַך האָב איך געלערנט פון דעם אַלטען רעקטאָר שאַלמייער, א בראַווען גייסט־ליכען הער, וואָס האָט זיך פאַר מיר אָנגענומען פון קינדווייז אָן. אבער איך האָב אביסעל אויך געלערנט פון דעם פּראָפעסאָר שראַם, א מאַן וואָס האָט געשריעבען א בוך וועגען דעם אייביגען פריע־דען און אין וועמענס קלאַס מיין איבעריגע שול חברים האָבען זיך צומייסטענס געשלאָגען.

אין דער צייט וואָס איך האָב אַלץ אויפגעשריעבען אין איין אָטעם און האָב דאַביי געטראַכט וועגען אַלערליי זאַכען, האָב איך, ניט באַ־מערקענדיג זיך אריינגעפּלאָפּעלט אין שול־געשיכטען, און איך באַ־נוץ זיך דערפאַר מיט דער געלעגענהייט, אויף צו ווייזען, אז עס איז ניט מיין שולד, וואָס איך האָב ניט פיעל געלערנט פון דער גע־אָגראַפיע, אזוי אז שפּעטער צו האָב איך קיינמאָל ניט געוואוסט וואו איך בין אין דער וועלט. ווארום דאַמאָלט האָבען דאָס די פראַנצויזען פאַררוקט אַלע גרעניצען, און יעדען טאָג אויפ'ס ניי אי־לומינירט די לענדער: די וואָס זענען ביז דאַמאָלט געווען בלוי, זענען פּלוצים געוואָרען בלוטיג רויט. די באַשטימטע לערנבוך נשמות זענען געוואָרען אזוי צומישט און פאַרביטען, אז קיין טיי־וועל האָט זיי מעהר ניט געקענט דערקענען. די פּראָדוקטען פון די לענדער האָבען זיך איצטער אויך געביטען. נאָר ציקאָריע און צי־

בעלעם האבען איצטער געוואקסען אויף ערטער, וואו ביז אהער פלעגט
מען נאר זעהן האזען און פון הינטען נאכלויפענדיגע לאנד יונ־
קערס, אויך די כאראקטערען פון די פעלקער האבען זיך געביטען.
די דייטשען זענען געווארען בויגיג, די פראנצויזען האבען מעהר
ניט געמאכט קיין קאמפלימענטען. די ענגלענדער האבען מעהר ניט
ארויסגעווארפען דאס געלד דורכ'ן פענסטער. און די ווענציאנער
זענען מעהר ניט געווען כיטרע. צווישען די פירשטען איז געווען
א סך אוואנסמענט. די אלטע קעניגע האבען באקומען נייע יוני־
פארמס, עס זענען געבאקען געווארען נייע קעניגטימער. און זיי
האבען געהאט אן אפזאץ ווי פרישע זעמעל, פארקעהרט ווידער אנ־
דערע פירשטען זענען פאריאגט געווארען פון זייערע הייזער און
הויפען, און האבען געמוזט פארדיענען זייער ברויט אויף אן אנדערן
אופן, און עטליכע האבען זיך דערפאר פריה אויסגעלערנט א מלאכה,
און האבען געמאכט א שטייגער טריפוואקס — אדער, מאדאם, אט
צו יענעם פעריאד האט עגדליך גענומען אן ענד, דער אטעם איז
מיר שיער אויסגעגאנגען — קורץ און גוט, אין אזעלכענע צייטען
קען מען אין דער געאגראפיע ניט ווייט פארפאהרען.

דערפאר איז שוין בעסער מיט דער נאטור געשיכטע. דא קענען
ניט פארקומען אזוי פיעל ענדערונגען און דא זענען פאראן אפ־
געדרוקטע בילדער פון אפען, קאנגורוה'ס, זשעברא'ס, נאזהער־
נער, און אזוי ווייטער, און ווייל אזעלכענע בילדער זענען מיר
פארבליבען אין געדעכניש, איז געשעהן, אז ווען איך האב שפע־
טער דערזעהן מאנכע מענשען זענען זיי מיר ביים ערשטען אנבליק
פארגעקומען ווי אלטע באקאנטע.

אויך אין דער מיטהאלאגיע איז עס געגאנגען גוט. איך האב
געהאט מיין אמת'דיגען פארגעניגען ביי דעם געטערגעזינדעל, וואס
האט נאקעטערהייט אזוי לוסטיג רעגיערט די וועלט. איך גלויב
ניט אויב עס האט אמאל א שול־אינגעל אין רוים, זיך בעסער
אויסגעלערנט אויף אויסענווייניג די הויפט כללים פון זיין קאטע־
כיזם. למשל די ליעבשאפטען פון דער ווענוס, ווי איך. און צו זאגען
דעם אמת: ווי באלד מיר מוזען שוין סאי ווי לערנען אויף אויסענ־
ווייניג די אלטע געטער, וואלט אפשר גאר ניט געשאדט, ווען מיר

וואלטען זיך שוין געהאלטען ביי זיי. און מיר האבען אפשר גאר ניט אויפגעטאן מיט אונזער ניי רוימישער דריי געטעריי, אדער גאר מיט אונזער אידישען איינגעצענטום. אפשר איז יענע מיטאלאגיע גאר אין אמת'ן ניט געווען אזוי אונמאראליש, ווי מען האט זי פאר־שריען. עס איז למשל א זעהר אנשטענדיגער געדאנק פון האמער'ן וואס האט יענער פיעל געליעבטער וועגנוס געגעבען א מאן.

צום בעסטען איז מיר אבער געגאנגען אין פראנצויזישען, וואס איך האב געלערנט אין דער פראנצויזישער קלאס פון דעם אבע ד'אלקוא, אן איינגעוואנדערטער פראנצויז, וואס האט אנגעשריע־בען א מאסע גראמאטיקען, און האט געטראגען א רויטען פארוק. און איז פיפיג ארומגעשפרונגען ווען ער האט אונז געלערנט זיין art poetique אדער זיין --- Histoire allemande ער איז געווען דער איינציגער אין גאנצען גימנאזיום, וואס האט געלערנט דייטשע געשיכטע. נאר פון דעסטוועגען פארמאגט די פראנצויזישע שפראך אויך איהרע שוועריגקייטען. און כדי זי צו ערלערנען מוז מען האבען א היבש ביסעל איינקוואטירונגען, א היבש ביסעל פויקעריי, א היבש בי־סעל apprendre par couer און פריהער פאר אלץ דארף מען ניט זיין קיין Bete allemande ניט איינמאל האב איך געקראגען א מיאוס'ן פסק. איך דערמאן זיך נאך אזוי גוט, ווי דאס וואלט געווען ערשט נעכטען, אז צוליעב La religion האב איך געביך זיך געמוזט געגנוג אויסשטעהן. אפשר אמאל זעקס האט מען מיך א פרעג געטאן: הענרי, ווי הייסט דער גלויבען אין פראנצויזיש? און זעקס מאל, און ביי יעדענמאל אלץ וויינענדי־גער האב איך געענטפערט: עס הייסט le credit און צום זיעבענטען מאל, שוין רויט ווי א קארש האט אויסגערופען דער בייזער עקזאמינאטאר: ער הייסט La religion און עס האט געדרעגענט מיט שמיץ און אלע שול־איינגלעך האבען געלאכט. מאדאם! פון דעמאלט אן, ווי נאר איך דערזעה אז מען דערמאנט דאס ווארט religion ווערט מיין רוקען בלאס פון שרעק און מיינע באקען רויט פון שאנד. און צו זיין עהרליך, le credit האט מיר איז לעבען געבראכט מעהר נוצען ווי la religion.

אין איצטיגען אויגענבליק פאַלט מיר איין, אז איך בין נאָך שולדיג פינף טאַלער צו לעווענווירט פון באָלאָנאַ. און ווירקליך, מיך וואָלט ניט אַרען אפילו ווען איך זאָל דעם לעווענווירט שולדיג זיין נאָך פינף טאַלער אבי אין מיין לעבען מעהר ניט צו דאַרפען הערען דאָס אומגליקליכע וואָרט la religion.

Parbleu, Madame! אין פראַנצויזישען האָב איך עס נעבראַכט ווייט! איך פאַרשטעה ניט נאָר Patois, נאָר אפילו דאָס אדעליגע באַנענפראַנצויזיש אויך. דאָ ערשט ניט לאַנג האָב איך אין א נאָבעלער געזעלשאַפט פאַרשטאַנען כמעט א העלפט פון א וכוח, וואָס איז אַנגעגאַנגען צווישען צוויי דייטשע גראַפינען, וואָס יעדע פון זיי איז אלט געווען אריבער פיער און זעכציג יאָהר, און האָט געהאַט פונקט אזוי פיעל אור־אור־עלטערן. יאָ, אין קאַפע ראָיאַל אין בערלין, האָב איך געהערט דעם הערר האַנס מיכעל מאַרטענס פלוידערן אויף פראַנצויזיש און האָב פאַרשטאַנען יעדעם וואָרט. כאָטש קיין פאַרשטאַנד איז ניט געווען אין זיינע רייד. מען מוז קענען דעם גייסט פון דער שפּראַך, און איהם לערנט מען צום בעסטען דורך פויקען. Parbluie! א סך האָב איך צו פאַרדאַנקען דעם פראַנצויזישען טאַמבאָר, וואָס איז אזוי לאַנג געשטאַנען ביי אונז אויף קוואַרטיר, האָט אויסגעזעהן ווי א טייוועל און דאָך געהאַט א האַרץ ווי א מלאך און פויקען האָט ער געקענט א חיות.

דאָס איז געווען א קליין, ריהרעוודיג מענשעל, מיט א מוראדיגער, שוואַרצער וואָנצע, פון אונטער וועלכער עס האָבען טראָציג ארויסגעסטאַרטשעט די רויטע ליפּען אין דער צייט, וואָס זיינע פייערדיגע אויגען האָבען געבלישטשעט אהין און אהער.

איך, קליינער יונג, האָב געקלעפּט אָן איהם ווי א קלעט, האָב געהאָלפען איהם אָנפּוצען זיינע קנעפּ ווי די שפּיגלען, און באַווייסען זיין וועסט מיט קרייד — וואָרים מאָסיע לע גראַן האָט געוואָלט געפעלען ווערען — און איך בין איהם נאָכגעגאַנגען אויף דער וואַך, צו דער טרעוואָגע, צום פּאַראַד — אומעטום דער גלאַנץ פון כלי זיין און לוסטיגקייט — le jours de fètè.

מאָסיע לע גראַן האָט געקענט בלויז אביסעל צוקאָליעטשעט־

דייטש, נאר די הויפט אויסדרוקען — ברויט, קוש, עהרע. — דאך האט ער זיך געקענט מאכען פארשטענדליך דורך דער פויק; א שטייגער ווען איך האב ניט געוואוסט וואס עס מיינט דאס ווארט ''liberte'' האט ער אויסגעפויקט דעם מארסעילער מארש— און איך האב איהם פארשטאנען. האב איך ניט געוואוסט די באדייטונג פון דעם ווארט ''ègalite'' אזוי האט ער אויסגעפויקט דעם מארש ''ca ira, ca ira-- les aristocrats al alanterne!'' און איך האב איהם פארשטאנען. האב איך ניט געוואוסט וואס עס איז אזוינס **bètise**, אזוי האט ער אויסגעפויקט דעם דעסויער מארש, וואס מיר דייטשען, ווי געטהע דערצעהלט עס, האבען געפויקט אין דער שאמפעין — און איך האב איהם פארשטאנען. ער האט מיר אמאל געוואלט ערקלעהרען דאס ווארט ''l' allemagne'' און ער האט מיר אויסגעפויקט די זעהר איינפאכע אור־מעלאדיע, וואס מען הערט אזוי אפט אויף ירידים, ביי טאנצענדיגע הינט, נעמליך דום — דום — דום — מיך האט דאס פארדראסען נאר פארשטאנען האב איך איהם דאך.

אויף אזא'ן אופן האט ער מיך אויך געלערנט די נייערע געשיכטע, איך האב אפילו ניט פארשטאנען די ווערטער, וואס ער האט גערעדט, נאר אזוי ווי ער פלעגט ביים רעדען שטענדיג צופויקען, האב איך שוין פארשטאנען, וואס ער האט געמיינט. אין דער אמת'ן איז דאס דער בעסטער לערנמעטאד. די געשיכטע ווי אזוי מען האט געשטורעמט די באסטיליע, די טיואילעריען א. אז. וו. באגרייפט מען ערשט דאמאלט גוט, ווען מ'ווייס ווי אזוי מען האט געפויקט ביי אזעלכענע געלעגענהייטען. אין אונזערע שולקאמפענדיען לייענט מען בלויז: — זייערע עקסצעלענסען, די באראנע און גראפען מיט זייערע ווייבער זענען געקעפט געווארען. — זייערע עלטסטע, די הערצאגען און פרינצען מיט זייערע ווייבער זענען געקעפט געווארען — זייער מאיעסטעט, דער קעניג און די איבער אלע העכסטע די קעניגין זענען געקעפט געווארען" ווען מען הערט אבער אויספויקען דעם רויטען מארש פון דער גילאטינע, אזוי באגרייפט מען דאס ערשט אמת'דיג גוט, און מען דערוויסט זיך דעם פארוואס און דעם ווי אזוי. מאדאם! דאס איז א זעהר וואונדערליכער מארש! ווען איך האב איהם געהערט צום

ערשטען מאָל, האָט ער מיר געמאכט אויפשווידערן דעם מארך אין די ביינער. און איך בין געווען צופריעדען, וואָס איך האָב איהם פארגעסען — אז מען ווערט עלטער, פארגעסט מען אין אזעלכע־נע זאכען. א יונגער מאן היינטיגע צייט, האָט צו האלטען אין קאָפּ א סך אנדערע זאכען. וויהיסט, באָסטאָן, גענעאלאָגישע טאבעלען, באשלוסען פון בונדעסטאָג, דראמאטורגיע, ליטורגיע, אנאטאָמיע — און ווירקליך, טראָץ דעם וואָס איך האָב אזוי פיעל געריבען דעם שטערען, האָב איך זיך אלץ ניט מעהר געקענט דערמאָנען אָן יענער מעלאָדיע. אבער שטעלט אייך פאָר, מאדאם! דאָ ניט לאנג זיץ איך ביים טיש, מיט א גאנצער מענעזשעריע פון גראפען, פּרינ־צען, פּרינצעסינס, קאמער־הארען, הויפמארשאַלינס, הויפשענקערס, אויבערהויפּטמייסטערינס, הויף־זילבער־אויפזעהער, הויף־יעגער־מייסטערינס, און ווי אָט די אלע פאָרנעהמע משרתים הייסען נאָך דאָרטען, און זייערע אונטער משרתים זענען ארומגעלאָפען הינטער די שטולען און צוגערוקט די טעלער צו זייערע מיילער — איך אבער, וואָס מיך איז מען פארבייגעגאנגען און מיך האָט מען פאר־זעהן, בין געזעסען ליידיג, ניט האָבענדיג די מינדסטע באשעפ־טיגונג פאר מיינע קינבאקען, און איך האָב אויסגעקנעטען קליינע באלעבלעך פון ברויט און אוים לאנגווייליגקייט האָב איך געפּויקט מיט מיינע פינגער, און צו מיין שרעק האָב איך פּלוצים גענומען פּויקען דעם רויטען, לאנג שוין פארגעסענעם גילאָטינעמארש.

און וואָס עס איז געשעהן? מאדאם, אָט די לייט לאָזען זיך ניט שטערען אין מיטען עסען, און ווייסען ניט אז, אנדערע לייט, וואָס האָבען ניט צו עסען, ווע‍לען פּלוצים אנהויבען צו פּויקען, און דאָס גאָר אזעלכענע קוריאָזנע מארשען, וואָס מען האָט שוין לאנג פארגעסען.

צי דאָס פּויקען איז א געבוירענער טאלענט, אָדער איך האָב עס נאָר פון קינדהייט אָן גוט אויסגעלערנט, דאָס ווייס איך ניט. גענוג איז, אז עס ליגט מיר אין אלע אברים, אין די הענד און פיס און ווייזט זיך אָפט ארוים אליין ניט ווילענדיג. אין בערלין בין איך אמאָל גע־זעסען אין קאָלעגיום פון דעם געהיימראט שמאלץ, א מאן וואָס ראטעוועט די מדינה דורך זיין בוך איבער דער געפאהר פון די רויט־

טע מאנטלען און די שווארצע מאנטלען, — איהר וועט זיך אודאי דערמאָנען פון דעם פאוזאניאס, אז אמאָל איז דורך דעם געשריי פון אן עזעל אויך אויפגעדעקט געוואָרען אזא געפעהרליכער קאָמפּלאָט, און פון דעם ליוויוס אָדער פון בעקערס וועלט געשיכטע ווייסט איהר אויך, אז די גענז האָבען געראַטעוועט דאָס קאַפּיטאָל, און פון דעם זאַללוסט ווייסט איהר גאנץ גענוי, אז דורך אַ פלוידערנדיגע פוטאַניע האָט די פרוי פולוויא זיך דערוואוסט פון קאטעלינאַ'ס פארשווערונג. — דאָך כדי ווידער צוצוקומען צו דעם דערמאָנטען באָק, אין קאָלעגיום פון דעם געהיימראט שמאַלץ, האָב איך גענומען אַ קורס אין פעלקערעכט, און עס איז געווען אַ לאַנגווייליגער זומערנאָכמיטאַג, און איך בין געזעסען אויף דער באַנק און געהערט וואָס אמאָל ווייניגער — דער קאָפּ איז מיר געווען איינגעשלאָפען — און פּלוצים בין איך אויפגעוועקט געוואָרען דורך דעם גערויש פון מיינע אייגענע פיס, וואָס זענען געבליבען וואַך, און האָבען מסתמא זיך צוגעהערט, אז נאָר וואָס האָט מען פאָרגעטראָגען פונקט דאָס געגענטייל פון פעלקעררעכט און אז מען האָט געשימפּפט אויף דער קאָנסטיטוציאָנעלער אידעע. און מיינע פיס מיט זייערע קליינע היהנער אויגען, וואָס האָבען זיך בעסער צוגעקוקט, וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט, ווי דער געהיימראַט מיט זיינע גרויסע יונאָ־אויגען, אָט די אָרימע, שטומע פיס, ניט קענענדיג מיט ווערטער אויסדריקען זייער מיינונג האָבען זיך געוואָלט פארשטענדליך מאכען דורך פּויקען, און זיי האָבען געפּויקט אזוי שטאַרק, אז איך בין שיער ניט אריינגעפאַלען אין אַ געפאהר.

פאַרדאַמטע, ניט אויסגערעכענטע פיס! זיי האָבען מיר אָפּגעשפּיעלט אַן עהנליכע געשיכטע, ווען איך בין אמאָל געווען אויף אַ קורס ביי פּראָפעסאָר זאַאלפעלד אין געטינגען, און אָט דער פּראָפעסאָר האָט מיט זיין שטייפער ריהרעוודיגקייט אַרומגעטאַנצט אויף דעם קאַטעדער אויף און אָפּ און זיך צוהיצט, כדי וואָס שטאַרקער צו קענען שימפּפען אויף דעם קייזער נאַפּאָלעאָן — ניין, אָרימע פיס, איך קען עס אייך ניט פאַרדענקען וואָס איהר האָט דאַמאָלט געפּויקט. יאָ, איך וואָלט אויך אפילו גאָר ניט געהאַט געגען

איך, װען איהר און אײער שטומער נאַאיװיטעט, װאָלט דעמאָלט זיך געװאָלט אױסדריקען נאָך דײטליכער מיט אײערע פּיאַטעס. װי האָב איך, לע גראַן׳ס שילער, געקענט צוהערען װי מען באַ־לײדיגט דעם קײזער? דעם קײזער! דעם קײזער! דעם גרױסען קײזער!

טראַכט איך װעגען דעם קײזער, אַזױ װערט אין מײן גערע־כעניש װידער זומערדיג גרין און גאָלדיג, עס שװימט בליהענדיג ארױס א לאַנגע אַלעע פון לינדענבױמער, אױף די באַבלעטערטע צװײגען זיצען זינגענדיגע נאַכטיגאַלען, דער װאַסערפאַל רױשט, אױף קײלעכדיגע בײטען שטעהען בלומען און שאָקלען פאַר׳חלומ׳ט זײ־ערע שענע קעפּ. — איך בין מיט די בלומען דעמאָלט געװען א גאַנצער חבר, די געשמינקטע טולפּען האָבען מיך באַגריסט בעטלער־שטאָלץ זיך אַראָפּלאָזענדיג, די נערװען קראַנקע ליליען האָבען גע־שאָקעלט מיט די קעפּ אומעטיג צערטליך, די שכור רױטע רױזען האָבען נאָך פון דער װײטענס מיר אַקעגען געלאַכט, די נאַכט פיאָלקעס האָבען געזיפצט — מיט די מירטען און לאָרבערען האָב איך נאָך דאַמאָלט ניט געהאַט קײן באַקאַנטשאַפט, װאָרום זײ האָ־בען ניט געהאַט קײן שימערירענדיגע בליהונג װאָס זאָל מיך צוצי־הען, אָבער מיט די רעזעדען, מיט װעלכע איך בין הײנט ניט שוה בשוה, בין איך דאַמאָלט געװען באַזונדערס אינטים — איך רעד דאָס װעגען דעם הױפגאָרטען אין דיסעלדאָרף, װאו איך פלעג אָפּט ליגען אין גראָז, און זיך צוהערען װי מאָסיע לע גראַן פלעגט מיר דערצעהלען פון די העלדישקײטען פונ׳ם גרױסען קײזער, און פלעגט דערבײ אױסקלאַפּען די מאַרשען, װאָס זענען געפּױקט גע־װאָרען בײ יענע מלחמות, אַזױ אַז איך האָב אַלץ געזעהן און גע־הערט װי לעבעדיג. איך האָב געזעהן דעם צוג איבער דעם סענבלאָן, — דער קײזער פאָראױס און הינטער איהם קלעטערנדיג די בראַװע גרענאַדירען, אין דער צײט װען מחנות פײגעל הױבען זיך אין דער הױך מיט זײער קרעכצען און גלעטשערס דונערן פון דער װײ־טענס — איך האָב געזעהן דעם קײזער מיט דער פאַהן אין דער האַנד אױף דער בריק פון לאָדי — איך האָב געזעהן דעם קײזער אין גרױען מאַנטעל בײ מאַרענגאָ — איך האָב געזעהן דעם קײ־

זער אויפ'ן פערד אין דער מלחמה ביי די פיראמידען — קיין זאך א חוץ פולווער־דאמפף און מאמעליקען — איך האב געזעהן דעם קייזער אין דער שלאכט ביי אויסטערליץ — הואי! ווי די קוילען האבען דאס געפייפט איבער'ן גלאטען אייז וועג! — איך האב געזעהן און געהערט די שלאכט ביי יענאדום, דום, דום — איך האב געזעהן און געהערט די שלאכט ביי עלא, וואגראם... נייז, איך האב עס נאך קוים געקענט אויסהאלטען! מאסיע לע גראז האט אזוי געפויקט, אז מיינע אייגענע פויקהייטלעך אין די אויערען, זענען דורך דעם שיער צוריסען געווארען.

## קאפיטעל VIII.

אבער, ווי איז מיר ערשט געווארען, ווען איך האב איהם אליין געזעהן. מיט הויכבאגנאדיגטע אייגענע אויגען, איהם אליין הושענא! דעם קייזער!

און געווען איז דאס טאקע אין דער אלעע פון דעם הויפגארטען אין דיסעלדארף. ווען איך האב זיך געשטופט דורך דעם פארגאפטען המון האב איך געטראכט וועגען די מעשים און מלחמות, וואס מאסיעֿ לע גראן האט פאר מיר אויסגעפויקט. מיין הארץ האט געקלאפט דעם גענעראלמארש — און פון דעסטוועגען האב איך אין דערזעלביגער צייט געטראכט וועגען דער פאליציי פארארדענונג, וואס האט פארבאטען דאס רייטען אין מיטען פון דער אלעע אונטער דער שטראף פון פינף טאלער. און דער קייזער מיט זיין סוויטע האבען גערייטען אין מיטען דער אלעע, די ציטערענדיגע בוימער האבען זיך געבייגט פאראויס וואו דער קייזער האט פארביי געריטען. די שטראהלען פון דער זון האבען מורא׳דיג נייגיעריג געציטערט דורך די גרינע בלעטער, און אין בלויען הימעל אויבען, האט באשיינפערליך געשוואומען א גאלדענער שטערען. דער קייזער האט געטראגען זיין גרינעם אוניפארם און דאס קליינע וועלט־היסטארישע היטעלע, איז געריטען אויף א ווייס פערדיל, און דאס איז געגאנגען אזוי רוהיג שטאלץ, אזוי זיכער, אזוי אויסגעצייכענט, — וואלט איך אפילו דאמאלט געווען דער קרוינפרינץ פון פרייסען, וואלט איך דאמאלט מקנא געווען אט דאס פערדיל. נאכלעסיג, כמעט הענגענדיג איז געזעסען דער קייזער, איין האנד האט הויך געהאלטען די צוים, די צווייטע האט גוטמוטיג געקלאפט דעם פערדיל אויפ׳ן האלז, — דאס איז געווען א זוניג מארמארענע האנד, א מעכטיגע האנד, איינע פון די צוויי הענד, וואס האט באצוואונגען די פיעל קעפיגע חיה פון אנארכיע און וואס האט ארויסגערופען דעם דועל צווישען די פעלקער — און די האנד האט

גוטמוטיג געקלאפט דעם פערדילס האלז. אויך דאס פנים האט די־זעלבינע פארב, וואס מיר געפינען אויף די מארמארענע קעפ פון גריכען און רוימער — די געזיכטסציגע זענען געווען פונקט אזוי עדעל געמאסטען, ווי די פארצייטיגע קלאסישע און אויף אט דעם פנים איז געשטאנען אויפגעשריבען : — דו זאלסט ניט האבען קיין אנדערע געטער א חוץ מיר. — א שמייכעל, וואס האט דערוואַ־רעמט און בארוהיגט יעדעס הארץ, האט געשוועבט ארום זיינע ליפען — און דאך האט מען געוואוסט, זאלען אט די ליפען נאר א פייף טאן : —et la Prusse n'exsistait plus— אט די ליפען זאלען נאר א פייף טאן, און דאס גאנצע גלחים געזינדעל האט אויס־געשפיעלט — אט די ליפען זאלען נאר א פייף טאן — און די גאנ־צע הייליגע רוימישע מלוכה וועט געהן א טאנץ. און אט די ליפען האבען געשמייכעלט און אויך דאס אויג האט געשמייכעלט — דאס איז געווען אן אויג קלאר ווי דער הימעל, עס האט געקענט לייע־נען די הערצער פון די מענשען, עס האט שנעל דערזעהן מיט איין מאל אלע זאכען פון אט דער וועלט, אין דער צייט וואס מיר זעהען זיי נאר איינס נאך ס'אנדערע, און מיר זעהען בלויז זייערע גע־פארבטע שאטענס. דער שטערען זיינער איז ניט געווען אזוי קלאר. עס האבען דארטען געהאט זייערע נעסטען די גייסטער פון צוקונפטיגע מלחמות, און טיילמאל האט עפים געציטערט אויף אט דעם שטערן. דאס זענען געווען שאפענדיגע געדאנקען, די גרויסע זיעבענמיילען שטיוועל געדאנקען, מיט וועלכע דער קייזער איז ווי א רואה ואינו נראה דורכגעגאנגען די וועלט — און איך גלויב, אז א יעדער פון אט די געזאנגען וואלט געווען גענוג פאר א דייט־טשען שריפטשטעלער צו האבען שטאף צום שרייבען א גאנץ לעבען.

דער קייזער איז זיך רוהיג געריטען אין מיטען דער אלעע. קיין פאליציי דיענער האט זיך איהם ניט אקעגען געשטעלט ; הינטער איהם, שטאלץ אויף הירזשענדע פערד און באדעקט מיט גאלד און ציערונג, איז געריטען זיין סוויטע, די פויקען האבען געקלאפט, די טראמפייטען האבען געשאלט, לעבען מיר האט זיך

געדרעהט דער משוגע'נער אלאיזיום און אויסגערעכענט די נעמען פון זיינע גענעראלען. ניט ווייט האט געברילט די שכור'ער גומפערץ און דאס פאלק האט גערופען טויזענד שטימיג: לעבען זאל דער קייזער!

# קאפיטעל IX.

דער קייזער איז טויט. אויף א וויסטען אינזעל אין אטלאנטי־שען ים איז זיין איינזאמער קבר. און ער, פאר וועמען די ערד איז געווען צו ענג, ליגט רוהיג אונטער דעם קליינעם בערגיל, וואו פינף טרויער ווערבערס לאזען מיט יסורים אראפהענגען זייערע גרינע האר, און א פרום טייכעל לויפט פארביי, אומעטיג, וויי־נענדיג. קיין אויפשריפט אויף זיין מצבה איז ניטא, נאר קליא, האט, מיט זיין גערעכטען דלאט, אנגעשריעבען אויף איהם אונזיכט־בארע ווערטער, וואס וועלען טויזענדער יאהרען אפקלינגען אין דער וועלט ווי טענער פון גייסטער.

בריטאניא! צו דיר געהערט דער ים. דאך האט דער ים ניט גענוג וואסער, וואס זאל זיין גענוג אפצואוואשען פון דיר די שאנד, וואס דער גרויסער מת האט שטארבענדיג דיר איבערגעלאזען. ניט דיין ווינדיגער סער האדסאן, ניין, דו אליין ביזט געווען דער סי־ציליאנישער גזלן, וועמען די פארשוואוירענע מלכים האבען גע־דונגען כדי זיך שטילערהייד נוקם צו זיין אן דעם מאן פון פאלק, פאר דעם וואס דאס פאלק האט באגאנגען עפענטליך אקעגען איינעם פון זיי. — און ער איז דאס געווען דיין גאסט און זיך גע־זעצט לעבען דיין פייער —

ביז אין דעם סוף פון די טעג וועלען פראנקרייך'ס אינגלעך זינגען און דערצעהלען פון בעלעראפאנס שרעקליכער גאסטפריינד־שאפט, און ווען אט די שפאט־ליעדער און טרעהרען־ליעדער וועלען אריבערגעקלונגען אריבער דעם קאנאל, וועלען דאמאלט רויט ווע־רען די באקען פון די עהרליכע בריטען. עס וועט אבער קומען א צייט, ווען דאס ליעד וועט אריבערקלינגען און דאמאלט וועט שוין מעהר ניט זיין קיין בריטאניען. דאס שטאלצע פאלק וועט זיין גע־ווארפען צו דער ערד, וועסטמינסטערס קברים וועלען ליגען צו־שמעטערט, פארגעסען וועט זיין דער קעניגליכער שטויב, וואס איז

אין זיי בעהאלטען — און סאנקט העלענא, איז דער היילינער ארט, וואוהין עס ציהען די פעלקער פון מזרח און מערב, אין בונט־באזעגעלטע שיפען. און וועלען שטארקען זייער הארץ דורך די גרויסע זכרונות אז די מעשים פון דעם וועלטליכען אויסלייזער. וואס האט געליטען אונטער האדסאן לאו, ווי עס שטעהט געשריע־בען אין די עוואנגעליען פון לא קאז, א׳ מיערא, און אויטא מארשי.

מאדנע ! די דריי גרעסטע שונאים פון קייזער האבען שוין געהאט זייער שרעקליכע מפלה : לאנדאנדערי האט זיך איבערגע־שניטען דעם האלז, לודוויג דער אכצעהנטער איז פארפוילט געווא־רען אויף זיין טראן און פראפעסאר זאאלפעלד איז נאך אלץ פרא־פעסאר אין געטינגען.

# קאפיטעל X.

דאס איז געווען אין א קלארע, פראסטיגען הערבסט־טאג. א יונגער מענש, וואס האט אויסגעזעהן ווי א סטודענט, איז זיך פאמעליך געגאנגען איבער דער אלעע פון דעם דיסעלדארפער הויף־גארטען. ווען נים ווען האט ער מיט א קינדערשען חשק, א בריק געטאן די רוישענדיגע בלעטער, וואס האבען באדעקט די ערד. אפטמאל אבער האט ער אומעטיג אויפגעהויבען די אויגען צו די שטארע בוימער, אויף וועלכע עס האבען נאך געהאנגען בלויז איינציגע בעלטער. ווען ער האט אזוי ארויפגעקוקט, איז איהם געקומען אויפ'ן זינען די ווערטער פון גלויקאס:

„גלייך ווי די בלעטער איז וואלד, זענען די מענשליכע דורות,
בלעטער מאכט פאלען דער ווינד צו דער ערד, אנדערע
שפראצען ארוים פון די קנאספען, ווען ס'לעבט אויף דער
פריהלינג.
פונקט אזוי זענען די מענשליכע דורות, איינער פארשווינדט
א צווייטער צובליהט זיך און וואקסט".

אין פריהערדיגע צייטען פלעגט דער יונגער מענש מיט גאנץ אנדערע געדאנקען ארויפקוקען צו די זעלביגע בוימער. און ער איז דאמאלט געווען א אינגעל און פלעגט זוכען נעסטער פון פייגעל און זומער פליגעלעך, וואס פלעגען אין איהם דערוועקען אזוי פיעל פרייד, ווען זיי פלעגען פארבייזשומען, זיך פרעהען מיט דער שע־נער וועלט, און זענען געווען צופריעדען מיט א זאפטיג גרינעם בלעטעלע, מיט א קליין טראפענדעל טוי, מיט א ווארעמען זונענ־שטראהל און מיט דעם זיסען דופט פון קרייטיכער. דאמאלס איז דעם אינגעלס הארץ געווען פול מיט תענוג, פונקט ווי דאס הארץ פון פלאטערענדיגע חיה'לעך. איצט אבער איז זיין הארץ געווארען עלטער, די קליינע זונענשטראהלען זענען אין איהם געווען אויסגעלאשען, אלע בלומען דעריין זענען געווען אויסגעשטארבען, אפילו דער שענער

חלום פון ליעבע איז שוין געווען אין איהם פארבלייכט, אין דעם ארימען הארץ איז שוין געווען ניט מעהר ווי מוט און יסורים, און כדי צו זאגען דאס שמערצליכסטע — דאס איז געווען מיין הארץ.

דעמזעלביגען טאג האב איך געהאט זיך אומגעקעהרט אין מיין פאטערשטאדט. אבער איבערנעכטיגען אין איהר האב איך ניט געוואלט. איך האב זיך פארבענקט נאך גאדעסבערג, זיך אוועק־צוזעצען ביי די פיס פון מיין פריינדין און דערצעהלען פון דער קליינער ווערא־ניקא. איך האב אויפגעזוכט די ליעבע קברים. פון אלע לעבעדיגע פריינד און קרובים, האב איך נאך געפונען בלויז איין פעטער און א מוהמע. האב איך מעהר אויף די גאס ניט געפונען קיין באקאנטע געשטאלטען, אזוי האט מיך אבער אויך קיינער מעהר ניט דערקענט. און די שטאדט אליין האט מיך אנגעקוקט מיט פרעמדע אויגען. א סך הייזער זענען פאר דער צייט געווארען ניי אנגעפארבט. דורך די פענסטער האבען ארויסגעקוקט פרעמדע פינם׳ער. ארום די אלטע קוימענס האבען ארומגעפלאטערט אפגע־לעבטע שפאצען, אלץ האט אויסגעזעהן אזוי טויט און דאך אזוי פריש, ווי סאלאט וואס וואקסט אויפ׳ן בית עלמין; וואו מען פלעגט אמאל רעדען פראנצויזיש, האט מען איצטער גערעדט פריי־סיש, אפילו א קליין פרייסיש הויפעל האט זיך דארט געהאט פאר־קליבען פאר דער צייט, און די מענשען האבען געהאט הויפט־טיי־טעלן. די אמאליגע פריזערין פון מיין מאמע איז געווארען הויף־פריזערין, און איצטער האבען זיך דארטען געפונען הויפשניידער, הויפשוסטער, הויפוואנצענפארטיליגערינס, הויפשנאפסקראמען, די גאנצע שטאדט האט אויסגעקוקט ווי א הויף לאזארעט פאר הויפס־משוגעים. בלויז דער אלטער קורפירשט האט מיך דערקענט. ער איז נאך אלץ געשטאנען אויף דעם אלטען פלאץ, אבער עס האט אויסגעזעהן ווי ער וואלט פאר דער צייט געווארען מאגערער. און טאקע דערפאר, וואס ער איז די גאנצע צייט געשטאנען אין מיטען מארק, האט ער צוגעזעהן אט די אלע צרות פון דער צייט, און אז מען זעהט אזעלכענע זאכען, ווערט מען ניט פעט. איך בין ארומגעגאנגען ווי אין א חלום, און האב געטראכט וועגען דעם מעשה׳לע פון די פאר׳כשופ׳טע שטעדט און איך האב זיך געאיילט צוצוקומען צום

טויער, כדי איך זאָל זיך ניט צופריה אויפכאַפּען. אין הויפגאָרטען האָבען מיר אויסגעפּעהלט עטליכע בוימער, און אַנדערע זענען געווען פאַרקריפּעלט און די פּיער גרויסע טאָפּאָלען, וואָס פלעגען אַמאָל אויסזעהן ווי גרינגע ריזען, זענען עפּיס קלענער געוואָרען. עטליכע שענע מיידלעך זענען געגאַנגען שפּאַציערען, שען אויסגעפּוצטע ווי געהענדיגע טולפּען. און אָט די טולפּען האָב איך געקענט ווען זיי זענען נאָך געווען קליינע ציבעלקאַלעך; וואָרים אַך! זיי זענען דאָך געווען דעם שכן'ס קינדער מיט וועלכע איך פלעג זיך אַמאָל שפּילען „פּרינצעסין און טורעם". אָבער די שענע יונגפרויען, וואָס איך האָב אַמאָל געקענט ווען זיי זענען נאָך געווען בליהענדיגע רויזען, זענען איצטער שוין געווען פאַרוועלקטע רויזען. און ניט איין הויכען שטערען, וועמענס שטאָלץ עס האָט מיך אַמאָל אַזוי ענטציקט, האָט סאַטורן מיט זיין קאָסע איינגעשניטען טיעפע קנייטשען. איצטער אָבער, אַך, ווען ס'איז שוין שפּעט, כאַפּ איך זיך וואָס עס האָט בעטייט יענער בליק, וואָס מען האָט צוגעוואָרפען דעם אינגעל וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבען צו בחור'ן. פאַר דער צייט האָב איך אין דער פרעמד באַמערקט אַזעלכענע פאַראַלעלע שטעלען אין שענע אויגען. טיעף באַריהרט האָט מיך די געפאַלענקייט מיט וועלכער אַ מאַן האָט געצויגען זיין הוט, אַ מאַן וועמען איך האָב אַמאָל געקענט פאַר אַ בכבוד'ען עושר, און איז פאַר דער צייט געפאַלען און געפאַלען ביז ער איז געוואָרען אַ בעטלער; ווי מען זעהט אייגענטליך אומעטום, אַז איינמאָל הויבען די מענשען אָן צו זינקען, אַזוי זינקען זיי מורא'דיג, ווי נאָך דעם ניוטאָנישען כלל, אַלץ שנעלער און שנעלער ביז זיי פאַלען אריין אין עלענד. דער איינציגער וואָס האָט זיך פאַר דער צייט גאָר ניט געביטען, איז געווען דער קליינער באַראָן, וואָס האָט לוסטיג זיך געטענצעלט דורך דעם הויף־גאָרטען, האַלטענדיג איין האַנד אין דער הויך ביי דעם לינקען לאַץ פון ראָק און מיט דער אַנדערער האַנד געפאַכט זיין דינן שטעקעלע אין דער לופט; ער האָט נאָך אַלץ געהאַט דאָס זעלביגע פריינדליכע פּנים'ל, וועמענס ראָזאווע רויטקייט האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער נאָז. ער האָט נאָך אַלץ געטראָגען דאָס אַלטע קייל־עכדיגע היטעלע און ער האָט נאָך אַלץ

געהאט דאָס אַלטע צעפּעל, נאָר וואָס איצטער האָבען דערפון אַרויסגעשפּראָצט עטליכע ווייסע האָר אַנשטאָט די שוואַרצע פון אַמאָל. אָבער ווי צופרידען ער האָט ניט אויסגעזעהן, האָב איך דאָך געוואוסט, אַז דער אָרימער באַראָן האָט פאַר דער צייט זיך גענוג איבערגעליטען, זיין פּנים'ל האָט דאָס געוואָלט באַהאַלטען, אָבער די ווייסע הערעלעך פון זיין צעפּעל האָבען מיר דאָס פאַר־ראַטען הינטער זיין רוקען. און דאָס צעפּעל אַליין וואָלט עס ווידער געוואָלט אַפּלייקענען און דערפאַר האָט עס זיך געשאָקעלט אַזוי אומעטיג פרעהליך.

איך בין ניט געווען מיעד, און דאָך האָב איך באַקומען אַ חשק זיך אוועקצוזעצען אויף דער הילצערנער באַנק, אויף וועלכער איך האָב אַמאָל אויסגעקריצט דעם נאָמען פון מיין מיידעל. איך האָב איהם נאָך קוים געפונען. איבער איהם זענען שוין געווען אויסגעשניצט אַזוי פיעל נייע נעמען. אַך! אַמאָל בין איך דאָ אויף אָט דער באַנק איינגעשלאָפען און מיר האָט זיך גע'חלומ'ט פון גליק און ליעבע. „אַ חלום איז אַ נאַר“. אויך די אַלטע קינדער שפּיעלען זענען מיר געקומען אויפ'ן זכרון, אויך די אַלטע שענע מעשה'לעך! אָבער צווישען אָט די אַלטע גוטע זאַכען האָט מיר געקלונגען אַ נייער פאַלשער שפּיעל און אַ נייע מיאוס מעשה'לע. און דאָס איז געווען די געשיכטע פון צוויי אָרימע נשמות, וואָס זענען זיך אומטריי געוואָרען, און זיי האָבען מיט זייער אומטריי־קייט געבראַכט אַזוי ווייט, אַז זיי זענען פאַלש געוואָרען אפילו צום ליעבען גאָט. דאָס איז אַ טרויעריגע מעשה. און אַז מען האָט ניט עפּיס בעסערעס צו טאָן, קען מיר איבער איהר וויינען. אוי, גאָט! אַמאָל איז די וועלט געווען אַזוי שען, און די פייגעל האָבען געזונ־גען אַן אייביגען ליוב צו דיר, און די שענע וועראָניקאַ האָט מיך אָנגעקוקט מיט איהרע שטילע אויגען און מיר זענען געזעסען פאַר דער מאַרמאָרענער סטאַטוע אויף דעם שלאָס־פּלאַץ — פון איין זייט ליגט דער אַלטער, פאַרוויסטער שלאָס, וואו עס וואוינען שדים, און ביי נאַכט וואַנדערט דאָרט אַרום אַ שוואַרץ־זיידענע דאַמע אָהן אַ קאָפּ, מיט אַ לאַנגער, רוישענדיגער שלעפּ; אויף דער אַנדערער זייט איז אַ הויכע, ווייסע געביידע, אין וועמענס אוי־

בערשטע קאמערן עס האבען געגלאנצט וואונדערבאר די בונטע בילדער מיט די גאלדענע ראמען, און אינ׳ם אונטערשטען גארען זענען געשטאנען אזוי פיעל טויזענדער מעכטיגע ביכער, וועלכע איך און די קליינע ווערא־ניקא פלעגען אפט נייגיעריג באטראכטען, ווען די פרומע אורזולא האט אונז אויפגעהויבען צו די גרויסע פענסטער — שפעטערצו, ווען איך בין שוין געווארען א גרויס אינגעל, פלעג איך דארט יעדען טאג ארויפקלעטערן אויף דער העכסטער טרעפ פון דער לייטער, האב ארונטערגענומען די העכסטע ביכער און האב געלייענט אין זיי אזוי לאנג, ביז איך האב שוין פאר קיין זאך ניט מורא געהאט. וועניגסטענס ניט פאר דער דאמע אהן דעם קאפ און איך בין געווארען אזוי קלוג, אז איך האב פארגעסען אלע אלטע שפיעלערייען און מעשה׳לעך און בילדער און די קליינע ווראנקא.

אין דער צייט אבער, וואס איך האב אזוי זיצענדיג אויף דער אלטער באנק, זיך פאר׳חלומ׳ט אין דער פארגאנגענהייט, האב איך דערהערט הינטער מיר שוואכע מענשליכע שטימען, וועלכע האבען באקלאגט דאס מזל פון די ארימע פראנצויזען, וואס זענען אין רוסישען קריג פארשלעפט געווארען אלס געפאנגענע קיין סיביר, זענען דארט געהאלטען געווארען א סך לאנגע יאהרען, כאטש עס איז שוין געווען שלום, און איצט ערשט קעהרען זיי זיך אום אהיים. אז איך האב אויפגעהויבען די אויגען, האב איך ווירקליך דערזעהן די יתומים פון באריהמטקייט; דורך די ריסען פון זייערע צופליקטע יוניפארמס האט ארויסגעקוקט דער נאקעטער עלענד, אין זייערע פאר׳צרה׳טע פנימ׳ער זענען געלעגען טיעפע, קלאגענדיגע אויגען, און כאטש פארשטומט אויסגעמאטערט, און די מייסטע הינקענדיגע, זענען זיי דאך נאך אלץ געגאנגען אין א סארט מיליטערישען טראט. און מאדנע! א פויקער מיט א פויק איז געגאנגען פאראוים; מיט אן אינערליכען גרויל האב איך זיך דערמאנט אן דער לעגענדע פון די סאלדאטען, וואס זענען ביי טאג געפאלען אין שלאכט און ביי נאכט שטעהען זיי אויף פון שלאכטפעלד, און מיט דעם פויקער פאראוים קעהרען זיי זיך אום

אין זייער געבורטס־שטאָדט, און פון וועלכער דאָס אַלטע פאָלקס־
ליעד זינגט:

„עס קלאַפּט די פּויק און ס׳גהען זעלנער
אויף נאכט קוואַרטיר אין שטאָדט אריין,
זיי שטעלען זיך אין געסעל אוים.
טראַלערי, טראַלעריי, טראַלערא,
דאָרט לעבען געליעבטערס הויז.

און אין דער פריה דערזעהט מען ביינער
אין שורות, ווי מצבה־שטיינער,
די פּויק זי גהט פאָראוים.
טראַלערי, טראַלעריי, טראַלערא,
זי זעהט איהם פון איהר הויז".

און ווירקליך, דער אַרימער פראַנצויזישער פּויקער האָט אויס־
געקוקט אזוי וויסט ווי ער וואָלט נאָר וואָס אַרוים פון קבר. ער
איז איצט געווען בלויז א שאָטען אין א צופליקטער, גרויער קאַ־
פּאָטע, און אַפּגעשטאָרבען געל פּנים, מיט א גרויסער וואָנצע, וואָס
האָט אומעטיג אראָפּגעהאנגען איבער די בלייכע ליפּען, די אויגען
האָבען אויסגעקוקט ווי א פאַרברענטע גלאָזונג אין וועלכער עס
גלימערצען נאָר עטליכע פונקען, און דאָך אָן איין איינציגען פון
אָט די פונקען האָב איך דערקענט מאָסיע לע גראַן.

ער האָט אויך מיך דערקענט און ער האָט מיך אוועקגעזעצט
אין גראָז, און אזוי זענען מיר ווידער געזעסען ווי אמאָל, ווען ער
האָט מיר אויף זיין פּויק דאָצירט די פראַנצויזישע שפּראַך און
די נייעסטע געשיכטע. און דאָס איז דאָך אַלץ געווען די גוטבעקאַנטע,
אַלטע פּויק, און איך האָב זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן ווי אזוי
ער האָט זי באַשיצט פון דער רוסישער האנד. ער האָט איצטער
ווידער געפּויקט ווי אמאָל. אבער דאָס מאָל האָט ער ניט גערעדט
דערביי, און זענען איצטער זיינע ליפּען געווען אונהיימליך צו־
נויפגעדריקט, האָבען פאַר דאָס זיינע אויגען גערעדט מעהר, וואָס
האָבען מיט נצחון אויפגעלייכט, ווען ער האָט געפּויקט די אַלטע
מאַרשען. די טאָפּאָלען לעבען אונז האָבען אויפגעציטערט, ווען ער

האט ווידער אויפגעפויקט דעם רויטען גילאטינע מארש. ער האט אויך אויסגעפויקט די אלטע מלחמות, און די מעשים פון קייזער, ווי אמאל. און ס'האט זיך אויסגעדאכט, אז די פויק איז אליין א לעבענדיגע זאך און פרעהט זיך, וואס זי קען זיך אויסדריקען איהר אינערליכע פרייד. איך האב ווידער געהערט דאס דונערן פון די קאנאנען, דאס פייפען פון די קוילען, דעם ליארעם פון מלחמה. איך האב ווידער געזעהן דעם מוט מיט וועלכע די גווארדיע איז געגאנגען צום טויט; איך האב ווידער געזעהן די פלאטער־דיגע פאהנען; איך האב ווידער געזעהן דעם קייזער אויפ'ן פערד— אבער ביסלעכווייז האט זיך אריינגעריסען א טריבער טאן אין יע־נעם פרעהליכען ווירבעל. פון דער פויק האבען זיך געריסען קלאנ־גען, אין וועלכע עס איז געווען גיט היימליך פארמישט אי די ווילדעסטע פריידענס געשרייען, אי דער שרעקליכסטער טרויער. עס האט אויסגעזעהן א מארש פון נצחון און א טרויער־מארש אין דערזעלביגער צייט. די אויגען פון לע גראן האבען זיך גייסטער־האפט ווייט צועפענט, און איך האב אין זיי געזעהן גיט מעהר, ווי א ווייט, ווייס אייז־פעלד באדעקט מיט מתים — דאס איז געווען די שלאכט ביי מאסקווע.

איך האב קיינמאל ניט געוואוסט אז די אלטע, הארטע פויק קען פון זיך ארויסגעבען אזעלכענע שמערצליכע טענער, ווי לע גראן האט איצטער געוואוסט פון איהר ארויסצוקריגען. דאס זע־נען געווען געפויקטע טרעהרען, און זיי האבען אפגעקלונגען וואס אמאל שטילער און ווי א טעמפען ווידער־קול האבען זיך געריסען זיפ־צען פון לע גראן'ס ברוסט. און ער אליין איז געווארען וואס אמאל מאטער און געשפענסטישער, זיינע דארע הענד האבען גע־ציטערט פון קעלט, ער איז געזעסען ווי אין חלום און האט גע־מאכט מיט די פויקשטעקעלעך אין די לופט און האט זיך צוגעהערט צו די קולות פון דער ווייט, און צום סוף האט ער מיך אנגעקוקט מיט זיין טיפען, אפגרונד טיעפען בליק — איך האב איהם פאר־שטאנען — און דערנאך איז זיין קאפ געפאלען אויף דער פויק.

מאסיע לע גראן האט א לעבעדיגער מעהר ניט געפויקט. אויך זיין פויק האט מעהר ניט געלאזט הערען פון זיך קיין טאן.

פאר דעם שונא פון פרייהייט זאל זי מעהר ניט דיענען צום קנעב־טישען מיטעל. איך האב זעהר גוט פארשטאנען דעם לעצטען, בעטענדיגען בליק פון לע גראן און האב גלייך ארויסגעצויגען דעם שפיז פון מיין שטעקעלע און די פויק צולעכערט.

## קאפיטעל XI.

**Du sublime au ridicule il n'y a qu'um pas, Madame!**

אבער דאס לעבען איז דאך, אין דער אמת'ן, אזוי פאטאל ערענסט. אז מען וואלט עס דאך ניט געקענט פארטראגען אהן אזעלכענע פארבינדונגען פון דעם פאטעטישען מיט דעם קאמישען. דאס וויסען אונזערע פאעטען. די שרעקליכסטע בילדער פון דעם מענשליכען משוגעת, ווייזט אונז אריסטאפאנעס נאר אין לאכענדיגען שפיגעל פונ'ם וויץ. דעם גרויסען דענקער־שמערץ, וואס באגרייפט זיין אייגענע נישטיגקייט, וואגט געטהע ארויסצוזאגען נאר דורך די קניטעלפערזען פון א ליאלקע און די טויט־ערענסטע קלאגע וועגען דעם יאמער פון דער וועלט לעגט שעקספיר דוקא אריין אין מויל פון א נאר, אין דער צייט ווען ער שאקעלט שרעקענדיג זיין נארענהיטעל.

אזוי האבען זיך אלע אפגעלערנט פון דעם גרויסען אורפאעט, וואס פארשטעהט זיין טויזענאקטיגע וועלט־טראגעדיע אוועקצושטעלען אויף דעם העכסטען שפיץ פון הומאר, ווי מיר זעהען דאס טאג טעגליך: — אזוי שנעל ווי די העלדען געהען אוועק, קומען די קלאונס, און גראציאזאס מיט זייערע נארען ביקסלעך און דרשות. נאך די בלוטיגע רעוואלוציאנס סצענען און קייזער אקציאנען קומען ווידער צוקריכען די דיקע בורבאנען מיט זייערע אלטע אפגעשטאנענע שפאסלעך און צארט לעגיטימע וויצען, און חנ'עוודיג היפט פארביי די אלטע נאבעלסע מיט איהר פארהונגערטען שמייכעל און הינטער זיי גיבען זיך א לאז ווי א כוואליע די פרומע קאפוצען, מיט ליכט, צלמים און קירכענפאהנען; אפילו אין דעם העכסטען פאטאס פון דער וועלט־טראגעדיע פלעגען זיך אריינכאפען קאמישע שטריכען. דער פארצווייפעלטער רעפובליקאנער, וואס האט זיך, ווי א ברוטוס, אריינגעשטאכען א מעסער אין הארצען, האט געוויס פריהער געשמעקט צום מעסער, צי האט מען דערמיט ניט געשניטען קיין הערינג. און אויף אט דער גרוי־

סער וועלט ביהנע געהט עס צו פונקט אזוי ווי אויף אונזער טעאַ־
טער ביהנע. אויך אויף איהר זענען פאראן שכור׳ע גבורים, מלכים
וואָס האָבען פארגעסען זייערע ראָלען, קוליסען, וואָס זענען גע־
בליבען הענגען, ארויסשרייענדיגע סופלערשטימען, טענצערינס וואָס
מאכען דעם עפעקט מיט לענדענפּאָעזיע, קאָסטיומען וואָס גילטען
פאר דעם עיקר — און אויבען אין הימעל אין דער ערשטער
רייה, זיצען זיך דערווייל די מלאכים׳לעך און קוקען אויף אונז
קאָמעדיאַנטען דאָ אונטען אראָפּ דורך זייערע שפּאַקטיוון. און
דער ליעבער גאָט זיצט אַן ערענסטער אין זיין גרויסער לאָזשע,
און לאַנגווייַלט זיך אפשר, אדער רעכענט אפשר אויס אַז אַט
דאָס טעאַטער וועט זיך לאַנג מעהר ניט קענען האַלטען, ווייל
איינער קריגט געהאַלט און דער צווייטער קריגט גאָר ניט,
און אלע שפּיעלען זעהר שלעכט.

**Du sublime au ridicule il n'y a qu'um pas, Madame!**

אין דער צייט, ווען איך האָב געשריעבען דעם סוף פון דעם
פריהערדיגען קאַפּיטעל און האָב אייך דערצעהלט ווי מאַסיע לע
גראַן איז געשטאָרבען און ווי איך האָב געוויסענהאַפט אויסגע־
פיהרט זיין מיליטערישע צוואה, וואָס איז געלעגען אין זיין
לעצטען בליק, האָט מען אַנגעקלאַפּט אין מיין טיר און ס׳איז אריין
געקומען אַן אָרימע אַלטע פרוי, וואָס האָט מיך פריינדליך גע־
פרעגט צי איך בין אַ דאָקטאָר, און אַז איך האָב געזאָגט יאָ, האָט
זי מיך געבעטען זעהר פריינדליך, אַז איך זאָל געהן מיט איהר
אַהיים און אויסשניידען ביי איהר מאַן די היהנער־אויגען.

## קאפיטעל XIII.

מאדאם! אונטער לעדא'ס אויסגעזעסענע העמיספערען איז שוין געלעגען דער גאנצער טראַאינישער קריעג, און איהר וועט קיינמאָל ניט קענען פארשטעהן פּריאַמאָס באריהמטע טרעהרען, ווען איך וועל אייך פריהער ניט דערצעהלען פון די אלטע שוואַנענאייער. דערפאר זאָל אייך ניט ארען וואָס איך פארקריך אַן א זייט. אין אלע פריהערדיגע קאפּיטלען איז ניט פאראַן קיין שורה, וואָס זאָל ניט זיין צו דער זאַך. איך האָב געשריעבען צונויפגעדריקט, איך האָב פארמיטען אלץ וואָס איז איבעריג. איך לאָז אפילו אָפּט פארביי דאָס נויטווענדיגע, אזוי למשל האָב איך צומאָל ניט רעכט ציטירט — איך מיין ניט גייסטער, איך מיין שריפטשטעלער — און דאָך איז דאָס ציטירען פון אלטע און נייע ביכער אַן אמת'ר פארגעניגען פאר יונגע אויטאָרען, און אזוי זיך א פּאָר געלערנטע ציטאַטען, ציערען דעם מענשען. זאָל זיך אייך נאָר ניט דאכטען, מאדאם, אַז מיר פעהלט די באַקאַנטשאַפט פון ביכער טיטלען. א חוץ דעם קען איך אויך די קונץ פון די גרויסע גייסטער, וואָס פארשטעהן ווי אזוי ארויסצוקריגען די קליינע ראָזינקעלעך פון די זעמעל, און די ציטאַטען אויס די העפטען פון זייערע קאָלעגען; איך וויים אויך פון וואַנען בארטהעל האָט ארויסגעקראַגען דעם סאַק, פאר א נויט קען איך ביי מיינע פריינד מאכען א הלואה פון ציטאַטען. מיין פריינד ג. פון בערלין איז אזוי צו זאָגען א קליינער ראָטשילד פון ציטאַטען, און ער וואָלט מיר גאַנץ גערן געליהען עטליכע מיליאָנען, און האָט ער זיי ניט ביי דער האַנד, אזוי קען ער זיי גאַנץ לייכט קריגען ביי אנדערע קאָסמאָפּאָליטישע באַנקיערען פון גייסט — אגב אורחא, מאדאם, די דריי פּראָצענטיגע בעקה'ס זענען געפאַלען, אבער די פינף פּראָ־צענטיגע העגעלס זענען ארויף אין פּרייז — דאָך דערוויילע דאַרף איך נאָך ניט קיין הלואה צו מאכען. איך האָב יעהרליך מיינע 10,000 ציטאַטען, יאָ, איך בין זאָגאר דערגאַנגען ווי אזוי מען קען פאַלשע ציטאַטען אויסברענגען פאַר אמת'ע. זאָל נאָר וועלכער

ניט איז גרויסער, רייכער געלערנטער א שטייגער מכאל בער, ווע־לען ביי מיר אפקויפען אט דעם סוד, אזוי וואלט איך איהם אוועק געגעבען פאר 19,000 טאלער מזומן; איך וואלט נאך געלאזט אפילו עפים אפדינגען. פאר דעם וואוילזיין פון דער ליטעראטור וועל איך אויך ניט פארשווייגען א צווייטע ערפינדונג און וועל זי מיטטיי־לען גראטים:

איך האלט למשל, אז ס'וואלט געווען ראטזאם די רעאק־ציאנערע אויטארען צו ציטירען מיט זייערע הויז נומערן.

אט „די גוטע מענשען און שלעכטע מוזיקאנטען" ווי מען רעדט געוועהנליך וועגען דעם ארקעסטער אין פאנס דע ליאן — אט די רעאקציאנער אויטארען פארמאגען דאך נאך געוויס יעדער איין עקזעמפלארעלע פון זייער שוין לאנג פארגעסענעם ביכעל, און כדי זיי אויסצוגעפינען איז גוט אז מען וויים דעם נומער פון זייער הויז. וואלט איך למשל, מאדאם, וועלען ציטירען ספיטא'ס געזאנג ביכעל פאר יונגע בעלי מלאכות, — וואו וואלט איהר עס געקענט געפינען? ציטיר איך אבער:

געזאנגביכעל פאר יונגע בעל - מלאכות פון פ. ספיטא; לינענבורג, אויף דער לינערגאס נומער 2, רעכטס ביים ראג, —

אזוי קענט איהר, מאדאם, ווען איהר געפינט אז ס'איז ווערט די טרחה, דאס ביכעל ווי ניט איז קריגען. עס איז אבער ניט ווערט די טרחה.

איבעריגענס, מאדאם, האט איהר גאר ניט קיין אידעע, מיט וואס פאר א לייכטקייט איך קען ציטירען. איך געפין אומעטום א געלעגענהייט ארויסצואווייזען מיין למדות. רעד איך למשל ווע־גען עסען, אזוי באמערק איך אין א נאטיץ אז די רוימער, גריכען און העברעער האבען אויך געגעסען. איך ציטיר אלע געשמאקע מאכלים וואס לוקולוס'עס קעכין פלעגט צוגרייטען — וועה איז מיר, וואס איך בין געבוירען געווארען מיט אנדערטהאלבען טויזענד יאהר צו שפעט! — איך באמערק אויך אז די געמיינשאפטליכע מאלצייטען ביי די גריכען האבען געהייסען אזוי און אזוי, און אז די ספארטאנער האבען געגעסען שלעכטע, שווארצע זופּ — עס איז פון דעסטעוועגען דאך גוט, וואס איך האב דאמאלט ניט גע־

לעבט, ווארום איך קען מיר ניט פארשטעלען עפּיס שרעקליכערעס, ווי אז איך ארימער מענש וואלט באדארפט זיין א ספּאַרטאַנער. מיין בעסט מאכל איז זופּ — מאדאם, איך האב אין זינען באלד צו פאהרען קיין לאנדאן; זאל אבערווירקליך זיין אמת דאס וואס מען זאגט, אז מען קריגט דארט קיין זופּ ניט, אזוי וועל איך מיך באלד מוזען אומקעהרען צו די זופּ־פלייש טעפּ פון פאטערלאנד. וועגען דעם עסען פון די אלטע העברעער, וואלט איך אייך געקענט דערצעהלען גאנצע פּעק, און אזויערנאך צו קומען ביז צו דער אידי־שער קיך אין דער היינטיגער צייט — ביי אט דער געלעגענהייט וואלט איך ציטירט דעם גאנצען שטיינוועג — איך וואלט אויך שוין געקענט צוזעצען, ווי הומאן פיעל בערלינער געלערנטע האבען זיך אויסגעדריקט וועגען די אידישע מאכלים. איך וואלט דאן צו־געקומען צו די אנדערע מעלות פון די אידען, צו די ערפינדונגען, וואס מען האט זיי צו פארדאנקען, אזוי למשל, די וועקסלען, דאס קריסטענטום — אבער ווארט! דאס לעצטע וועלען מיר ניט זעהר שטארק צורעכענען, ווייל אייגענטליך האט מען זיך דער־מיט נאך אליץ וויינינג באנוצט — איך גלויב, אז די אידען אליין האבען דערפון אויך וויינינגער נוצען געהאט ווי פון דער ערפינ־דונג פון וועקסלען. רעדענדיג וועגען די אידען, וואלט איך אויך שוין קענען ציטירען טאציטוס — ער זאגט, אז זיי האבען געדיענט צו אן עזעל אין זייער בית מקדש — און רעדענדיג וועגען דעם עזעל, וואס פאר א ברייט פעלד עפענט זיך פאר מיר! וויפיעל מערקווירדיגע זאכען לאזען זיך אויפווייזען וועגען די פארצייטיגע עזלען אין געגענזאץ צו די מאדערנע. ווי קלוג זענען יענע געווען, און אך! ווי סטופּיד זענען די היינטיגע, ווי פארשטענדיג, למשל, האט גערעדט בלעם'ס עזעל. זעה: חומש: פּרשה — — — — — — מאדאם, איך האב איצט גראד ניט דאס בוך פאר דער האנד, און וועל דערפאר אט די שטעלען דערווייל לאזען אפען צום אויס־פילען. פארקעהרט בנוגע די אפּגעשמאקטע נייערע עזלען וועל איך ציטירען:

זעה: — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

ניין אויף די שטעלע, ווער איך לאזען אפען. ווען ניט וועל איך אליין אויף ציטירט ווערען. נעמליך **injuriarum** די נייע עזלען זענען גרויסע עזלען. די אלטע עזלען, וואס האבען געהאט אזא הויכער קולטער.

זעה : געסנערי :

**De antiqua honestate asinorum.**
**In comment, Goetting, T. II. p. 32.**

זיי וואלטען זיך איבערגעקעהרט אין זייערע קברים ווען זיי וואל־טען געהערט, וואס מען רעדט וועגען זייערע יורשים. אמאל איז „עזעל" געווען אן עהרען נאמען — דאס האט געהייסען פונקט אזוי פיעל ווי היינט „הויפראט", „באראן", „דאקטאר פון פילא־זאפיע". יעקב האט פארגלייכט זיין זוהן יששכר מיט אן עזעל. האמער האט דערמיט פארגלייכט דעם העלד איאקס. און איצטער פארגלייכט מען צו אן עזעל דעם הער פאן ... ! מאדאם ! קומענדיג צו רייד וועגען אזעלכענע עזלען, וואלט איך מיך געקענט פאר־טיפען אין דער ליטעראטור געשיכטע. איך וואלט געקענט ציטי־רען אלע גרויסע לייט, וואס זענען געווען פארליבט. א שטייגער דעם אבעלארדום, פיקום מיראנדולאנום, בארבאניום, קורטעסיום, אנגעליום פאליטאנום, ראימונדום לולום, און הענריקום הייגעאום. רעדענדיג וועגען ליעבע, וואלט איך ווידער געקענט ציטירען אלע גרויסע מענשען, וואס האבען ניט געדרויכערט קיין טאבאק, למשל ציצערא, יוסטיניאן, געטהע, הוגא, איך — צופעליג זענען מיר פינף אויף האלבע יוריסטען. מאבילאן האט צומאל ניט געקענט פארטראגען דעם רויך פון פרעמדע ליולקעס. אין זיין **Itinere Germanico** באקלאגט ער זיך אויף די דייטשע שענקען, אז ,,**quod molestus ipsi fuerit tababi grave olentis factor**" פארקעהרט, ווידער שרייבען צו אנדערע גרויסע לייט א פארליעבע צום טאבאק. רפאל טהארוס האט געדיכטעט א הימנע צום טא־באק — מאדאם, איהר ווייסט אפשר נאך ניט, אז ארום 1628 האט איהם יצחק עליעווירויס פון ליידען ארויסגעגעבען אין קווארט — און לודאוויקוס קינשאט האט געשריעבען דערצו א הקדמה אין פערזען. גראעוויוס האט זאגאר פארפאסט א סאנעט

לכבוד דעם טאבאק. אויך דער גרויסער באקסהארניוס האט ליעב געהאט דעם טאבאק. בעיל שרייבט וועגען דעם אין זיין **Dick. Hist. et critiqe.** מען האט איהם געזאגט, אז דער גרויסער באקסהארניוס, האט ביים רויכערן געטראגען א גרויסען הוט מיט א לאך אין פאדערשטען ראנד, אין וועלכען ער פלעגט אריינשטעקען די ליולקע, כדי זי זאל איהם ניט שטערען ביים סטודירען. אגב אורחא, רעדענדיג וועגען דעם גרויסען באקס־הארניוס, קען איך שוין אויך ציטירען אלע יענע גרויסע געלערנטע, וואס האבען זיך געלאזט יאגען אויף דעם הארן פון א באק און זענען דערפון אנטלאפען. איך ווייז אבער אן בלויז אויף **John. George Martius: De fuga literatarum etc.** ווען מיר זאל דורך געהן די געשיכטע, מאדאם, אזוי הא־בען אלע גרויסע מענער איינמאל אין זייער לעבען גע־מוזט אנטלויפען דערפון: לוט, טארקוויניוס, משה, יופיטער, פרוי פאן סטאהל, נבוכדנצר, בעניאווסקי, מחמד, דאס גאנצע פרייסישע חיל, גרעגאר VII, רבי יצחק דון אברבנאל, רוסא,—איך וואלט געקענט אויסרעכענען נאך זעהר א סך נעמען, א שטייגער די, וואס זענען אין דער בערזע פארשריעבען אויף דעם שוואר־צען ברעט.

איהר זעהט מאדאם, גרינדליכקייט און טיפקייט פעהלט מיר ניט. נאר וואס מיר געהט ניט ביים סיסטעמאטיזירען. אלס אן אמת'ער דייטש, וואלט איך געווען באדארפט אט דעם בוך עפענען מיט אן ערקלעהרונג וועגען זיין טיטעל, ווי דאס פלעגט זיין דער מנהג אין דער הייליגער רוימישער מלוכה. פידיאס האט אפילו צו זיין יופיטאר ניט געשריבען קיין הקדמה, און פונקט אזוי ווייניג צו זיין מעדיצישע ווענוס — איך האב זי בעטראכט פון אלע זיי־טען — אין ערגעץ ניט געפונען קיין ציטאט; — אבער אלטע גריכען זענען געווען גריכען, און אן אונזעריגער איז אן עהרלי־כער דייטש, ער קען ניט אין גאנצען פארלייקענען זיין דייטשע טבע, און איך מוז דערפאר אין א נאכערקלעהרונג געבען אן ער־קלעהרונג וועגען דעם טיטעל פון מיין בוך.

מאדאם, איך רעד אין איהם:

I. פון די אידעען.

A. פון די אידעען בכלל.

a. פון די פערנונפטיגע אידעען.

b. פון די ניט פערנונפטיגע אידעען.

1. פון די געוועהנליכע אידעען.

2. פון די אידעען, וואס זענען באצויגען מיט גרינעם לעדער.

אט די ווידער ווערען איינגעטיילט אין...

— דאך דאס וועט מען שוין אליין אויסגעפינען.

## קאפיטעל XIV.

מאדאם, האט איהר בכלל אן אידעע וועגען אן אי־דעע? וואס איז אן אידעע? „עס ליגען עטליכע גוטע אידעען אין אט דעם ראק", האט געזאגט מיין שניידער, נאכדעם ווי ער האט ערנסט באטראכט מיין אויבערמאנטעל, וואס שטאמט נאך פון מיינע עלעגאנטע בערלינער טעג, און פון וועלכע עס זאל איצט געמאכט ווערען א שלאף־ראק. מיין וועשערין האט זיך געקלאגט: „דער פאסטאר ס. האט ארייננגעגעבען איהר טאכטער אידעען אין קאפ, און זי איז דורך זיי געווארען נאריש און וויל מעהר ניט קלוג ווערען". דער שמייסער פאטענסען פלעגט ביי יעדער געלעגענהייט אויסשרייען: „אט דאס איז אן אידעע!". נעכטען אבער איז ער געווארען היבש בייז, ווען איך האב איהם געפרעגט, וואס ער שטעלט זיך פאר אונטער דעם ווארט אידעע, און א פארדראסיגער האט ער געברומט: „נו, נו, אן אידעע, איז אן אידעע! אן אידעע איז יעדע דומע זאך, וואס מען רעדט זיך איין". דער הויפראט העערען פון געטינגען האט אויך באנוצט דאס ווארט אלס טיטעל צו א בוך אין דער זעלביגער באדייטונג.

דער שמייסער פאטענסען איז א מאן וואס קען אויף דער גרויסער לינענבורגער סטעפ געפינען דעם וועג, אפילו ביי נאכט און אין נעבעל; דער הויפראט העערען איז א מאן, וואס קען אויך פונקט אזוי אויסגעפינען מיט זיין קלוגען אינסטינקט דעם אלטען וועג פון קאראוואנען אין מזרח לאנד, און שוין זייט יאהרען און טעג וואנדערט ער דארט ארום אזוי זיכער און אזוי געדולדיג, ווי וועלכעס ניט איז קעמעל פון פארצייטענס; אויף אזעלכענע מענשען קען מען זיך פארלאזען, אזעלכענע מענשען מעג מען זיכער נאכגעהן. און דערפאר האב איך מיין בוך א נאמען געגעבען „אי־דעען".

דער טיטעל פונ׳ם בוך, מיינט דערפאר פונקט אזוי ווייניג, ווי דער טיטעל פונ׳ם פערפאסער. ער איז פון איהם אויסגעקליבען געווארען, ניט אויס לומד׳ישען הויכמוט, און דארף דערפאר ניט באצייכענט ווערען אלץ נארישער שטאלץ. איהר מעגט צונעמען מיין אמת׳דיגע פארזיכערונג, מאדאם, אז איך בין ניט קיין פוסטער בעל גאוה. אט די באמערקונג איז נויטיג, ווי איהר וועט דאס זעהן אונטען. איך בין ניט קיין בעל גאוה, און וואלט אויף מיין קאפ געוואקסען א וואלד פון לארבערען, און וואלט זיך איהם פון וויטהרויך אריינגעגאסען אין מיין הארץ — וואלט איך דאך ניט געווארען קיין בעל גאוה. מיינע פריינד און איבעריגע חברים פון רוים און צייט, האבען זיך געטריי געזארגט דערפאר. איהר ווייסט, מאדאם, אז אלטע ווייבער שפייען אן זייערע קינדער, ווען מען לויבט זייער שענקייט, כדי דער לויב זאל ניט שאטען זייער שענקייט. — איהר ווייסט מאדאם ווען אין רוים פלעגט דער טריאומפאטאר דורך קאמפא מארטי, ארייגפאהרען אויף זיין גאלדענעם וואגען, מיט די ווייסע פערד, באקראנצט מיט רוהם, באפוצט מיט פורפור, ווי א גאט ארויסקוקענדיג פון דעם פייערליכען צוג פון ליקטארען, מוזיקאנ־טען, טענצערס, פריסטער, שקלאווען, עלעפאנטען, טראפעענ־טרעגער, קאנסולען, סענאטארען און סאלדאטען, דאמאלט האט דער המון געזונגען הינטער איהם אלערליי שפאט ליעדער — און איהר ווייסט דאך, מאדאם, אז אין ליעבען דייטשלאנד זענען פאראן געניג אלטע ווייבער און געניג המון־עם.

ווי געזאגט, מאדאם, די אידעען, פון וועלכע עס רעדט זיך דא, זענען אזוי ווייט פון די פלאטאנישע, פונקט אזוי ווייט ווי עס איז אטהען פון געטינגען. און איהר דארפט פון דעם בוך ערוואר־טען פונקט אזוי ווייניג גרויסע ערווארטונגען, ווי פון דעם פארפא־סער אליין. און ווירקליך, ווי אט דער פארפאסער האט איבערהויפט ווען עס איז געקענט האבען דערוועקט אזעלכענע ערווארטונגען, דאס איז איהם אליין פונקט אזוי אונבעגרייפליך ווי זיינע פריינד. גרעפין יוליע וויל אט די זאך ערקלעהרען, און זי פארזיכערט, אז ווען דער פארפאסער רעדט אמאל ארויס אמת׳דיג גייסטרייכעס

און אריגינעלעס, אזוי איז דאס בלויז פארשטעלונג פון איהם. און אין אמת'ן איז ער פונקט אזוי נאריש ווי אלע איבעריגע. דאס איז פאלש. איך פארשטעל מיך גאר ניט. איך רעד אזוי ווי מיין שנאבעל איז מיר געוואקסען, איך שרייב אונשולדיג און איינפאך אליץ וואס קומט מיר אויפ'ן זין, און איך בין ניט שולדיג, ווען דאס איז עפּים קלוגעס. אבער אין שרייבען האב איך מעהר גליק ווי אויף דער אלטאנא'ר לאטעריע — איך וואלט וועלען ס'זאל זיין פארקעהרט — און דא קומט אמאל ארוים פון מיין פעדער א הארץ טרעפער, צי א געדאנקענקוואטערנע, און דאס טוט גאט;— ווארום ער דער וואס האלט, אז די פרומסטע פּזמונים זינגער און רעליגיעזע פּאעטען, דארפען ניט האבען קיין שענע געדאנקען, און דארפען ניט באריהמט ווערען אין דער ליטעראטור, כדי זיי זאלען ניט צו פיעל געליבט ווערען פון די נידעריגע מיטבאשעפענישען אויף דער וועלט, ווייל דורך דעם קענען זיי חלילה פאר געסען אן הימעל, וואו די מלאכים האבען פאר זייערטווועגען שוין אנגעגרייט זייערע בכבוד'ע קווארטירען: — ער פלעגט אונז אנדערע פּראפאנע, זינדיגע, אפיקורסישע שריפטשטעלער, פאר וועמען דער הימעל איז אזוי גוט ווי פארשלאסען, בענשען דערפאר מיר זאלען האבען וואס מעהר שענע געדאנקען און וואס מעהר רוהם, און דאס, פשוט אוים בארמהערציגקייט און גענאד פון זיין ליעבען נאמען, כדי די ארימע נשמה, וואס איינמאל איז זי שוין באשאפען געווארען, זאל זי חלילה ניט אויסגעהן אין גאר ניט. און זאל זי וועניגסטענס געניסען א טייל פון יענער פרייד אויף דער ערד, וואס איהר איז פארזאגט דארט אויבען.

זעה: געטהע און די טראקטאטען פארפאסערס.

איהר זעהט אלזא, מאדאם, אז מיינע שריפטען מוזט איהר לייענען. ווארים זיי ווערען באשאפען פון גאטס גענאד און בארמהערציגקייט. איך שרייב אין בלינדען פארטרויען אין זיין אלמעכטינקייט. אין דער הינזיכט בין איך אן אמת'ער קריסטליכער שריפטשטעלער. און גלייך ווי גורביץ וויל איך זאגען, אין דער צייט וואס איך הויב אן אט דעם איצטיגען פעריאד, וויים איך נאך ניט, מיט וואס איך וועל איהם

ענדיגען, און וואס אייגענטליך איך וויל זאגען, און איך פארלאז מיך דערפאר אויף דעם ליעבען גאט. און ווי וואלט איך דען אנ־דערש געקענט שרייבען, ווען ניט אט דער בטחון? אין מיין צי־מער שטעהט איצטער דאס אינגעל פון דער לאנגהאפער׳שער דרו־קעריי און ווארט אויף מיין מאנוסקריפט. דאס נאר וואס געבוירע־נע ווארט וואנדערט ווארים און נאס אין דער פרעס אריין. און דאס וואס איך דענק איצטער און פיהל איצטער קען שוין מארגען מי־טאגצייט זיין מעק־פאפיער.

פאר אייך, מאדאם, איז גרינג צו זאגען אז איך זאל זיך דער־מאנען אן האראצי׳שען כלל: nonum prematur in anamune. אט דער כלל, ווי מאנכע אנדערע פון זיינס גלייכען, קען זיך אין דער טעאריע זיין גאנץ גוט. אבער אין דער פראקטיק טויג ער צו גאר ניט. ווען הארוץ האט דעם מחבר געגעבען דעם באריהמטען כלל, אז ער זאל לאזען ליגען זיין ווערק אין פולט ניין יאהר, האט ער איהם אין דערזעלביגער צייט באדארפט געבען דעם רעצעפט ווי אזוי מען קען ניין יאהר אויסקומען אהן עסען. ווען הארוץ האט אויסגעטראכט אט דעם כלל, איז ער זיך אפשר געזעסען ביי מעצענאס׳עס טיש און געגעסען טרוטהערנער מיט טייגלעך, פאסאנענפודינג מיט ווילדפרעט־זופ. לערכען ריפעלעך מיט טעלטאווער ריבען, פאווע־צונגען, פייגעל־נעסטען און אייז גאט ווייס, וואס מעהר נאך! און אלץ בחנם. אבער מיר, מיר אונגליקליכע שפעטגעבוירענע, מיר לעבען אין אן אנדערער צייט, אונזערע מעצענאטען האבען גאר אנדערע פרינ־פען, זיי גלויבען, אז מחברים און מיספלען גע־ראטען צום בעסטען, ווען זיי ליגען א צייט אין שטרוי, זיי גלויבען אז די הינט, ווען זיי פאשען זיך אן און ווערען צו דיק, טויגען זיי ניט פאר דער יאגד אויף בילדער און געדאנקען— און ווען זיי פאשען שוין אמאל אן אן ארימען הונד, איז ער ערשט ניט דער ריכטיגער, איז ער גראד אזא, וואס פארדינט דאס ברע־קעל ברויט צום ווינציגסטען. ווי למשל דער דאקס, וואס לעקט די האנד, אדער דער קליינער באלאנעזער, וואס ווייס ווי אזוי זיך באקוועם צו מאכען אין דער דופטיגער שויס פון דער הויזדאמע,

אָדער דער געדולדיגער פּודעל, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט א ברויט
וויסענשאפט און קען לויפען עפּיס ברענגען, טאנצען און פּויקען.
— אין דער צייט, וואָס איך שרייב אָט אָ דאָס, שטעהט הינטער
מיר מיין קליינער מאָפּס און בילט. — זיי נאָר שטיל, אָמי, דיך
האָב איך ניט געמיינט. ווארים דו האָסט מיך ליעב, און דו באַ־
לוינסט דיין באַלעבאָס אין יעדער נויט און געפאהר. און וועסט
שטארבען אויף זיין קבר, פּונקט אזוי געטריי, ווי מאנכער אנ־
דערער דייטשער הונט, וואָס, א פארשטויסענער אין דער פרעמד,
ליגט ער פאר דייטשלאנדס טויערען און הונגערט און וויינט —
ענטשולדיגט מאדאם, וואָס איך בין אוועק פון ענין, כדי צו געבען
אַן עהרען־ערקלעהרונג צו מיין הונד. איך וועל צוריק צוקומען
צום האָראַצי'שען כלל און ווי מען קען איהם ניט אָנווענדען אין
ניינצעהנטען יאהרהונדערט, וואו די פּאָעטען קענען זיך ניט באַ־
געהן אָהן דעם פּארטוך סטיפּענדיום פון דער מוזע — Ma foi
Madame! איך וואָלט ניט נאָר קיין נײַן יאָהר, נאָר אפילו
קיין 24 שעה ניט געקענט אויסהאַלטען. מיין מאָגען וויל גאָר ניט
וויסען פון אונשטערבליכקייט. איך אליין האָב זיך אויך איבער־
לייגט, איך וועל בעסער זיין האַלב אונשטערבליך און אין גאַנצען
זאַט. און ווען וואָלטהער האָט געקענט אוועקגעבען גאַנצע דריי
הונדערט יאָהר פון זיין אייביגען רוהם נאָכ'ן טויט, פאַר א גוטער
פאַרדייאונג פון עסען, אזוי באַט איך אַן דאָס טאָפּעלטע פאר דעם
עסען אליין. אַך! און וואָס פאַר א שען, בליהענדיג עסען עס איז
פאַראַן אויף אָט דער וועלט! דער פילאָזאָף פּאַנגלאָס האָט רעכט:
דאָס איז די בעסטע וועלט! אָבער אין אָט דער בעסטער וועלט מוז
מען האָבען געלד. געלד אין טאַש און ניט מאַנוסקריפּטען אין
פּולט. הער מאַר, דער ווירט פון „קעניג פון ענגלאַנד“, איז אליין אַ
שריפטשטעלער, און ער וויים מסתמא אויך פון'ם האָראַצישען
כלל, אבער איך גלויב ניט, אַז ער וואָלט מיר, ווען איך זאָל
פאָלגען דעם כלל, געגעבען ניין יאָהר צו עסען.

און אויף צו אמת'ן, פאַרוואָס זאָל איך עס טוען? איך האָב
פון'ם גוטען אזוי פיעל צו שרייבען, אַז איך דאַרף גאָר ניט קיין
לאַנגע עסקים, אזוי לאַנג ווי מיין האַרץ איז פול מיט ליעבע

און דער קאפּ פון מיינע מיטמענשען איז פול מיט נאַרישקייט, וועט מיר קיינמאָל ניט פעהלען קיין שטאָף צום שרייבען. און מיין הארץ וועט אלעמאָל ליעב האבען, אזוי לאנג ווי עס וועלען נאַר זיין פרויען; וועט עס ווערען קאלט צו איינער, וועט עס באלד צו־גליהט ווערען צו א צווייטער. און פונקט ווי אין פראנקרייך שטארבט קיינמאָל ניט דער קעניג, אזוי שטארבט אויך אין מיין הארצען קיינמאָל ניט די קעניגין, און עס גילט דאָ: **La raine ast morte, vive la reine.** און אויף אן עהנליכען אופן וועט אויך די נארישקייט פון מיינע מיטמענשען קיינמאָל ניט אויס־שטארבען. ווארים עס איז פאראן איין באשטימטע קלוגקייט, און זי האט איהר באשטימטע גרעניצען; עס זענען אבער פאראן טויזענד פארשיעדענערליי נארישקייטען. דער געלעהרנטער קאַסו־איסט און נשמה פארזארגער שופּ זאָגט זאָגאר: „אין דער וועלט זענען פאראן מעהר נאראָנים ווי מענשען—“.

זעה: שופּפּי, לעהררייכע שריפטען ז. 1121.

און האָט מען אין זינען, אז דער גרויסער שופּפּיוס האָט געוואוינט אין האמבורג, געפינט מען אויס אז אָט די סטאטיסטישע אנגאבע איז גאַר ניט איבערגעטריבען. איך געפין זיך אין דעם זעלביגען אָרט, און קען זאָ־גען, אז מיר ווערט אמת׳דיג גוט אויפ׳ן הארצען, ווען איך באטראכט, אז אָט די אלע נאראָנים וואס איך זעה דא, קען איך באַ־נוצען אין מיינע שריפטען. זיי זענען מזומנ׳ער האנאראר. מזומן געלד. איך בין איצט אין די פעדערן. גאָט האָט מיך געבענשט. די נאראָנים האבען היינטיגען יאהר באזונדערס געראָטען, און ווי א גוטער באלעבאָס, פארצעהר איך בלויז אביסעל פון זיי און זוך מיר אויס די בעסטע און באהאלט זיי מיר פאר דער צוקונפט. מען זעהט מיך אָפט אויף דער פּראָמענאדע און מען זעהט מיך לוסטיג און פרעהליך ווי א רייכען סוחר, וואס דרעהט זיך ארום צווישען זיינע קאסטענעס, פעסער און באלען אין זיין סחורה מאגאזין, און רייבט זיך די הענד פון הנאה, אזוי דרעה איך זיך ארום צווישען מיינע לייט. איהר זענט אלע מיינע! איהר זענט מיר אלע אלץ איינס טייער, און איך האב אייך ליעב, ווי איהר האט ליעב אייער געלד.

און דאָס מײנט אַ סך. איך האָב געמוזט האַרציג לאַכען, װען איך האָב דאָ נישט לאַנג געהערט, װי אײנער פון מײנע לײט האָט זיך מיט זאָרג אױסגעדריקט, אַז ער װײס ניט פון װאָס איך װעל שפּעטער לעבען — און דאָך איז ער אַלײן אַזאַ קאַפּיטאַלער נאַר, אַז פון איהם װאָלט איך געקענט לעבען װי פון אַ גרױסען קאַפּי־טאַל. ס'זענען אױך פאַראַנען נאַראָנים װאָס זענען פאַר מיר ניט גאָר מזומן געלד, נאָר נאָך מעהר דאָס מזומן װאָס איך װעל פון זײ אַמאָל אַרױסשלאָגען, האָב איך אַפילו שױן באַשטימט פאַר אַ געװיסען צװעק. אַזױ למשל פאַר אַ געװיסען גוט געבעטען, דיקען מיליאָן־נאַר, װעל איך מיר קױפען אַ געװיסען גוט אױסגעבעטען שטול, װעלכען די פראַנצױזינס רופען אַן **Chais percèe** פאַר זײן דיקער מיליאָן־נאַרין װעל איך מיר קױפען אַ פערד. און זעה איך אַמאָל אָט דעם דיקען — אַ קעמעל װעט גיכער אַנקומען אין גן־עדן, אײדער דער דאָזיגער װעט דורכקריכען דורך דעם לאָך פון אַ נאָדעל — זעה איך איהם אַמאָל אַנקומען אױף דער פּראָמענאַדע, אַזױ װערט מיר װאונדערליך גוט אױפ'ן האַרצען: כאָטש מיר קענען זיך גאָר ניט, גריס איך איהם דאָך ניט װילענ־דיג, און ער גריסט מיך צוריק אַזױ האַרציג, אַזױ אײנלאַדענ־דיג, אַז איך װאָלט אױפ'ן שטעל שױן געקענט אױסנוצען זײן גוטסקײט. און דאָך פאַל איך אַרײן אין אַ פאַרלעגענהײט צוליעב די פיעל אױסגעפּוצטע מענשען, װאָס שפּאַציערען גראָד פאַרבײ. זײן פרוי איז גאָר ניט קײן שלעכטע פרוי — זי האָט אַפילו נאָר אײן אײנציג אױג, נאָר דערפאַר איז דאָס דאָזיגע אױג נאָך גריי־נער. איהר נאָז איז װי דער טורעם װאָס קוקט אױף דמשק, איהר בוזים איז אַזױ גרױס װי דער ים, און עס פלאַטערען אױף איהם אַלערלײ בענדער, װי די פאָהנען אױף די שיפען, װעלכע זענען אָנגעלאָפען אױף דעם דאָזיגען ים־בוזים — פון בלױזען קוקען אױף איהם קריגט מען שױן די ים־קראַנקהײט — איהר נאַקען איז גאָר שען און פעט געװעלבט װי אַ — דאָס פאַרגלײכענדיגע בילד גע־פינט זיך אַביסעל טיעפער אונטען — און אױף דער פײלכען — בלױער גאַרדין, װאָס באַדעקט אָט דאָס פאַרגלײכענדע בילד, האָבען אודאי טױזענדער װערעמליך געשפּינט זײער גאַנצען לעבען.

זעהט איהר, מאדאם, וואס פאר א פערד איך וועל מיר איינ־קויפען? באגעגען איך אט די פרוי אויפ'ן שפאציער, אזוי ווערט מיר פשוט ווארים אויפ'ן הארצען. מיר דאכט, ווי איך וואלט שוין געקענט זיך אויפזועצען, איך קנאק מיט דער בייטש, איך שנעל מיט די פינגער, איך שנאלץ מיט דער צונג, און מאך מיט די פיס אלערליי רייטער־באוועגונגען — האפ! האפ! — בור! בור! און די גוטע פרוי קוקט מיך אן מיט אזוי פיעל נשמה, מיט אזא טיע־פען פארשטענדעניש, זי הירזשעט מיט'ן אויג, זי שפרייט פאר־אנאנדער די נאז־לעכער, זי קאקעטירט מיט דער גריווע, זי גאלא־פירט, הויבט פלוצלינג אן צו געהן פאמעליך — און איך שטעה דאמאלט מיט פארלעגטע ארעמס, קוק איהר נאך מיט פארגעניגען, און איך לעג זיך איבער, ווי אזוי עס וואלט בעסער זיין אויף איהר אויפצורייטען. צי זאל איך איהר פארשאפען אן ענגלישען זאטעל, צי א פוילישען — א. אז. וו. — מענשען, וואס זעהן מיך דא־מאלט אזוי שטעהן, הויבען ניט אן צו באגרייפען, וואס מיר געפעלט אזוי ביי דער דאזיגער פרוי. רכילות טרייבער האבען אפילו שוין געוואלט באומרוהיגען איהר מאן און איהם געגעבען אנ־צוהערען, אז איך קוק אויף זיין שענערער העלפט מיט אויגען פון א ממזר. נאר מיין עהרליכע, ווייך־לעדערנע Chais percèe זאל האבען געענטפערט, אז ער האלט מיך פאר אן אומשולדיגען זאגאר אביסעל שעמעוודיגען יונגען מאן, וואס קוקט זיך צו איהם צו מיט א געוויסען אינטערעס, וואס וואלט זיך וועלען נעהענטער מיט איהם פארבינדען, נאר עפיס א רויטעלדיגע שעמעוודיגקייט האלט איהם אפ דערפון. פארקעהרט, מיין עדעל פערד מיינט, אז איך האב גראד א פרייען, ניט געצוואונגענעם געמיט פון א רי־טער, און מיין באגריסונג און מיין העפליכקייט ווייזען נאר, אז איך וואלט וועלען מען זאל מיך אמאל פארבעטען צו זיי אויף א מיטאג.

איהר זעהט, מאדאם, איך קען אויסניצען אלע מענשען, און דער אדרעס־קאלענדאר איז אייגענטליך מיין הויז־פארמעגען. איך קען דערפאר קיינמאל אויך ניט ווערען באנקראט, ווארים מיינע בעלי־חובות אליין וואלט איך געקענט פארוואנדלען אין א קוואל פון הכנסה. א חוץ דעם לעב איך, ווי שוין געזאגט, זעהר עקאנא־

מיש, שוין אביסעל צופיעל עקאנאמיש. אזוי למשל, ווען איך שרייב אט א דאס, זיץ איך אין א פינסטערער באטריבטער שטוב אויף דער אומעט־גאס. נאר מיך ארט דאס ניט. ווארים זאל איך נאר ווען וועלען, וואלט איך דאך געקענט זיצען אין דעם שענסטען גארטען, פונקט ווי מיינע פריינד און מיינע באאקנטע; איך וואלט נאר באדארפט רעאליזירען מיינע שנאפס־קליענטען, אט די לעצטע, מאדאם, באשטעהען פון פארדארבענע פריזערען, פאראריםטע שדכנים, רעסטאראטארען, וואס האבען שוין אליין ניט וואס צו עסען. דאס זענען אלץ אזעלכענע קבצנים, וואס ווייסען שוין ווי אזוי צו טרעפען צו מיין וואוינונג, און פאר א גוטען טרינק־געלד, קענען זיי מיר דערצעהלען די סקאנדאליעזע כראניקען פון זייערע קווארטאלען — מאדאם, איהר זוואונדערט אייך, וואס איך ווארף ניט ארוים אט די לייט איינמאל פאר אלעמאל הינטער מיין טיר?
— וואס רעדט איהר, מאדאם! אט די לייט זענען מיינע בלומען. איך וועל זיי אמאל באשרייבען אין א שענעם בוך, וואס פאר זיין האנאראר וועל איך מיר קויפען א גארטען. און מיט זייערע רויטע, געלע, בלויע, און פארשידענפארביג־געשפרענקעלטע געשיכטען, קומען זיי מיר שוין איצט פאר, ווי די בלומען פון יענעם גארטען. וואס ארט עס מיך, ווען פרעמדע נעזער באהויפטען, אז די דאזיגע בלומען שמעקען מיט קימעל, טאבאק, קעז און עברות! מיין אייגענע נאז, דער קוימען פון מיין קאפ, אין וועלכען די פאנטאזיע קלעטערט ארויף און אראפ ווי א קוימענקעהרער, פארזיכערט אדרבא, אז זי דערשמעקט פון יענע מענשען נאר דעם ריח פון רויזען, יאסמינען, פיילעכלעך, נעלקען, פיאלקען, אי, ווי באקוועם וועל איך מיר אמאל אין א שענעם אין דער פריה זיצען אין מיין גארטען, און זיך צוהערען צו דעם געזאנג פון די פייגעל, און ווארעמען די גליעדער אקעגען דער ליעבער זון, און ארייננאטעמען דעם פרישען הויך פון גרינס, און קוקענדיג אויף די בלומען, וועל איך זיך דערמאנען אן די אלע קבצנים.
דערווייל אבער זיץ איך נאך אויף דער אומעט־גאס, אין מיין פינסטערען צימער און באניג זיך דערמיט וואס איך הענג אויף אין מיטען דעם זעלביגען צימער דעם גרעסטען אבסקוראנט פון

לאנד — **Mais, y verrez - vous plus elair alors?**
אזוי, ווייזט אויס, מאדאם! — דאך פארשטעהט מיך ניט פאלש.
ניט דעם מענשען אליין הענג איך אויף, נאר דעם קריסטאלענעם
לאמפ, וואס איך וועל קויפען פאר דעם האנאראר, וואס איך וועל
קריגען פאר דעם, וואס איך וועל איהם באשרייבען. דערוויל אבער
רעכען איך, אז עס וואלט געוועזן פיעל בעסער, ווען אין גאנצען לאנד
וואלט פלוצלינג העל געווארען, ווען מען זאל די אבסקוראנטען אויף
צו'ן אמת'ן אויפהעננגען. נאר קען מען די דאזיגע לייט ניט אויפ־
העננגען, אזוי מוז מען זיי כאטש שטעמפלען מיט א צוגליהטען
אייזען. איך מיין דאס ווידער בדרך מליצה. איך שטעמ־
פעל נאר אין דער פארשטעלונג. נאטירליך הער פאן וויים —
ער איז וויים און ניט באפלעקט ווי א ליליע — האט זיך געלאזט
וויים מאכען, ווען איך וואלט דערצעהלט אין בערלין, אז ער איז
ווירקליך א געבראנדמארקטער; דער דאזיגער נאר האט זיך דער־
פאר געלאזט באקוקען פון דער בעהערדע און בעקומען א צייגע־
ניש, אז אויף זיין רוקען איז ניט אנגעשטעמפעלט קיין הערב. אין
דעם דאזיגען נעגאטיווען הערב־שיין, באטראכט ער ווי א דיפלאם,
וואס דארף איהם געבען א צוטריט צו דער העכסטער געזעלשאפט,
און ער וואונדערט זיך ווען מען ווארפט איהם דאך ארויס, און איצט
שיט ער אויס אלע קללות און חרמות אויף מיין ארימען קאפ, און
וויל מיך אויף טויט דערשיסען מיט אן אנגעלאדענעם פיסטויל,
וואו ער וועט מיך נאר טרעפען — און וואס דענקט איהר, מאדאם,
וועל איך טוען דערצו? פאר דעם דאזיגען נאר, דאס הייסט, פאר
דעם האנאראר, וואס איך וועל פון איהם ארויסשרייבען, וועל איך
מיר קויפען א פאס גוטען רידעסהיימער רהיין־וויין. איך זאג דאס
אייך, כדי איהר זאלט ניט טראכטען, אז וויל איך פרעה זיך מיט
זיין אומגליק, זעה איך אויס אזוי לוסטיג, ווען איך באגעגען דעם
הער פאן וויים אויף דער גאס. ווירקליך, מאדאם, איך זעה
אין איהם נאר מיין ליעבען רידעסהיימער; ווי נאר איך דערזעה
איהם, אזוי ווערט מיר פרעהליך און גוט אויפ'ן הארצען, און ניט
ווילענדיג הויב איך אן צו זינגען: „ביים רהיין, ביים רהיין, דארט
וואקסען אונזערע וויינטרויבען" — „דאס איז דאך אזא כשוף־

בילד" — „אוי, ווייסע דאמע — —" מײן רידעסהײמער קוקט דעמאָלט אויס אַזוי זויער, אַז מען קען מיינען אַז ער איז הוילע גיפט און גאָל — נאָר איך פאַרזיכער אײך, מאַדאַם, אַז ער איז פון די אמת'ע פּרות; און געפינט זיך אפילו אויף איהם ניט דער הערב, דאָך וועט דער קענער ווײסען ווי אַזוי עס אָפּצושאַצען. איך וועל פון אָט דעם פּעסעל צאַפּען מיט שמחה, און אויב עס וועט געהען אביסעל צו שטאַרק, און ס'וועט וועלען פּלאַצען אויף אַ געפעהר־ליכען אופן, אַזוי וועט עס צוליעב דעם געזעץ, פאַרפעסטיגט ווערען מיט עטליכע אײזערנע רײפען.

איהר זעהט אַלזאָ, מאַדאַם, פאַר מיר דאַרפט איהר זיך ניט זאָרגען. איך קען זיך צוקוקען רוהיג צו אַלץ אין דער וועלט. גאָט האָט מיך געבענשט מיט ערדישע גיטער, און האָט ער מיר דעם ווײן ניט צוגעשטעלט גאַנץ באַקוועם אין קעלער אַרײן, דערפאַר לאָזט ער מיך אַרבײטען אין זײן ווײנגאָרטען. איך דאַרף די ווײנ־טרויבען נאָר שנײדען, קעלטערן, פּרעסען, און איך האָב מיר דאַ־מאָלט גאָט'ס קלאָרע מתנה; און פליהען מיר די געבראָטענע טוי־בען ניט גלײך אין מויל אַרײן, נאָר זײ לויפען מיר געוועהנליך אַקעגען, רויה, און אָהן טעם, אַזוי ווײס איך דאָך ווי אַזוי זײ אַרומצודרעהען אויפ'ן שפּיז, ווי דערנאָך זײ פּאַמעליך אַרום אַ קלײנעם פײער צו בראָטען און צו פּעפּערן אַזוי לאַנג, ביז זײ ווע־רען קרוכלע, און געשמאַק צום עסען. איהר וועט זעהן, מאַ־דאַם, ווי איהר וועט הנאה האָבען, ווען איך וועל אַמאָל מאַכען אַ גרויסען מאָלצײט. מאַדאַם, איהר וועט מוזען לויבען מײן קאָכען. איהר וועט מוזען מודה זײן, אַז איך קען אויפנעמען מײנע סאַטראַ־פּען מיט אַזאַ פּאָמפּ, ווי פאַרצײטענס דער גרויסער קיניג אחשורוש, וואָס האָט געקיניגט פון הודו ביז קוש איבער הונדערט און פינף און צוואַנציג מדינות. איך וועל לאָזען אָנשעכטען גאַנצע העקאַטאָמבען מיט נאַראָנים. יענער גרויסער פילאָשנאַפּס, וואָס סטאַרעט זיך, ווי פאַרצײטענס יופּיטער, באַ־ריהמט צו ווערען אין אײראָפּאַ אין דער געשטאַלט פון אַן אָקס, וועט מיר צושטעלען דעם אָקסענבראָטען; אַ טרויעריגער טרויער שפּיעל־דיכטער, וואָס האָט אונז געוויזען אויף די ברעטער, וועלכע

האבען געזאלט פארשטעלען א טרויעריג פערזיען, א טרויעריגען אלכסנדר, אין וועמענס בילדונג קיין אריסטאטעלס האט זיך ניט באטייליגט, אט דער וועט פאר מיין טיש צושטעלען אן אויסגעצייכענטען חזיר־קאפ, ווי דער שטייגער זוויער־זים, שמייכלעדיג מיט א רעפטעל ציטרין אין מויל, און באדעקט מיט לארבער־בלעטער, א דאנק דער קעכין, וואס פארשטעהט גוט די קונץ; דער זינגער פון די קרעלען־ליפען, שוואנען־העלזער, שפרינגענדיגע שנעע־בערגעלעך, זאכעלעך, מיידעלעך, קישעלעך און אסעסארלעך, דאס מיין איך דעם הערן קלאורען, אדער ווי די פרומע בערנאדינערינס אויף דער פרידריכשטראסע רופען איהם: „פאטער קלאורען! אונזער קלאורען!“ אט דער אמת׳ר וועט מיר צושטעלען יענע אלע מאכלים, וואס ער ווייס אזוי פיין צו באשרייבען אין זיין יעהרליכען טאשענבארדעלכעל, מיט דער פאנטאזיע פון א קאמער־יונגפרוי, א נאשעריין. און ער גיט אונז נאך צו אן עקסטרא־שיסעלע מיט א סעלערי־געמיזעלע, „פון וועלכען א מענשען קען דאס הערצעל פון ליעבע אויפציטערען“. — א קלוגע דארע הויפדאמע, וואס נאר דעם קאפ פון איהר קען מען עסען, וועט אונז צושטעלען אן אנדער מין מאכל, און דאס איז דעם שפארגעל: עס וועט אויך ניט פעהלען קיין געטינגנער ווארשט, האמבורג גערויכערטע פליישען, פאמערשע גענזענע־ברוסט, אקסענע צונגען, געדעמפטע קאלבס־געהירן, הינדסוויל, שטאקפיש, און אלערליי סארטען איינגעמאכץ, בערלינער פאנקוכענס, וויענער טארטען, קאנפיטורען.

מאדאם! שוין פון בלויזען טראכטען האב איך מיר קאליע געמאכט דעם מאגען. כאפט דער טייוועל אט די אלע פרעסערייען. קיין סך קען איך ניט פארטראגען. איך האב א שלעכטען מאגען. דער חזיר־קאפ ווירקט אויף מיר ווי אויף דעם גאנצען דייטשען פובליקום — איך מוז באלד פארבייסען מיט א ווילליבאלד־אלעקסיס־סאלאט, וואס רייניגט — אוי! דער אומגליקליכער חזיר־קאפ, מיט דעם נאך אומגליקליכערען סאס, וואס שמעקט ניט גריכיש, ניט פערסיש, נאר ווי טעע מיט גרינעם זייף — רופט מיר מיין דיקען מיליאנ־נאר!

# קאפיטעל XV.

מאדאם, איך באמערק א לייכטען וואלקען פון אומעט אויף
אייער שענעם שטערן, און מיר ווייזט אוים, ווי איהר וואלט פרע־
גען, צי איז ניט קיין אומרעכט, דאס וואס איך באגעה זיך אזוי מיט
די נאראנים. איך שטעק זיי ארויף אויף שפיזען, צוהאק זיי, בא־
שמיר זיי מיט פעטס, און א סך פון זיי שעכט איך זאגאר, כאטש
איך נעם זיי ניט אין מויל אריין. און איצט זענען זיי א רויב פאר
די שארפע שנאבלען פון די שפאס־פייגעל, אין דער צייט וואס
די אלמנות און די יתומים וויינען און קלאגען. —

**Madame! c'èst la guerra!** איך וועל איצט אויפדעקען
דאס גאנצע רעטעניש: איך אליין בין אפילו ניט פון די קלוגע,
איך בין אבער צוגעשטאנען צו דער דאזיגער פארטיי, און זינט
5588 יאהר האלטען מיר מלחמה מיט די נאראנים. די נאראנים זא־
גען, אז מיר באליידיגען זיי, און זיי באהויפטען אז אויף דער וועלט
איז פאראן בלויז איין מעסטעל קלוגשאפט, און אז די קלוגע הא־
בען, איין גאט ווייס ווי אזוי, אט דאס גאנצע מעסטעל צוגעכאפט
פאר זיך. און עס איז פשוט געוואלד צו שרייען, ווי אזוי איין מענש
כאפט אפט צו פאר זיך אזוי פיעל קלוגקייט, אז זיינע מיטבירגער
און דאס גאנצע לאנד ארום איהם זענען אין גאנצען פאחנארישט
געווארען. אט דאס איז די געהיימע סבה פון דער מלחמה. און די
מלחמה איז פשוט אויף לעבען און טויט. די קלוגע, ווי געוועהנליך,
ווייזען זיך ארוים פאר די רוהיגסטע, מעסיגסטע און קלוגסטע. זיי
זיצען שטארק באפעסטיגט אין זייערע אלטע אריסטאטעל'שע
ווערק, האבען א סך קאנאנען און אויך גענוג מוניציע, ווארים זיי
אליין האבען דאך ערפונדען דעם פולווער, און פון צייט צו צייט
ווארפען זיי גוט געציעלטע באמבעס אין דער מחנה פון זייערע
שונאים. נאר ליידער זענען די שונאים צופיעל, און זייער געשריי
איז גרוים, און טאג־טעגליך מאכען זיי אז צרות; ווארים יעדע

נארישקייט איז ווירקליך א צרה פאר דעם קלוגען. זייערע מלחמה־ליסטען זענען זעהר אפט ביטרע צוזאמענגעשטעלט. איינינע פיה־רערס פון דער גרויסער ארמעע היטען זיך אפילו צוצוגעבען די געהיימע סבה פון דער מלחמה. זיי האבען געהערט, אז א באקאנ־טער פאלשער מענש, וואס איז אזוי ווייט דערגאנגען אין זיינע פאלשקייטען, אז ער האט אפילו אנגעשריבען פאלשע מעמוארען, דאס איז נעמליך, פושע, האט זיך געהאט אויסגעדריקט : les pa-roles sont faites pour cacher nos pensees. און איצטער רעדען זיי א סך, כדי צו באהאלטען, אז זיי האבען בכלל ניט קיין גע־דאנקען און זיי האלטען לאנגע רעדען. און שרייבען דיקע ביכער, און ווען מען הערט זיי רעדען, האלטען זיי נאר אין איין לויבען די קוואל פון די געדאנקען, וואס נאר זי אליין איז בכח צו מאכען גליקליך, דאס הייסט די פארנונפט, און ווען מען זעהט זיי נאר, האבען זיי אלץ צו טאן מיט מאטעמאטיק, לאגיק, סטאטיסטיק, מא־שינען־פארבעסערונג, בירגער־גייסט, שטאלפאשע א. אז. וו. — און אזוי ווי דער אף ווערט אלץ לעבערליכער, וואס מעהר ער וויל אלץ זיין עהנליכער צו מענשען, אזוי ווערען אויך יענע נאראנים אלץ לעבערליכער, וואס קליגער זיי פיהרען זיך אויף. אנדערע אנפיה־רער פון דער גרויסער ארמעע זענען אפענהערציג. און זענען זיך מודה, אז זייער חלק קלוגשאפט איז גראד זעהר א קליינער. און ס'קען זיין אז זיי האבען פון דער קלוגשאפט גאר ניט באקומען. און פון דעסטוועגען הערען זיי ניט אויף צו פארזיכערען, אז די קלוג־שאפט איז זעהר זויער און אין אמת'ן האט זי גאר ניט אזא גרוי־סען ווערט. דאס קען זיך אפשר זיין אמת, אבער אומגליקליכער־ווייז האבען זיי אפילו ניט אויף אזוי פיעל פארשטאנד, וויפיעל מען דארף האבען כדי דאס צו באווייזען. דערפאר כאפען זיי זיך אן אין פארשיעדענערליי מיטלען. זיי געפינען אוים אין זיך נייע כחות, און ערקלעהרען, אז אט די כחות זענען פונקט אזוי ווירק־זאם, ווי די קלוגשאפט, יא, אין געוויסע נויטפאלען נאך ווירקזא־מער, אזוי א שטייגער דאס געמיט, דער גלויבען, די אינספירא־ציע, א. אז. וו. און זיי טרייסטען זיך מיט די דאזיגע סוראגאטען פון דער קלוגשאפט, מיט דער דאזיגער ציבעלע קלוגשאפט. מיך

אַרימע מענטשן האָבן זיי גאָר באַזונדערס פֿײַנט, וואָרום זיי באַ־
הויפּטן, אַז אייגנטלעך בין איך געווען איינער פֿון די זייעריקע,
אַז איך בין אַ פֿאַררעטער, אַן איבערלויפֿער, וואָס האָט צוריסן די
הייליקסטע בענדער. איצטער בין איך אפֿילו אַ שפּיאָן וואָס פֿאַרשט
אויס בגנבה, וואָס זיי, די נאַראָנים טוען, כדי זיי שפּעטער אַרויס־
צושטעלן לעכערלעך פֿאַר זייערע נײַע חברים, און איך בין אַזוי
נאַריש אַז איך זעה אפֿילו ניט איין, אַז די זעלביקע חברים לאַכן
אין דער זעלביקער צײַט פֿון מיר אַליין און וועלן מיך קיינמאָל
ניט האַלטן פֿאַר זייערס גלײַכן — מיט דעם זענען די נאַראָנים
פֿאַלשטענדיק גערעכט.

עס איז אמת, יענע האַלטן מיך ניט פֿאַר זייערס גלײַכן. און
ווען איך זעה ניט, לאַכן זיי פֿון מיר אין די פֿויסטן. איך ווייס
דאָס גאַנץ גוט, נאָר איך מאַך זיך ניט וויסענדיק. מײַן האַרץ בלו־
טיגט דאָך אין מיר, און ווען איך בין אַליין אין דער היים רינען
דאַרויף אַראָפּ מײַנע טרערן. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז מײַן שטע־
לונג איז ניט נאַטירלעך; אַלץ וואָס איך טו איז פֿאַר די קלוגע
אַ נאַרישקייט און פֿאַר די נאַראָנים אַ שרעק. זיי האַסן מיך און
איך פֿיהל ווי אמת עס איז דאָס ווערטל: „שטיין איז שווער און
זאַמד איז אַ לאַסט, אָבער דער צאָרן פֿון נאַראָנים איז שווערער
פֿאַר זיי ביידען". און ניט אומזיסט האָבן זיי מיך פֿײַנט. עס איז
דער ריינער אמת, אַז איך האָב צוריסן די הייליקסטע בענדער.
צוליעב גאָט און דער גערעכטיגקייט האָב איך געווען באַדאַרפֿט
לעבן און שטאַרבן צווישן די נאַראָנים. און אוי! מיר וואָלט
דאָך צווישן אָט די מענטשן געווען אַזוי גוט! ווען איך זאָל וועַ־
לען זיך אומקעהרען צו זיי, וואָלטן זיי מיך נאָך אַלץ אויפֿגע־
נומען מיט אָפֿענע אָרעמס. זיי וואָלטן מיר אַרײַנגעקוקט אין די
אויגען און געזוכט מיט וואָס זיי זאָלן מיר קענען דערווייזן עפּיס
גוטס. זיי וואָלטן מיך יעדן טאָג פֿאַרבעטן צום טיש און יעדן
אָבענד וואָלטן זיי מיך מיטגענומען אין זייערע טעע־געזעלשאַפֿ־
טען און קלובען. און איך וואָלט מיר געקענט שפּיעלען מיט זיי
ווהיסט, רויכערן טאַבאַק, און רעדען פֿון פּאָליטיק. און וואָלט איך
דערבײַ געגענעצט, וואָלט מען געזאָגט הינטער מײַן רוקען: וואָס

פאַר אַ שען געמיט! אַ נשמה פול מיט גלויבען! — ערלויבט מיר, מאַדאַם, מקריב צו זיין אַ טרעהר פון ריהרונג — אַך! און איך וואָלט מיט זיי געטרונקען פונש, ביז עס וואָלט אַנגעקומען די אמת׳ע אינספּיראַציע, און דאַמאָלט וואָלטען זיי מיך אהיים גע־טראַגען אויף אַ טראַג־שטול, געשראָקען זיך, טאָמיר פּאַרקיהל איך זיך חלילה, און איינער וואָלט מיר שנעל דערלאַנגט די פּאַנ־טאָפעל, אַ צווייטער — דעם זיידענעם שלאָף־ראָק, אַ דריטער — די ווייסע שלאָף־מיץ, און דאַמאָלט וואָלטען זיי מיך געמאַכט פאַר אַ פּראָפעסאָר עקסטראַ־אָרדינאַריום, אָדער פאַר פּרעזידענט אין אַ מיסיאָנערישער געזעלשאַפט, אָדער פאַר אַן אויבערקאַלקולאַטאָר, אָדער פאַר אַ דירעקטאָר פון רוימישע אויסגראָבונגען, — וואָרים איך וואָלט דאָך ווירקליך געווען אַ מענש, ועמען מען קען אויסני־צען אין אַלע פאַכען. וואָרים איך קען אַזוי גוט אונטערשיידען די לאַטייני שע דעקלינאַציאָנען פון די קאָניוגאַציאָנען. און מיר קען מען ניט אַזוי לייכט ווי אַנדערע מענשען אונטערריקען אַ שטיוועל פון אַ פּרייסישען פּאָסטאַליאָן, פאַר אַן עטרוסקעשער וואַזע. מיין געמיט, מיין גלויבען, מיין אינספּיראַציע, וואָלטען נאָך אַ חוץ דעם געקענט פּועל׳ן זעהר פיעל גוטס אין די תפלה־שטונדען, און דאָס טאַקי פאַר מיר אַליין; היינט מיין גאָר אויסגעצייכענטער פּאָעטישער טאַלענט, וואָלט מיר געקענט פאַרשאַפען פיעל גוטס ביי הויכע געבורטס־טעג און פאַרלאָבונגען. און עס וואָלט אויך גאָר ניט שלעכט געווען צו באַזינגען אין אַ נאַציאָנאַלען עפּאָס, אַט יענע אַלע העלדען וועגען וועמען מיר ווייסען גאַנץ באַשטימט, אַז פון זייערע פאַרפוילטע קערפּערס זענען געקראָכען ווערים, וואָס האָבען זיך אויסגעגעבען פאַר זייערע יורשים.

אַנדערע לייט וואָס זענען ניט קיין געבוירענע נאַראָנים און זענען אַמאָל געווען באַגאַבט מיט שכל, זענען צוליעב אַזעלכענע גליקען איבערגעגאַנגען צו די נאַראָנים. זיי טוען ניט אַ האַנד אין קאַלטען וואַסער און לעבען ביי זיי אַ גליקליך לעבען. די נאַריש־קייטען, וואָס לכתחילה איז זיי אַנגעקומען זעהר שווער זיי אָנצור־נעמען, זענען איצטער שוין פאַר זיי אַ צווייטע נאַטור. יאָ, מען דאַרף זיי איצטער שוין ניט באַטראַכטען ווי צבועק׳עס, נאָר ווי

אמת'ע מאמינים. איינער פון אט די לייט, וואס אין זיין קאפ איז נאך ניט געווארען קיין גאנצע לקוי־חמה, האט מיך זעהר ליעב, און דא ניט לאנג צוריק, ווען איך בין ביי איהם געווען איינער אליין, האט ער פארשלאסען די טירען און געזאגט צו מיר מיט אן ערענס־טען קול: „אוי, נאר איינער, דו שפיעלסט די ראל פון א קלוגען, און דאך האסטו אפילו ניט אזוי פיעל שכל ווי א נפל'ע אין זיין מאמעס בויך. צי ווייסטו דען ניט, אז די קארפען קעפ פון די מלוכה דערהויבען נאר דעם יעניגען, וואס דערנידעריגט זיך אליין, און האלט זייער בלוט פאר בעסער ווי דאס זייניגע, און צום סוף נעמסטו און רייסט זיך גאר איין מיט די פרומע פון לאנד? איז דיר דאס טאקי אזוי שווער צו פארגלאצען די גנאד־זעליגע אויגען, צו פארשטעקען די גלויביג־פארלייגטע הענד אין די ארבעל פון מאנטעל, צו לאזען אראפהענגען דעם קאפ ווי גאטס א לעמעלע, און צו האלטען אין איין שעפטשען אויף אויסענווייניג אויסגע־לערנטע פסוקים פון דער ביבעל! גלויב מיר, פאר דיין גאט־לא־זיגקייט וועט דיר קיין הויך־ערלויכטע פערזאן ניט באצאהלען. די מענשען פון ליעבע וועלען דיך האסען, בארעדען, און פארפאלגען און דו וועסט קיין קאריערע ניט מאכען, ניט אין הימעל און ניט אויף דער ערד!"

אי, דאס אלץ איז אמת! נאר איך בין שוין אזא אומגליקלי־כער מענש און האב אזוי ליידענשאפטליך ליעב די פערנונפט! איך האב זי ליעב כאטש זי באגליקט מיך ניט מיט געגען־ליעבע. איך גיב איהר אלצדינג, און זי גיט מיר גאר ניט. איך קען זיך פון איהר ניט שיידען, און אזוי ווי דער אידישער קעניג שלמה האט אמאל אין זיין שיר־השירים באזונגען די קריסטליכע קירך, און גראד אין דער געשטאלט פון א מיידעל, וואס גליהט מיט ליעבע, כדי זיינע אידען זאלען דאס ניט באמערקען: אזוי האב איך אויך אין אהן א שיעור ליעדער באזונגען פונקט דעם היפך, דאס הייסט די פערנונפט, און דוקא אין דער געשטאלט פון א ווייסער קאלטער יונגפרוי, וואס ציהט מיך צו און שטויסט מיך אפ. אט שמייכעלט זי צו מיר, און אט בייזערט זי זיך, און צום סוף קעהרט זי זיך אין גאנצען אפ פון מיר. אט דעם סוד פון מיין אומגליקליכער ליעבע,

וואס איך דערצעהל פאר קיינעם ניט, קען אייך, מאדאם, געבען א מאס, מיט וועלכער צו מעסטען מיין נארישקייט. איהר זעהט דערפון ארויס, אז די דאזיגע נארישקייט איז פון אן אויסערגעוועהנליכען סארט, און זי טרעט גרויסארטיג ארויס פון די געוועהנליבע נארישע מעשים פון די מענשען. לייענט מיין „ראטקליף", מיין „אלמאנזאר", מיין „לירישע־אינטערמעצא" — פערנונפט! פערנונפט! קיין זאך ניט א חוץ פערנונפט! — און איהר וועט זיך דערשרעקען פאר דער הויכקייט פון מיין נארישקייט. צוזאמען מיט אגור דעם זוהן פון יקה קען איך זאגען: „איך בין דער נארישסטער פון אלע, און מענשען־פערשטאנד איז ניט אין מיר". הויך אין דער לופט הויבט זיך דער אייכענוואלד, הויך איבער דעם אייכענוואלד פליהט דער אדלער, הויך איבער דעם אדלער ציהען די וואלקענס, הויך איבער די וואלקענס בליצען די שטערען — מאדאם, ווערט אייך דאס נישט אביסעל צו הויך? איז, הייסט עס— הויך איבער די שטערען שוועבען די מלאכים, הויך איבער די מלאכים רוהט — נייז, מאדאם, העכער קען מיין נארישקייט שוין ניט דערלאנגען. זי האט שוין אזוי אויך דערלאנגט הויך גענוג! עס הויבט איהר אזש אן צו שווינדלען פאר איהר אייגענער דערהויבענקייט. זי מאכט מיך פאר א גבור מיט זיבען־מיילען־שטיוועל. מיטאג־צייט פיהל איך אז איך וואלט געקענט אויפעסען אלע עלעפאנטען פון הינדאסטאן, און זיך אויסשטעכען די ציינער מיט'ן שטראסבורגער מינסטער; פארנאכט ווער איך אזוי סענטימענטאל, אז איך וואלט געקענט אריינזויפען דעם „מילך־וועג" פון הימעל, און ניט אפילו א טראכט טאן, אז די קליינע פיקס־שטערן קען ביי א מענשען אין מאגען בלייבען ליגען ניט פארדייהט; און ביינאכט הויבט זיך ערשט אן דער אמת'ער ספעקטאקעל. אין מיין קאפ קומט זיך דאן צונויף א קאנגרעס פון אלע פעלקער פון היינט און פון אמאל. עס קומען די אשירים, די מצריים, מדינים, פרסיים, עברים, פלשתים, פראנקפורטער, בבליים, קארטאגענער, בערלינער רוימער, ספארטאנער, טערקען, קימעל טערקען — מאדאם, עס וואלט מיך פארפיהרט צו ווייט, ווען איך זאל אייך וועלען באשרייבען אט די אלע פעלקער, לייענט דערפאר האראדאט'ן, לי־

וויום'ן, „די הוידע־און ספענערשע צייטונג". קורציוס'ן, קארנע־ליום'ן, נעפאס'ן, דעם „געזעלשאפטער". — איך וועל דערוויייל עסען מיין אנבייסען. היינט אין דער פריה געהט מיר עפּיס ניט פייגעלדיג אין מיין שרייבען. איך באמערק אז דער ליעבער גאט פארלאזט מיך — מאדאם, איך האב אפילו מורא, אז איהר האט דאס באמערקט נאך פריהער פון מיר. יא, איך באמערק, אז די אמת'ע הילף פון גאט, איז היינט נאך גאר ניט געווען ביי מיר.— מאדאם, איך וויל אנהויבען א ניי קאפּיטעל, און אייך דערצעה־לען, ווי אזוי איך בין נאך לע גראן'ס טויט אנגעקומען אין גאַ־דעסבורג.

# קאפיטעל XVI.

ווען איך בין אנגעקומען אין גאדעסבורג, האב איך זיך ווידער אוועקגעזעצט ביי מיין פריינדין צופיסענס, — און לעבען מיר האט זיך אוועקגעלעגט איהר ברוינער דאקס־הונד — און ביידע האבען מיר ארויפגעקוקט צו איהר אין די אויגען אריין.

הייליגער גאט! אין אט דעם אויג איז געלעגען די גאנצע הערליכקייט פון דער ערד, און איבער דער הערליכקייט א גאנצער הימעל. אין דער צייט וואס איך האב אין יענעם אויג אריינגעקוקט, האב איך געקענט שטארבען פאר גליק. און וואלט איך געווען גע־שטארבען, אזוי וואלט מיין נשמה אריינגעפלויגען גלייך אין יע־נעם אויג אריין. א, באשרייבען אט דאס אויג קען איך ניט! — איך וועל מיר פון דולהויז לאזען רופען א פאעט, וואס איז משוגע געווארען פון ליעבע, כדי ער זאל פון דעם אבגרונד פון שגעון ארויסקריגען עפיס א בילד, מיט וועלכען איך זאל קענען פאר־גלייכען אט דאס אויג — צווישען אונז גערעדט, בין איך אליין אויך געווען גענוג משוגע, אזוי, אז דערצו וואלט איך גאר ניט בעדארפט האבען קיין מיטהעלפער. God dam! האט געזאגט אן ענגלענדער. — ווען זי באטראכט אזוי רוהיג א מענשען פון אויבען ביז אראב, אזוי קענען ביי איהם צושמאלצען ווערען די קופערנע קנעפ פון פראק, און דאס הארץ אינווייניג. — F-e! האט געזאגט א פראנצויז. — זי האט אויגען פון דעם גרעסטען קאליבער, און ווען עס שיסט ארויס אזא מין דרייסיג־פונטיגער בליק, קראך! אזוי איז מען פארליעבט. דערביי איז געזעסען א רויטקעפיגער אדוואקאט פון מאינץ און ער האט געזאגט: איהרע אויגען זעהען אויס ווי צוויי שאלען שווארצע קאווע — ער האט געוואלט זאגען עפיס זיסעס. ווארים ער פלעגט שטענדיג אריינווארפען גאר ניט מענשליך פיעל צוקער אין זיין קאווע — שלעכטע פארגלייכענישען!

איך און דער ברוינער דאקס זענען געלעגען צופיסענס פון

דער שענער פרוי, און מיר האָבען געקוקט און געהערט. זי איז געזעסען לעבען אן אַלטען גרייז־גרויען סאָלדאַט — א ריטערליכע געשטאַלט מיט העפטען אויף דעם געקאַרבטען שטערען. זיי האָבעןביידע גערעדט וועגען די זיעבען בערג, וואָס די שענע אבענד־רויט־קייט האָט באשטראַהלט, און וועגען דעם שענעם רהיין, וואָס איז ניט ווייט פאַרבייגעשוואומען גרויס און רוהיג. — וואָס זענען אונז אַנגעגאַנגען די זיעבען בערג, און די אַבענד־רויטקייט און דער בלויער רהיין, און די שיפלעך מיט די ווייסע זעגלען, וואָס האָבען געשוואומען איבער איהם, און די מוזיק, וואָס האָט זיך געטראָגען פון א שיפעל, און דער טפּוש, דער סטודענט, וואָס האָט דעריין גע־זונגען אזוי צוגאָסען און ליעבליך — איך און דער ברוינער דאַקס, מיר האָבען געקוקט אין דעם אויג פון דער פריינדין, און האָבען באטראַכט איהר געזיכט, וואָס האָט ראָזיג־בלייך ארויסגעגלאַנצט פון אונטער איהרע שווארצע צעפּ און לאָקען, אזוי ווי די לבנה פון די פינסטערע וואָלקענס — דאָס זענען געווען הויכע גריכישע געזיכטסצוגען, מוטיג־געפּאַרעמטע ליפּען, איינגעהיעלט אין אומעט, גליק, און קינדערשע קאַפּריזען. און ווען זי האָט גערעדט, זענען די ווערטער געווען אַביסעל טיעף, כמעט ווי באַהויכט מיט א זיפץ, און דאָך אומגעדולדיג שנעל ארויסגערעדט. — און ווען זי האָט גערעדט, און איהרע רייד האָבען פון דעם שענעם מויל אראָפּ געטריפט ווי א וואַרעמער, הייטערער בלומען־רעגען — אוי, דאַ־מאַלט האָט זיך די אַבענד־רויטקייט געלעגט אויף מיין נשמה. די זכרונות פון מיין קינדהייט האָבען זיך פאַרבייגעטראָגען ווי א קלינגענדיגער שפּיעל, און מעהר ווי אַלץ האָט אין מיר געגומען קלינגען ווי גלעקלעך די שטים פון דער קליינער וועראָניקא — און איך האָב א נעם געטאָן די שענע האַנד פון מיין פריינדין און זי צוגעדריקט צו מיינע אויגען, ביז דאָס קלינגען אין מיין נשמה האָט אויפגעהערט — און דאַמאַלט בין איך אויפגעשפּרונגען, און האָב געלאַכט, און דער דאַקס האָט געבילט, און דער שטערען פון דעם אַלטען גענעראַל האָט זיך ערנסט געקנייטשט, און איך האָב זיך צוריק געזעצט און ווידער גענומען די שענע האַנד און זי גע־קושט און גערעדט פון דער קליינער וועראָניקא.

# קאפיטעל XVII.

מאדאם, איהר ווילט איך זאל איך דערצעהלען ווי אזוי די קליינע וועראניקא האט אויסגעזעהן. אבער איך וויל ניט. איך, מאדאם, קען קיינער ניט צווינגען אז איהר זאלט לייענען מעהר ווי איהר ווילט, און איך ווידער האב דאס רעכט, נאר צו שרייבען דאס וואס איך וויל. איך וויל אבער דערצעהלען ווי עס האט אויס־געזעהן יענע האנד, וואס איך האב געקושט אין דעם פריהערדיגען קאפיטעל.

פריהער פון אלץ מוז איך מודה זיין: — איך בין ניט ווערט געווען אט די האנד צו קושען. דאס איז געווען א שענע האנד. אזוי צארט, דורכזיכטיג, גלאנצענדיג, זיס, שמעקענדיג, זאנפט, ליעב־ליך, — וואהרהאפטיג, איך וועל מוזען שיקען אין דער אפטייק אריין, מען זאל מיר ברענגען פאר צוועלף גראשען ביי־ווערטער.

אויף דעם מיטעלסטען פינגער איז געזעסען א רינג מיט א פערל — איך האב נאך קיינמאל ניט געזעהן קיין פערל, וואס האט געזאלט שפיעלען א טרויעריגע ראל — אויפ'ן גאלד־פינגער האט זי געטראגען א רינג מיט א בלויען אנטיק — שעה'ן לאנג האב איך אין איהם שטודירט ארכעלאגיע — אויפ'ן אנווייז־פינגער האט זי געטראגען א דימענט — דאס איז געווען א קמיע; כל זמן איך האב געקוקט אויף איהם, בין איך געווען גליקליך. ווארום וואו ער איז געווען איז דאך אויך געווען דער פינגער מיט זיינע פיער חברים — און מיט אלע פינף פינגער האט זי מיר אפט געקלאפט איבער'ן מויל. זינט דעמאלט, וואס איך בין אויף אזא אופן באַ־ריהרט געווארען, גלויב איך שטייף און פעסט אין מאגנעטיזם. נאר שטארק געשלאגען האט זי ניט. און ווען זי האט געשלאגען האב איך עס מיר תמיד געהאט כשר פארדיענט, דורך עפיס א גאטלאז ווארט. און האט זי מיך געשלאגען, אזוי האט זי גלייך דארויף חרטה געהאט און האט גענומען א קוכען, איהם צוטהיילט אויף צווייען, איין העלפט דערלאנגט מיר און די צווייטע דעם ברוינעם דאקס.

דערבײ האָט זי געשמייכעלט און געזאָגט: „בײדע האָט איהר ניט קײן רעליגיאָן. איהר װעט דערפאר ניט קומען אין גן־עדן. און מען מוז אײך אויך דער װעלט פאשען מיט קוכענס, װײל אין הי־מעל װעט פאר אײך ניט זײן געגרייט קײן טיש". אביסעל איז זי אפילו געװען גערעכט. איך בין דאמאָלט געװען זעהר ניט רעלי־גיעז. און האָב געלײענט טהאָמאס פעין, דאָס **Systèm De la nature** דעם „װעסטפעלישען אנצײגער" און שלײערמאכער'ן. איך האָב מיר געלאָזט װאקסען די באָרד און דעם שכל, און האָב געװאָלט זיך אַנשליסען אַן די נאַציאָנאַליסטען. אבער װי נאָר די שענע האנד איז מיר אריבערגעפאָהרען איבער דעם שטערען, איז מיר דער שכל געבליבען שטעהן. און איך בין געװאָרען פול מיט זיסע חלומות, און מיר האָט זיך געדאכט, אז איך הער װידער פרומע ליעדער און איך האָב געטראכט פון דער קלײנער װעראָניקאַ.

מאדאם, איהר קענט זיך קוים פארשטעלען װי שען די קלײ־נע װעראָניקא האָט אויסגעזעהן, װען זי איז געלעגען אין דעם קלײנעם טרונעלע. די ברענענדיגע ליכט, װאָס זענען געשטאַנען ארום און ארום, האָבען געװאָרפען זײער שײן אויף דעם בלײכען שמײכעלדיגען פּנים'ל און אויף די רויט־זײדענע רויזעלעך, און אויף די רױשענדיגע גילדערנע פליטערלעך, װאָס האָבען באַציערט דעם קאָפּ און דאָס װײסע טויטען־העמדעל. פארנאכט האָט מיך די פרומע אורזולאַ אריינגעפיהרט אין דעם שטילען צימער, און װי איך האָב דערזעהן דעם קלײנעם בר מינן, מיט די ליכט און די בלומען אויסגעשטעלט אויפ'ן טיש, האָב איך לכתחילה געמײנט, אז דאָס איז אַ שען װאקסען בילד פון אַ הײליגען, נאָר באַלד האָב איך דערקענט דאָס ליעבע פּנים'ל, און האָב לאַכענדיג געפרעגט, פארװאָס די קלײנע װעראָניקא איז אַזוי שטיל, און אורזולאַ האָט געזאָגט: דאָס טוט דער טויט.

און װי זי האָט געזאָגט: דאָס טוט דער טויט — דאַרף װײל איך הײנט די דאָזיגע מעשה ניט דערצעהלען. זי װעט זיך פארציהען צו לאַנג. איך װאָלט שוין אויך פריהער געמוזט דערצעהלען פון דער לאָמער ראָב, װאָס האָט ארומגעהינקט אויף דעם שלאָס־פּלאַץ, און איז אַלט געװען דרײ טויזענד יאָהר, און איך װאָלט דערבײ גע־

סענט ווערען זעהר טרויעריג. — איך קרינ אבער פלוצים א חשק. צו דערצעהלען אן אנדערע מעשה, און אט די מעשה איז א לוס־טיגע, און זי פאסט זיך אהער. ווארים דאס איז אייגענטליך די מעשה, וואס האט געזאלט דערצעהלט ווערען אין אט דעם בוך.

## קאפיטעל XVIII.

אין דעם ריטערס ברוסט איז ניט געווען קיין זאך, א חוץ נאכט און יסורים. די מעסער שטעך פון רכילות האבען איהם גע־טראפען ווי עס דארף צו זיין, און ווי ער איז זיך אזוי געגאנגען איבער דעם סאנקט מארקוס־פלאץ, האט ער געפיהלט ווי זיין הארץ וואלט צובראכען געווארען און גענומען אפגעהן מיט בלוט. זיינע פים האבען זיך געוואקעלט פון מיעדקייט — די איידעלע חיה איז ארומגעיאגט געווארען דעם גאנצען טאג, און עס איז געווען א הייר סער זומער־טאג — זיין שטערען איז געווען באדעקט מיט שוויים, און ווען ער איז אריין אין דעם גאנדאל, האט ער טיעף אפגע־זיפצט. אהן געדאנקען איז ער געזעסען אין דעם שווארצען גאנדאל־צימער, אהן געדאנקען האבען די ווייכע וועלען איהם געוויגט און איהם געטראגען אויף דעם גוט באקאנטען וועג קיין ברענטא — און ווען ער איז ארויסגעשטיגען פאר דעם גוט באקאנטען פאלאץ, האט ער געהערט אז סעניארע לאורא איז אין גארטען.

זי איז געשטאנען אנגעלעהנט אן דער סטאטוע פון לאאקאן, לעבען דעם רויטען רויזען־בוים ביים עק פון דער טעראסע, ניט ווייט פון די טרויער ווערבעס, וואס בויגען זיך אומעטיג אריבער, אריבער דעם פארביילויפענדיגען טייך. דא איז געשטאנען שמייכ־לענדיג, א ווייך בילד פון ליעבע ארומגעשמעקט פון רויזען. נאר ער האט זיך אויפגעכאפט ווי פון א שווארצען חלום, און ער איז פלוצלינג ווי פארביטען געווארען אין מילדקייט און בענקשאפט. „סעניארע לאורא!“ — האט ער געזאגט — „איך בין עלענד און באדרענגט פון שנאה, נויט און ליגען“. און דאן איז ער געבליבען שטעקען, און ער האט געשטאמעלט: „אבער איך האב אייך ליעב“ — דא האט זיך אין זיינע אויגען באוויזען א טרעהר פון פרייד און מיט פייכטע אויגען און פלאמענדיגע ליפען האט ער אויסגע־רופען: „זיי מיינע, מיידעל, און האב מיך ליעב!“

איבער דער דאזיגער שעה, ליגט א פינסטערער סודות׳דיגער שלייער. קיין שטערבליכער ווייס ניט, וואס סעניארע לאורא האט געענטפערט, און ווען מען פרעגט וועגען דעם איהר גוטען מלאך אין הימעל, אזוי פארהילט ער זיך און זיפצט און שווייגט.

איינער אליין איז דערנאך דער ריטער נאך לאנג געשטאַנען לעבען דער סטאטוע פון לאאקאן, זיין געזיכט איז פארצעהרט און ווייס, ניט וויסענדיג האט ער אפגעפליקט אלע בלעטער ביי די רויזען פון רויזענבוים. אפילו די קנאספען האט ער צוקוועטשט — דער בוים האט שוין קיינמאל מעהר ניט געבראכט קיין בליהונג — ערגיץ ווייט האט געקלאגט א משוגע׳נע נאכטיגאל, די טרויער־ווערבעס האבען זיך גע׳סוד׳עט מיט מורא, פארשטיקט האבען געמורמעלט די כוואליעס פון דער ברענטא, די נאכט האט זיך אויפגעהויבען מיט איהר לבנה און מיט איהרע שטערן — איין שענער שטערן, דער שענסטער שטערן פון אלע איז אראפגעפאלען פון הימעל.

## קאפיטעל XIX.

### Vous pleurez, madame?

הלואי זאָלען די אויגען, וואָס פארגיסען איצטער אזעלכענע שענע טרערען, נאָך לאַנג באַלייכטען די וועלט מיט זייערע שטראַהלען, און א ווארימע ליעבע האנד זאָל זיי אמאָל צודריקען אין דער שעה פון טויט! א ווייך קישען צום שטארבען, מאדאם, איז אויך א גוטע זאך אין דער שעה פון טויט, און הלואי זאָל עס אייך דעמאָלט ניט פעהלען; און ווען דער שענער, מיעדער קאָפ וועט דאַרויף אראפזינקען, און די שווארצע לאָקען וועלען אראפּבוואַליען איבער דעם בלייך־ווערענדיגען געזיכט, א, דאמאלט מעג אייך גאָט באַצאַהלען פאר די טרעהרען, וואָס זענען פאר מיר פארגאָסען געווארען — ווארים איך אליין בין דאָס דער ריטער, פאר וועמען איהר האָט געוויינט און איך אליין בין דאָס יענער בלאָנדזשענדיגער ריטער, דער ריטער פון ליעבע, דער ריטער פון דעם געפאלענעם שטערען.

אוי, איך קען די דאָזיגע טרעהרען! צו וואָס זיך נאָך אליץ פארשטעלען. איהר מאדאם, זענט דאָך דאָס טאקע אליין יענע שענע פרוי, וואָס האָט נאָך אין גאָדעסבורג געוויינט אזוי ליעבליך, בעת איך האָב דערצעהלט די טרויעריגע לעגענדע פון מיין לעבען — אזוי ווי פעריל איבער רויזען, האָבען זיך די שענע טרעהרען געקייקעלט איבער די שענע באקען — דער דאַקס האָט געשוויגען. דער קלאַנג פון אבענד־גלאָק אויפ'ן „קעניגסווינטער“ איז אויסגעגאנגען. דער רהיין האָט שטילער געמורמעלט, די נאכט האָט צוגעדעקט די ערד מיט איהר שווארצען מאנטעל, און איך בין געזעסען ביי אייך צו פיסענס, מאדאם, און האָב געקוקט ארויף צו דעם אויסגעשטערענטען הימעל — צוערשט האָב איך אייערע אויגען אויך אנגענומען פאר שטערען — נאָר ווי קען מען אזעלכענע שענע אויגען פארבייטען מיט שטערען? אָט יענע קאַלטע ליכט פון הימעל קענען

ניט וויינען איבער דעם אומגליק פון א מענשען, וואס איז אזוי אומגליקליך, אז ער קען שוין מעהר ניט וויינען.

און איך האב נאך אן אורזאך די דאזיגע אויגען ניט צו פאר־לייקענען. אין אט די אויגען וואוינט די נשמה פון דער קליינער וועראניקא.

איך האב אויסגערעכענט, מאדאם, אז איהר זענט געבוירען געווארען פונקט אין דעם טאג ווען די קליינע וועראניקא איז גע־שטארבען. יאהאנא אין אנדערנאך האט מיר נביאות געזאגט, אז אין גאדעסבורג וועל איך ווידער געפינען די קליינע וועראניקא — און איך האב זי טאקי גלייך דערקענט. — מאדאם, דאס וואס איהר זענט געשטארבען, דעמאלט, ווען עס האבען זיך גראד באדארפט אנהויבען די אמת׳דיגע שפיעלען, איז געווען א שלעכטער איינפאל. פון זינט די פרומע אורזולא האט מיר געזאגט: „דאס טוט דער טויט“, פלעג איך אליין און אן ערענסטער ארומגעהן אין דער גרויסער בילדער־גאלעריע. די בילדער האבען מיר שוין מעהר ניט געוואלט געפעלען ווערען אזוי גוט ווי פריהער, זיי האבען מיר פלוצלינג אויסגעזעהן ווי אפגעבלאקירט, נאר איין איינציג בילד האט נאך געהאט די גאנצע פארב און גלאנץ — איהר ווייסט, מאדאם, וועל־כעס בילד איך מיין: —

דאס איז דער סולטאן און די סולטאנין פון דעלהי.

דערמאנט איהר זיך, מאדאם, ווי מיר פלעגען אפט שטעהן פאר דעם בילד שעה׳ן לאנג, און די פרומע אורזולא האט אזוי מאד־נע געשמייכעלט, ווען די מענשען האבען געזאגט, אז די געזיכטער אויף יענעם בילד האבען אזוי פיעל עהנליכקייט צו אונזערע געזיכ־טער? מאדאם, איך מיין, אז איהר זענט אויף יענעם בילד זעהר גוט ארויס, און עס איז ניט פארשטענדליך, ווי אזוי דער מאלער האט אייך פארגעשטעלט אפילו מיט די קליידער, וואס איהר האט דאמאלט געטראגען. מען זאגט, ער איז געווען משוגע, און אייער בילד האט זיך איהם גע׳חלומ׳ט. אדער איז אפשר זיינע נשמה געזעסען אין דעם גרויסען, הייליגען אף, וואס האט אייך דאמאלט אפגעהיט ווי א זשאקעי? — אויב אזוי מוז ער זיך אודאי נאך דערמאנען אן יענעם זילבער־ברוינעם שלייער, וואס ער האט איהם

אמאָל באַנאַסען מיט װײַן און באַפֿלעקט — איך האָב זיך געפֿרעהט, װאָס איהר האָט איהם אױסגעטאָן. ער האָט אײך ניט זעהר געפּאַסט. װאָרים דער אײראָפּעאישער טראַכט פּאַסט די פֿרױען בכלל בעסער װי דער אינדישער. אמת, שענע פֿרױען זענען שען אין יעדען טראַכט. דערמאָנט איהר זיך נאָך, מאַדאַם, װי אײן גאַלאַנטער בראַהאַמינער — ער האָט אױסגעזעהן װי גאַנעזאַ, דער גאָט מיט דער עלעפֿאַנטען־נאָז, װאָס רײַט אױף אַ מױז — האָט אײך אמאָל געמאַכט אַ קאָמפּלימענט, אַז די געטליכע מענעקאַ, װען זי האָט אַראָפּגענידערט פֿון אינדראַ'ס גאָלדענעם שלאָס, צו דעם קעניגליכען בעל־תשובה װיסװאַמיטראַ, איז זיכער ניט געװען שענער פֿאַר אײך, מאַדאַם!

איהר געדענקט דאָס שױן ניט מעהר? עס איז דאָך אײן גאַנצען עפּיס אַ דרײַ טױזענד יאָהר, פֿון זינט דעמאָלט װאָס מען האָט אײך דאָס געזאָגט, און אמאָל פּלעגען שענע פֿרױען דאָך ניט אַזױ שנעל פֿאַרגעסען אַ צאַרטע חניפֿה.

דערפֿאַר אָבער, פּאַסען שױן די אינדישע קלײדער פֿאַר מענער אַ סך בעסער, װי די אײראָפּעאישע. אַי, מײַנע ראָזאַ־רױטע, מיט לאָטאָס באַבליהמעלטע פּאַנטאַלאָנס פֿון דעלהי! װאָלט איך אײך געװען געטראָגען, בעת איך בין געשטאַנען פֿאַר סעניאָרע לאַורא און געבעטען ליעבע — װאָלט דאָן דאָס פֿריהערדיגע קאַפּיטעל גע־קלונגען גאַנץ אַנדערש! אָבער װעה איז מיר! איך האָב דאַמאָלט געטראָגען שטרױם־געלע פּאַנטאַלאָנס, װאָס אַ ניכטערנער כינע־זער האָט געװעבט אין נאַנקין — אין זײ איז אַרײַנגעװעבט געװאָ־רען מײַן אומגליק — און איך בין געװאָרען אומגליקליך.

אָפֿטמאָל זיצט זיך אַ יונגער מענש אין אַ קלײן דײַטש קאַפֿע־שטיבעל און טרינקט זיך רוהיג זײַן שאָל קאַװע, און אין װײַטען כינאַ װאַקסט און בליהט דערװײַל זײַן אומגליק, און דאָרט װערט עס געשפּינט און פֿאַרװעבט, און טראָץ דער הױכער כינעזישער מױער, װײַסט עס דאָך װי אַזױ צו געפֿינען דעם װעג צום יונגען מענשען. װאָס מײנט אַז דאָס זענען אַ פּאָאַר הױזען פֿון נאַנקין, ער טוט זײ אָן אָהן אַ חשד און װערט אומגליקליך — און, מאַ־דאַם, אין דער קלײנער ברוסט פֿון אַ מענשען קען זיך באַהאַלטען

זעהר פיעל אומגליק. און אזוי גוט באהאלטען, אז דער ארימער מענש אליין הויבט עס גיט אן צו פיהלען א לאנגע צייט, און ער פיהלט זיך גוט און איז לוסטיג און פייפט און טרילערט — לאלא ראללאלא, לאלאראללאלא, לאלאלראל — לא־לא־לא.

## קאפיטעל XX.

זי איז געווען ליעבענסווירדיג און ער
האט זי ליעב געהאט; ער אבער איז
ניט געווען ליעבענסווירדיג און זי
האט איהם ניט ליעב געהאט.
(אן אלט שטיק).

און צוליעב דער דאזיגער נארישער מעשה האט איהר זיך גע־
וואלט דערשיסען אויפ'ם טויט?

מאדאם, ווען א מענש וויל זיך דערשיסען האט ער שוין
תמיד דערפאר א סך אורזאכען, דארויף קענט איהר זיך פארלאזען.
אבער צי וייס ער אליין וואס דאס זענען פאר אורזאכען? אט
דאס איז די פראגע, ביז צום לעצטען אויגענבליק שפיעלען מיר
א קאמעדיע מיט אונז אליין. אפילו אונזער אומגליק פארמאסקירען
מיר. און ווען מיר שטארבען פון א וואונד אין דער ברוסט, קלאגען
מיר אויף ציינווועהטאג.

מאדאם, האט איהר ניט א מיטעל צו ציין וועהטאג?

איך אבער האב געהאט ציין־וועהטאג אין הארצען. דאס איז
א מיאוסע מעשה. און צו דעם העלפט זעהר גוט דאס אנפילען מיט
בליי און דער צאהן פולווער וואס בערטהאלד שווארץ האט ער־
פונדען.

אזוי ווי א ווארעם, האט דאס אומגליק גענאגט און גענאגט
אין מיין הארצען. — דער ארימער כינעזער איז דא גאר ניט שול־
דיג. אט דאס אומגליק האב איך מיט זיך אליין מיטגעבראכט אין
דער וועלט אריין. עס איז שוין געלעגען מיט מיר אין מיין וויגעל,
און ווען מיין מאמע האט מיך געוויגט, אזוי האט זי שוין דאס
מיטגעוויגט, און ווען זי האט מיך איינגעזונגען צום שלאף, איז עס
מיט מיר איינגעשלאפען, און עס האט זיך אויפגעכאפט, אזוי שנעל

ווי איך האָב נאָר די אויגען געעפענט. ווען איך בין געוואָרען גרע־סער, איז אויך דאָס אומגליק געוואַקסען און צום סוף איז עס גע־וואָרען זעהר גרויס, און האָט צופּלאַצט מיין —

לאָמיר בעסער רעדען פון אנדערע זאכען, פון כלה־קראַנץ, פון מאַסקענבעלער, פון פרייד, פון חתונות — לאַלאַראַללאַלאַ, לאַ־לאַראַללאַלאַ, לאַראַללאַרראַל — לאַ — לאַ — לאַ — לאַ.

## פאָרוואָרט צו דער ערשטער אויפלאַגע.

די „ענגלישע פראגמענטען" זענען טיילווייז פאר צוויי יאהרען געשריעבען געוואָרען פאר די „אלגעמיינע פאָליטישע אנאלען" וואָס איך האָב דעמאָלט ארויסגעגעבען מיט לינדנער'ן, און איינזעהענדיג זייער ניצליכקייט, האָב איך זיי איינגעשלאָסען אין די רייזע בילדער אלס אן ערגענצונג.

איך ווינש, אז דער לעזער זאָל ניט פארזעהן דעם צוועק, וואָס איך האָב אין זינען ביים מיטיילען אָט די פראגמענטען. אפשר וועל איך מיט דער צייט צושטעלען נאָך עהנליכע ידיעות פון זעלביגען מין. הגם ענגלאנד איז אָפט געשילדערט געוואָרען פון דייטשע נאָוועלען־דיכטער, איז דאָך ווילליבאלד אלעקסיס, דער איינציגער, וואָס האָט געוואוסט איבערצוגעבען די דאָרטיגע לאָקאַליטעטען און קאָסטיומען מיט טרייע פארבען און קאָנטורען. איך גלויב, אז ער אליין איז קיינמאָל גאָר דאָרט אין לאנד ניט געוועזן. און איהר פיזיאָגנאָמיע קען ער גאָר דורך יענער וואונדערבארער אינטואיציאָן, וואָס האָט פארשפאָרט דעם פּאָעט צו זעהן די ווירקליכקייט. אזוי האָב איך אליין פאר עלף יאהר געשריעבען דעם „ווילליאם ראטקליף", אויף וועלכען איך וואָלט איצטער דאריבער נאָך גיכער וועלען אנווייזען, ווייל דאָרט איז ניט נאָר א געטרייע שילדערונג פון ענגלאנד, נאָר דאָרטען געפינען זיך שוין אויך די שפּראָצונגען פון מיינע שפּעטערדיגע באטראכטונגען פון אָט דעם לאנד, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט נאָך קיינמאָל ניט געהאט געזעהן.

וואָס אנבעלאנגט רייזע באשרייבונגען, איז א חוץ ארכענהאָלץ און געדע, זיכער ניטאָ קיין בוך איבער ענגלאנד, וואָס זאָל

פאר אונז די דארשינגען צושטאנדען בעסער אנטפלעקען, ווי די „בריעף פון א פארשטארבענעם“, וואס זענען האי־יאהר ערשיענען ביי פראנקה אין מינכען.

דאס איז א פראגמענטאריש טאגבוך אוים ענגלאנד, וויילס, אירלאנד און פראנקרייך, געשריעבען אין די יאהרען 1828 און 1829. אט דאס בוך איז נאך אין אנדערע הינזיכטען א פיין בוך און פארדיענט אין א פולער מאס די ליוב, וואס געטהע און ווארנהאגען פאן ענזע האבען איהם געגעבען אין די בערלינער יאהרביכער פאר וויסענשאפטליכער קריטיק.

הייגריך הייגע.

האמבורג, דען 15טען נאוועמבער, 1830.

גליקליך אלביאָן, לוסטיג אַלט־ענגלאנד!
פארוואָס האָב איך דיך פארלאָזען? — כדי צו
אנטלויפען פון דער געזעלשאפט פון דזשענטעלמען,
און צו זיין צווישען דעם לומפּענגעזינדעל פון
די אייניגע, וואָס לעבען און האַנדלען מיט
באוואוסטזיין.

„די עהרליכע ליוט“ פון ווילליבאלד אַלעקסיס.

## I.

# א שמועס אויף דער טהעמזע.

— — — דער גנעלער מאן איז געשטאנענען לעבען מיר אויפ'ן דעק, ווען איך האב דערזעהן די גרינע ברעגען פון דער טהעמזע, און אין אלע ווינקלען פון מיין נשמה האבען זיך אויפגעכאפט די נאכטיגאלען. „לאנד פון דער פרייהייט" — האב איך אויסגערופען. איך גריס דיך! — זיי מיר געגריסט פרייהייט, יונגע זון פון דער פאראיינגטער וועלט! יענע עלטערע זונען, די ליעבע און דער גלויבען זענען שוין געווארען אפגעוועלקט און קאלט און קענען שוין מעהר ניט לייכטען און ניט ווארעמען. פארלאזען זענען די אלטע מירטעניוועלדער, וואס זענען פארצייטענס געווען אזוי איבערגעפעלקערט, און בלויז נאך טעמפע טורטעלטויבען וואוינען דארטען אין די צערטליכע קוסטען. עס זינקען איין די אלטע דאמבען, וואס זענען אמאל געווארען אזוי ריעזען־הויך אויפגעטורעמט, פון אן אויבער־מוטיגען פרומען דור, וועלכער האט געוואלט זיין אמונה אריינבויען אין הימעל אריין; זיי זענען צופוילט און פאלען איין, און זייערע געטער גלויבען אין זיך אליין שוין ניט מעהר. אט די געטער זענען אפגעלעבט, און אונזער צייט האט ניט גענוג פאנטאזיע צו באשאפען נייע. פון אלע כחות פון דער מענשליכער ברוסט ווערט איצט א פרייהייטס־ליעבע, און די פרייהייט איז אפשר די רעליגיאן פון דער נייער צייט, און דאס איז ווידער א רעליגיאן, וואס ווערט ניט געפרעדיגט פאר די רייכע נאר פאר די ארימע. און זי האט ווידער אמאל איהרע עוואנגעליסטען, איהרע מארטירער און איהרע איסקאריטאס!

„יונגער ענטוזיאסט!" האט געזאגט דער גנעלער מאן. „איהר וועט ניט געפינען, וואס איהר זוכט. איהר מעגט אייך מאקי האבען

רעכט אז די פרייהייט איז א נייע רעליגיאָן, וואָס פארשפרייט זיך איבער דער גאַנצער וועלט. אבער פונקט ווי יעדעם פאָלק האָט אמאָל ביים אננעמען דאס קריסטענטום, עס מאָדעלירט לויט זיינע באדערפעניסען און לויט זיין אייגענעם כאראקטער, אזוי וועט יעדעם פאָלק אננעמען פון דער פרהייט נאָר דאס, וואס פאסט זיך לויט זיינע לאָקאַלע באדאַרפענישען און לויט זיין נציאָנאַלען כאַראקטער.

„די ענגלענדער זענען א פאָלק פון היים זיצערס. זיי לעבען א באגרעניצט, בשלוה'דיג פאמיליען לעבען: אין דעם קרייז פון זיינע אייגענע זוכט דער ענגלענדער יענע נשמה פארגעניגעס, וואס ער קען ניט דערגרייכען אויסער דעם הויז דורך זיין איינגעבוירענע געזעלשאפטליכע אומבאהאָלפענקייט. דער ענגלענדער איז דאריבער צופרידען מיט יענע פרייהייט, וואָס פארזיכערט זיינע פערזענליכע רעכט און שיצט אונבעדינגט זיין אייגענטום, זיין ווייב, זיין אמונה און אפילו זיינע קאפריזען. ביי זיך אין הויז איז קיינער ניט פרייער פון דעם ענגלענדער. כדי זיך צו באנוצען מיט א באריהמטען אויסדרוק: ער איז קעניג און בישאָף אין זיינע פיער ווענד, און זעהר ריכטיג איז זיין געוועהנליך ווערטיל:

**„My House is my castle."**

און אויב פאר די ענגלענדער איז דאס גרעסטע באדערפעניש די פערזענליכע פרייהייט, וואָלט פארקעהרט דער פראנצויז זיך אין א נויטפאל געקענט באגעהן אין גאנצען אהן איהר, ווען מען זאל איהם נאר לאָזען געניסען יענעם טייל פון דער אלגעמיינער פרייהייט, וואס מיר רופען גלייכהייט. די פראנצויזען זענען ניט קיין פאָלק פון היים זיצערס, נאר א פאָלק וואס האָט ליעב די געזעלשאפט. זיי האבען ניט ליעב דאס שטילע פארברייגען וואס זיי רופען אין **une conversation anglaise** זיי לויפען פלוידערנדיג ארום פון קאפע הויז אין קאסינאָ, פון קאסינאָ אין סאלאָן. זייער לייכט שאמפאניער־בלוט און זייער איינגעבוירענער טאלענט אומצוגעהן מיט מענשען, טרייבט זיי צום געזעלשאפטליכען לעבען, וועמענס ערשטע און לעצטע באדינגונג, יא, וועמענס נשמה עס איז: די גלייכהייט. מיט דער אויסבילדונג פון

דער געזעלשאפטליכקייט אין פראנקרייך, האט דארום אויך געמוזט ענטשטעהן דאס באדארפעניש נאך גלייכהייט. און ווען אפילו דער גרונד פון דער רעוואלוציאן דארף געזוכט ווערען אין בודזשעט, האט זי פונדעסטוועגען קודם כל צו פארדאנקען דאס ווארט און די שטים פון יענע גייסטרייכע ראטאריעס, וואס אין די פאריזער סאַלאָנס האבען זיי כלומרשט געגאסען דיזעלביגע גלייכהייט, וואס די נאבעלעסע, נאר ווען ניט ווען פלעגען זיי דאך דערמאנט ווערען דורך א פריציש שמייכעלע,—אמת אזא, וואס מען האט עס קוים באמערקט, אבער וועלכעס האט דערפאר נאך מעהר וועה געטאן, — אז דער גרויסער, שמאכפולער אונגלייכהייט; און ווען די **canaille roturiere** האט זיך גענומען די פרייהייט יענע הויכע נאבלעסע צו קעפען, איז דאס אפשר געשעהן פיעל וויינינגער מיט'ן צוועק צו ירשה'ן איהרע גיטער ווי מיט'ן צוועק צו ירשה'ען איהרע יחוס און אנשטאט דער בירגערליכער אומגלייכהייט איינצופיהרען די אדעליגע גלייכהייט. אז אט דאס שטרעבען צו גלייכהייט איז געווען דאס הויפטפרינציפ פון דער רעוואלוציאן, דאס דארפען מיר נאך גיכער גלויבען דערפאר, ווייל די פראנצויזען האבען זיך באלד געפיהלט גליקליך און צופריעדען אונטער דער הערשאפט פון זייער גרויסען קייזער, וועלכער, דערזעהענדיג זייער מינדעריאהריגקייט, האט ער געהאלטען זייער פרייהייט אונטער זיין שטרענגער אויפזיכט און האט פאר זייערטוועגען איבערגעלאזט די פרייד פון א פאלקאמענער רוהמפולער גלייכהייט.

דער ענגלענדער פארטראגט די העכערע אריסטאקראטיע פיעל געדולדיגער פאר'ן פראנצויז; ער טרייסט זיך, אז ער האט אליין רעכט, וואס מאכען פאר יענעם אונמעגליך צו שטערען איהם אין זיין שטוביגער הרחבה, און אין זיין לעבענסוועג. אויך טראגט יענע אריסטאקראטיע ניט, לפנים ווגען, איהרע פריווילעגיעז, ווי אויף דעם קאנטינענט. אין די גאסען און עפענטליכע פארגעניגען־זאלען פון לאנדאן זעהט מען בונטע בענדער נאר אויף די הויבען פון די ווייבער און גאלדענע און זילבערנע צייכענס נאר אויף די מאנטלען פון די לאקאיען. אויך יענע שענע, בונטע

ליוורע. וואס ביי אונז איז זי א צייכען פון דעם פריוויליגירטען סאלדאטען־שטאנד, איז אין ענגלאנד שוין גאר ניט קיין עהרענאויסצייכענונג: פונקט ווי א שוישפיעלער וואשט גלייך נאך דער פארשטעלונג אפ די שמינקע, אזוי איילט זיך דער ענגלישער אפיציער, פטור צו ווערען פון זיין רויטען מאנטעל, אזוי שנעל ווי זיין דיענסט־שטונדע איז פאראיבער, און אין דעם איינפאכען ראק פון א דזשענטעלמאן איז ער ווידער א דזשענטעלמאן. נאר אויף דעם טעאטער פון סט. דזשיימס גילטען נאך יענע דעקאראציאנען און קאסטיומען, וואס זענען געוואָרען אפגעהיט פון דעם מיטעל־אלטערליכען מיסט: דא פלאטערן די ארדענס בענדער, דא בלאנקען די שטערן, דא רוישען די זיידענע הויזען און אטלאסענע שלעפען, דא קלינגען די גאלדענע שפארן און די אלט־פראנצויזישע רעדענסארטען, דא בלאזט פון זיך דער ריטער, דא גרויסט זיך דאס פרייליין. אבער וואס ארט דעם פרייען ענגלענדער די הויף־קאמעדיע פון סט. דזשיימס! ער ווערט דאך דערפון קיינמאל ניט באלעסטיגט, און קיינער ווערט דאך איהם ניט, ווען ער איז ביי זיך אין דער היים אויך צו שפיעלען קאמעדיע, און לאזען קניהען פאר זיך זיינע הויזאפיציאנטען און זיך שפיעלען מיט א זאקענבענדעל פון דער קעכין

„וואס אנבעלאנגט די דייטשען, באדארפען זיי ניט, ניט קיין פרייהייט און ניט קיין גלייכהייט. זיי זענען א שפעקולאטיוו פאלק, אידעאלאגען, פארדענקער און נאכדענקער, טרוימער, וואס לעבען נאר אין דער פארגאנגענהייט און אין דער צוקונפט, און האבען ניט קיין געגענוואָרט. ענגלענדער און פראנצויזען האבען א געגענוואָרט, ביי זיי האט יעדער טאג זיין קאמף און זיין געגענקאמף און זיין געשיכטע. דער דייטש האט גאר ניט, פאר וואס ער זאל קעמפען, און אזוי ווי ער האט דאך אנגעהויבען געוואהר צו ווערען, אז עס קענען זיין זאכען, וואס וואלטען געווען ווינשענווערט זיי צו באזיצען, האבען זיינע פילאזאפען איהם אוים גוטסקייט געלערנט צו צווייפלען אין דער עקזיסטענץ פון אזעלכענע זאכען. עס לאזט זיך ניט לייקענען, אז אויך די דייטשען האבען ליעב די פרייהייט, אבער אנדערש ווי אנדערע פעלקער. דער ענגלענדער האט

ליעב די פרייהייט ווי זיין געזעצליך ווייב. ער באזיצט זי, און ווען אפילו ער באהאנדעלט זי ניט מיט קיין באזונדערער צערטליכקייט, ווייס ער פון דעסטוועגען אין א נויטפאל זי צו פארטיידיגען ווי א מאן, און וועה איז צו דעם רויטראקיגען בחור, וואס גנב'עט זיך אריין צו איהר אין שלאף־צימער — מעג עס זיין אלס ליעבהאבער אדער אלס דיענער פון געריכט. דער פראנצויז האט ליעב די פרייהייט ווי זיין כלה. ער גליהט פאר איהר, ער פלאמט, ער ווארפט זיך איהר צו די פיס, ער שלאגט זיך פאר איהר אויף טויט אדער לעבען. ער באגעהט פאר איהר טויזענדערליי נארישקייטען. דער דייטש האט ליעב די פרייהייט, ווי זיין אלטע עלטער באבע."

גאר וואונדערליך זענען דאך די מענשען! אין פאטערלאנד ברומען מיר. יעדע נארישקייט, יעדע פאלשקייט דארטען פארדריסט אונז, ווי אינגלעך וואלטען מיר יעדען טאג געוואלט אנטלויפען אין דער ווייטער וועלט אריין; זענען מיר סוף כל סוף ווירקליך ארויס געקומען אין דער ווייטער וועלט, איז אונז דאס פאטערלאנד צו ווייט, און שטילערהייד בענקען מיר צוריק צו די ענגע נארישקייטען און פאלשקייטען פון דער היים, און מיר וואלטען וועלען דארטען ווידער וועלען זיצען אין דער אלטער וואויל־באקאנטער שטוב, בויען א הויז הינטער דעם אויווען, דארט זיצען, זיך ווארעמען און לייענען דעם „אלגעמיינעם אנצייגער דער דייטשען." אזוי איז עס אויך דערגאנגען מיט מיר אויף דער רייזע קיין ענגלאנד. קוים האב איך נאר געהאט פארלוירען פון די אויגען דעם דייטשען בארטען, אזוי האט אין מיר אויפגעוואכט א קוריאזע נאכליעבע, צו יענע טויטאנישע וועלדער פון שלאף־מיצען און פארוקען, וועלכע איך האב נאר וואס געהאט פארלאזען מיט אזוי פיעל ווידערווילען. און ווען איך האב דאס פאטערלאנד געהאט פארלוירען פון די אויגען, האב איך עס צוריק געפונען אין הארצען.

דאריבער האט מיין שטים געמוזט קלינגען אביסעל ווייך ווען איך האב דעם געלען מאן געענטפערט: „ליעבער הער, רעדט מיר ניט אויף די דייטשען! ווען אפילו זיי זענען טאקי טרוימער, האבען דאך א טייל פון זיי גע'חלומ'ט אזעלכענע שענע חלומות.

אז איך וואָלט זיי ניט פאַרבייטען מיט דער וואַכענדיגער ווירק־ליכקייט פון אונזערע שכנים. ווארים ווייל מיר שלאָפען אלע און חלום'ען, קענען מיר זיך אפשר באַגעהן אָהן דער פרייהייט; וואַרים אונזערע טיראַנען שלאָפען אויך און חלום'ען בלויז זייער טי־ראַניי. נאָר דעמאָלט האָבען מיר זיך אויפגעכאַפּט, ווען די קאַ־טוילישע רוימער האָבען צוגערויבט אונזער חלום־פרייהייט; דע־מאָלט האָבען מיר געהאַנדעלט און געוויזען, און מיר האָבען זיך צוריק געלעגט און זיך ווייטער גע'חלום'ט. אָ, הער! מאַכט ניט חוזק פון אונזערע טרוימער, ווען ניט ווען, רעדען זיי ארויס פון שלאָף, ווי נאַכטוואַנדלער, די וואונדערבארסטע זאכען. און זייער וואָרט ווערט די זריעה פון פרייהייט. קיינער קען ניט פאַר־אויסזעהן, ווי די זאכען קענען זיך בייטען. דער שלעכט געשטימ־טער ענגלענדער, ווען זיין ווייב זאָל איהם מיאוס ווערען, וועט ער איהר אפשר ארומלעגען א שטריק ארום דעם האלז און זי ברענגען צו פארקויפען קיין סמיטהפיעלד. דער פלאַטערנדיגער פראַנצויז וועט אפשר ווערען אומגעטריי צו זיין געליעבטער כלה, און וועט אַ זינגענדיגער זיך אוועקטאַנצלען צו די הויפדאַמען (courtisanes) פון זיין קעניגליכען פּאַלאַץ (palais rayal). דער דייטש וועט אבער זיין אלטע עלטער באָבע קיינמאָל ניט אין גאַנצען פאַר־שטויסען פון דער טיר. ער וועט איהר אַלעמאָל נאָך פאַרגינען אַ שטיקעל פּלאַץביים פייער, וואו זי וועט די האָרכענדיגע קינדער קענען דערצעהלען איהרע מעשה'לעך — ווען ס'זאָל אמאָל, וואָס גאָט מעג אָפּהיטען, די פרייהייט פאַרשווינדען אין דער גאַנצער וועלט, וועט זי יעמאָלט אַ דייטשער טרוימער צוריק ענטדעקען אין זיינע חלומות."

בעת די דאַמף־שיף, און אויף איהר אויך אונזער שמועס, איז ארויפגעשוואומען אקעגען שטראם, איז די זון געווען אונטערגעגאַנגען, און איהרע לעצטע שטראַהלען האָבען באַלויכ־טען דאַס האָספּיטאַל אין גרינוויטש. אַן אימפּאַזאַנטע געביידע, עהנליך צו אַ פּאַלאַץ, וואָס באַשטעהט אייגענטליך פון צוויי פליג־לען, וועמענס צווישען רוים איז ליידיג, און לאָזט זעהן דעם פאַרביי־פאַהרענדיגען, א וואַלד־גרינעם בארג, וואָס איז געקרוינט מיט אַ

זעהר שענעם קליינעם שלאָס. אויף דעם וואסער האָבען זיך איצטער געוויזען וואָס אמאָל אלץ מעהר שיפען, און איך האָב זיך געוואונ־דערט, ווי געשיקט אָט די גרויסע שיפען ווייכען אויס איינס דאָס אנדערע. פאָהרסטו פארביי, גריסען דיך ערנסטע פריינדליכע געזיכטער וואָס מען האָט קיינמאָל ניט געזעהן, און וואָס מען וועט אפשר אויך ווייטער קיינמאָל מעהר ניט זעהן. מען פאָהרט זיך פארביי אזוי נאָהענט, אז מען קען זיך דערלאנגען די הענד שלום און זיך געזעגנען אין דערזעלביגער צייט. דאָס הארץ וואקסט, ווען מען דערזעהט אזוי פיעל זעגלען און עס ווערט וואונדערבאר אויפ־גערעגט, ווען פון ברעג פערטראָגט זיך דאָס פארמישטע זשומען און די ווייטע טאנץ־מוזיק און דער טעמפּער ליארעם פון די מאטראָ־זען. אבער אין דעם ווייסען שלייער פון די אבענד־נעבלען פאר־שווינדען איינציגווייז די קאָנטורען פון די געגענשטאַנדען און מען זעהט מעהר ניט ווי א וואלד פון מאסטבוימער, וואָס סטארטשען ארויס לאנג אין גאַל.

דער געלער מאן איז נאך אלץ געשטאנען לעבען מיר און האָט פארטראכט געקוקט אין דער הויך, ווי ער וואָלט אין דעם פארנעבעלטען הימעל געזוכט די בלויזע שטערן. נאך אלץ קוקענ־דיג אין דער הויך האָט ער ארויפגעלייגט די האנד אויף מיין פּליי־צע, און אין א טאָן, ווי פון געהיימע געדאנקען וואָלט ניט ווילענ־דיג געוואָרען ווערטער, האָט ער געזאָגט: „פרייהייט און גלייכהייט! מען געפינט אייך ניט, ניט דאָ אונטען און ניט צומאָל דאָרט אויבען. דאָרט יענע שטערן זענען ניט גלייך, איינער איז גרעסער און לייכט מעהר, ווי דער אנדערערער. קיינער פון זיי וואנדעלט ניט פריי, אלע פאלגען זיי פאָרגעשריעבענע, אייזערנע געזעצען — שקלאַ־פעריי איז אין הימעל פונקט ווי אויף דער ערד.“

דאָס איז דער טאווער!“ האָט פּלוצלונג אויסגערופען איינער פון די מיטרייזענדע, אָנווייזענדיג אויף א הויכער געביידע, וואָס האָט זיך ארויסגעהויבען פון דעם נעבעל־באדעקטען לאָנדאָן ווי א גייסטערהאפטער פינסטערער חלום.

# II.

## לאָנדאָן.

איך האָב געזעהן דאָס מערקווירדיגסטע, וואָס די וועלט קען ווייזען דעם שטוינענדיגען גייסט. איך האָב עס געזעהן און שטוין נאָך אלץ — נאָך שטאַרט אין מיין געדעכעניש אָט דער שטיינערנער וואלד פון הייזער און דערצווישען דער דרינגענדיגער שטראָם פון לעבעדיגע מענשליכע פּנימ'ר, מיט זייערע אלע בונטע ליידענשאפטען, מיט זייער גאנצער גרויענהאפטער שנעלקייט פון דער ליעבע, פון דעם הונגער און דעם האס. איך רעד פון לאָנדאָן.

קיין לאָנדאָן שיקט א פילאָזאָף. אבער בשום אופן ניט קיין פּאָעט! שיקט אהין א פילאָזאָף און שטעלט איהם אוועק ביים ראָג פון טשיפּסייד. ער וועט דאָ מעהר לערנען ווי אין אלע ביכער פון דעם לעצטען לייפּציגער יאריד; און פּונקט אזוי ווי די מענשען־שטראָמען וועלען ארום איהם ארומרוישען, אזוי וועט אויך אויפגעהן פאר איהם א ים פון נייע געדאנקען, דער אייביגער גייסט, וואָס שוועבט איבער אָט דעם ים, וועט איהם אָנוועהען. די פאַרבאָרגענסטע געהיימנישען פון דער געזעלשאפטליך אָרדענונג, וועלען זיך פאר איהם פּלוצלונג אנטפּלעקען. ער וועט דייטליך פאַרנעמען דאָס קלאַפּען פון פּולס פון דער וועלט און באשיינפּערליך וועט ער איהם דערזעהן — וואָרים אויב לאָנדאָן איז די רעכטע האנד פון דער וועלט, די טעטיגע, מעכטיגע רעכטע האנד, אזוי קען מען באטראַכטען יענע גאס, וואָס פיהרט פון דער בערזע צו דאונינג סטריט פאר דעם פּולס־אָדער פון דער וועלט.

אָבער שיקט ניט קיין פּאָעט אין לאָנדאָן! אָט דער שרעקליכער ערנסט פון אלע זאכען, אָט די קאָלאָסאלע איינפאָרמקייט, אָט די מאשינענהאפטע באוועגונג, אָט די פאַרדריסליכקייט פון דער פריידע אליין, אָט דאָס איבערטריבענע לאָנדאָן דער'הרג'עט

די פאנטאזיע און צורייסט דאס הארץ. און ווען איהר זאלט נאך גאר אהין שיקען א דייטשען פאעט, א טרוימער, וואס בלייבט שטעהן פאר יעדער איינציגער ערשיינונג, פאר יעדער אפגעריסענער בעטלערקע, אדער פאר א געוועלב פון א גאלדשמידט — א, דער־מאלט בין איך איהם ניט מקנא. פון אלע זייטען וועט ער געשטוי־סען ווערען, ווען ניט, וועט מען איהם גאר אומוואַרפען מיט א ווילדען God damn ! גאד דעם !" דאס פארדאמטע שטויסען! איך האב באלד באמערקט אז דאס דאזיגע פאלק האט א סך צו טאן. עס לעבט מיט א ברייטער האנד. און כאטש עסענוואַרג און קליידער קאסטען אין זיין לאנד טייערער, ווי ביי אונז, פונדעסט־וועגען וויל ער בעסער געקארמעט ווערען און בעסער געהן אנגע־טאן, ווי מיר; ווי עס פאסט זיך שוין צו דער פארנעהמקייט, האט דאס פאלק אויך גרויסע חובות, נאר אוים גרוים באריהמעריי. ווארפט עס אמאל ארוים דורכ'ן פענסטער זיינע גינעען, באצאהלט אנדערע פעלקער, כדי יענע זאלען זיך ארומבאקסען פון זיין הנאה וועגען, טיילט נאך דערביי אוים צו זייערע רעספעקטיווע קעניגע א גוטען געהאלט — און דערפאר מוז נעביך דזשאהן בול ארבייטען טאג און נאכט, כדי ער זאל האבען געלד פאר אזעלכענע הוצאות. טאג און נאכט מוז ער אנשטרענגען זיין געהירן צו ערפינדען נייע מאשינען און ער זיצט און רעכענט מיט'ן שוויים פון זיין אנגע־זיכט, און האלט אין איין לויפען, ניט אומקוקענדיג זיך, פון האפען צו דער בערזע, פון דער בערזע צום בארדטען פון ים. און דערפאר דארף מען איהם מוחל זיין, ווען ער פאהרט אריין ניט זעהר איי־דעל, אין די זייטען פון א דייטשען פאעט, וועלכער שטעהט איהם אין וועג אויפ'ן ראג פון טשיפסייד, און קוקט אריין אין א קראם פון בילדער.

דאס בילד אבער אויף וועלכען דער פאעט האט אזוי געגאפט אויפ'ן ראג טשיפסייד איז געווען דער איבערגאנג פון די פראנצוי־זען איבער דער בערעזינא.

ווען איך האב, נאכדעם ווי מען האט מיך איבערגעהאקט אין מיינע בעטראכטונגען, ווידער געקוקט אויף דער שוויבעלדיגער גאס, וואו עס האט זיך ברויזענדיג, שרייענדיג, קרעכצענדיג און

קלינגענדיג געקייקעלט א פיעלפארביגער קנויל פון מענער, ווייבער, קינדער, פערד, פּאסטקוטשען, און צווישען זיי אויך א לויה; האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אז גאנץ לאָנדאָן איז אזא בערעזינאַבריק, וואו דער שטאָלצער רייטער וואַרפט אום דעם אָרימען פוסגעהער, וואו יענער, וואָס פאלט צו דער ערד איז א פארלוירענער אויף אייביג, וואו די בעסטע חברים טרעטען אָהן רחמנות, איינער איבער דעם טויטען קערפּער פון דעם צווייטען, און טויזענדער, וואָס זענען אָפּגעמאַטערט פון שטרעבען און פארבלוטענדיג, פּרואווען אומזיסט זיך איינצוקלאַמערן אָן דעם פּארענץ פון דער בריק, און פאלען ארונטער אין דעם אייביגען תהום פון טויט.

אויף וויפיעל הייטערער און בעסער צו וואוינען איז, פארקעהרט, אין אונזער ליעבען דייטשלאנד! ווי טרוימעריש גערויש, ווי שבת'דיג רוהיג באוועגען זיך די זאכען! רוהיג געהט פארביי די וואך, אין רוהיגען זונשיין גלאנצען די אוניפאָרמס און די הייזער, ארום די געזימסטען פלאַטערן שוואַלבען. דורך די פענסטער לאַכען ארויס דיקע יוסטיץ־ראַטינען. אויף די שרייענדיגע גאַסען איז פאראַן גענוג פּלאַץ: די הינד קענען זיך געהעריג אָנשמעקען. די מענשען קענען באקוועם בלייבען שטעהען און דיסקוטירען איבער דעם טעאַטער, און קענען טיעף, טיעף זיך פארבייגען און גריסען ווען עס טענצעלט פארביי א פּאַרנעהם לומפּעל אדער וויצע לומפּעל מיט בונטע בענדעלעך אויף די אפּגעבלאַקירטע רעקלעך, אדער א געפּודערט, באַגילדעטע הויפמאַרשאַלכעל, וואָס גריסט גנעדיג צוריק.

איך האָב מיר געהאט פארגענומען ניט נשתומם צו ווערען איבער דער גרויסארטיגקייט פון לאָנדאָן, וועגען וועלכער איך האָב אזוי פיעל געהערט. אבער מיר איז עס דערגאנגען ווי יענעם אָרימען שול־אינגעל, וואָס האָט זיך געהאט פארגענומען, ניט צו פיהלען די שמיץ, וואָס ער וועט קריגען. די זאך איז אייגענטליך באשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט זיך געהאט געריכט צו קריגען די געוועהנליכע קלעפּ מיט דעם געוועהנליכען שטעקען, און ווי געוועהנליך, אויף דעם רוקען. און אָנשטאָט דעם האָט ער געקראַגען אונגעוועהנליכע קלעפּ אויף אן אומגעוועהנליכען אָרט מיט א דין שטעקעלע. איך האָב געהאט ערוואַרט גרויסע פּאַלאַצען און

האָב ניט געזעהן עפּיס אנדערש ווי לויטער קליינע הייזער, אבער טאַקי אַט די דאָזיגע גלייכפאָרימקייט פון די הייזער און זייער אונגעהייערע צאָל אימפּאָנירט אזוי שטארק.

דורך דער פייכטער לופט און דורך דעם קוילען־דאַמף קריגען אַט די אַלע ציגעל־הייזער דיזעלביגע פארב. און דאָס, א מין ברוינליכען אַליוועגגרין: אַלע זענען זיי געבויט אויף דעם זעלביגען שטייגער, געוועהנליך צוויי אָדער דריי פענסטער ברייט, דריי פענסטער הויך און אויבען פארציערט מיט קליינע רויטע קוימענס, וואָס זעהען אויס ווי בלוטיג אויסגעריסענע ציינער. זיי זענען אזוי אַלע גלייך, אז די ברייטע אויסגעגלייכטע גאסען, וואָס זיי בילדען, זעהען אויס ווי זיי וואָלטען גאר געווען צוויי אונ־ענדליך לאַנגע קאַזארמעס. אַט דאָס קומט זיכער פון דעם, וואָס יעדע ענגלישע פאַמיליע, ווען זי באַשטעהט אפילו נאָר פון צוויי מענשען, וויל דאָך באַוואוינען פאַר זיך איהר אייגען הויז, איהר אייגענעם קאסטעל. און רייכע שפּעקולאַנטען, וואָס ווייסען פון אַט דעם באַדערפעניש, בויען אויס גאַנצע גאסען, אין וועל־כע זיי פארשאַכערן די הייזער צו יחידים. אין די הויפּטגאסען פון דער סיטי, אין יענעם טייל פון לאָנדאָן, וואו עס איז דער זיץ פון דעם האנדעל און פאַבריקאַציאָן, וואו פאַרצייטיגע געביידען זע־נען נאָך אויסגעמישט מיט די נייע, און וואו די פאָדערשטע זיי־טען פון די הייזער זענען אויך באַדעקט ביז צום דאַך מיט איילען־לאַנגע נעמען און ציפערן, געוועהנליך גאָלדיגע און רעליעפע; דאָרט וואַרפט זיך ניט אזוי אין די אויגען יענע איינפאָרמיגקייט פון די הייזער, און נאָך ווייניגער דערפאַר, ווייל דאָס אויג פון דעם פרעמדען, ווערט אונאויפהערליך באַשעפטיגט דורך דעם וואונדער־באַרען אנבליק פון נייע און שענע געגענשטאַנדען, וואָס זענען אויס־געשטעלט אין די פענסטער פון די געוועלבען. ניט בלויז אַט די געגענשטאנדען אַליין מאכען דעם גרעסטען עפעקט, ווייל דער ענג־לענדער שטעלט צו אַלעס וואָס ער מאכט אזוי, פארענדיגט, און יעדער לוקסוס־ארטיקעל, יעדער אסטראַל־לאָמפּ, און יעדער שטי־וועל, יעדע טהעע־קאַן און יעדעם ווייבערשטע קלייד גלאַנצט אקעגען אזוי **finished** און אזוי צוציהענדיג. נאָר אויך די קונסט

פון אויסשטעלען, דער קאנטראסט פון פארבען און פארשיעדענ־
ארטיגקייט גיט דעם ענגלישען געשעפט אן אייגענארטיגען חן; אפילו
די אלטעגליכסטע לעבענס־באדארפענישען באווייזען זיך אין אן
איבערראשענדען צויבער־גלאנץ. געוועהנליכע עסענוואַרג ציהען
אונז צו דורך זייער באלייכטונג, אפילו רויהע פיש ליגען אזוי
פיין אויסגעלעגט, אז דער רעגענבויגען־פארביגער גלאנץ פון זייערע
שופען, פארכאפט אונז. רויה פלייש ליגט ווי אויסגעמאָלט אויף
זויבערע, בונטע פארצעלאיענע טעלערלעך, באקראנצט מיט לאַ־
כענדיגער פעטרישקע. יאָ, אלעס קומט אונז פאר ווי אויסגעמאלט
און דערמאָנט אונז אָן די גלענצענדע און דאָך אזוי באשיידענע
בילדער פון פראנץ מיערים. נאָר די מענשען זענען ניט אזוי לוס־
טיג ווי אויף יענע האָלענדישע בילדער. מיט די ערנסטהאפטעסטע
געזיכטער פארקויפען זיי די לוסטיגסטע שפיעל זאכען, און דער
צושניט און די פארב פון זייערע מלבושים, איז פונקט אזוי איינ־
פאָרמיג ווי זייערע הייזער.

אויף דער אנדערער זייט פון לאָנדאָן, די וואָס מען רופט דאָס
וועסט ענד, The west end of the town און וואו עס לעבט די
פאָרנעהמע און מינדער באשעפטיגטע וועלט, איז יענע איינפאָר־
מיגקייט נאָך הערשענדיגער; דאָך זענען דאָ פאראן גאנצע לאנגע,
גאָר ברייטע גאסען, וואו אלע הייזער זענען אזוי גרויס ווי פאלאַ־
צען, אבער וואָס זענען פון דרויסען ניט זעהן שען, סיידען
דאָס, וואָס מען זעהט דאָ ווי אין אלע ניט גאנץ גע־
וועהנליכע וואוינהייזער פון לאָנדאָן, די פענסטער פון די ערשטע
עטאַזשען באציערט מיט אייזערנע באלקאָנען, און אויך
געפינען זיך שווארצע גראטעס, דורך וועלכע עס
ווערט באשיצט א קעלער וואוינונג, וואָס איז איינגעגראָבען אין
דער ערד. אויך געפינט מען דאָ אין דעם טייל פון דער שטאָדט
גרויסע סקווערס: רייהען פון הייזער גלייך צו די, וואָס זענען דאָ
אויבען באשריעבען, וואָס מאכען אויס א פיערעק, און וואו אין
מיטען עס געפינט זיך א גארטען וואָס איז ארומגערינגעלט מיט
שווארצע אייזערנע גראטעס, און אינ׳ם גאָרטען געפינט זיך א
סטאַטוע. אויף אָט די אלע פלעצער און גאסען ווערט דאָס אויג

פון פרעמדען אין ערגיץ ניט באליידיגט פון בויפעליגע כאטקעס, וואו עס וואוינט דער דלות. פון אומעטום קוקט ארויס רייכטום און אין טונקעלע, פייכטע דורכגאנגען, וואוינט די ארימקייט מיט איהרע שמאטעס און מיט איהרע טרעהרען.

דער פרעמדער, וואס וואנדערט דורך די גרויסע גאסען פון לאנדאן, און פאלט ניט פלוצלינג אריין אין די ספעציפישע קווארטאלען פון דעם המון־עם, זעהט דארום גאר ניט אדער זעהר ווענינ פון דעם גרויסען דלות, וואס איז פאראן אין לאנדאן. נאר דא און דארטען לעבען דעם ארייננאנג פון א פינסטער געסיל, שטעהט שוואנגערע, אבגעריסענע פרוי, מיט א זויגענדיג קינד ביי דער איינגעפאלענער ברוסט, און בעטעלט מיט די אויגען. אפשר ווען אט די אויגען זענען נאך שען קוקט מען אמאל אריין אין זיי — און מען דערשרעקט זיך פאר דער וועלט פון יאמער, וואס מען דערזעהט דארט. די געוועהנליכע בעטלער זענען אלטע לייט, צום מייסטען מאהרען, וואס שטעהען ביי די ווינקלען פון די גאסען, און וואס פאר דעם קויטיגען לאנדאן איז זעהר ניצליך, זיי קעהרען אויס א וועג פאר דעם פארבייגעהער, און פארלאנגען דערפאר א קופערנע מטבע. די ארימקייט אין חברותא מיט זינד און פארברעכענס קריכט ערשט אין אבענד ארויס פון איהרע לעכער. זי האט מורא פאר דעם טאגליכט, נאך מעהר דארט, וואו איהר עלענד איז אזא שטארקער היפך צו דעם איבערמוט פון דעם רייכטום, וואס גלאנצט אומעטום; נאר דער הונגער טרייבט זי מיטאגצייט, טייל־מאל ארויס פון איהרע פינסטערע געסלעך. און אזוי שטעהט זי דא מיט שטומע, רעדענדיגע אויגען און קוקט בעטענדיג ארויף צו דעם רייכען סוחר, וואס יאגט זיך איילענדיג פארביי און קלימפערט מיט געלד, אדער צו דעם פוסט און פאסטניק דעם לארד, וואס רייט דא פארביי ווי א זאמטער גאט אויף זיין הויכען פערד, און ווען ניט וועןווארפט ער צו א גלייכגילטיגען בליק צו דעם מענשען־שטראם אונטער איהם, גלייך ווי זיי וואלטען געוועזען קליינינקע מוראשקעס, אדער בלויז א הויפען פון נידעריגע בריאים, וועמענס ליידען און פריידען קעהרען זיך גאר ניט אן מיט זיינע געפיהלען — ווארים

איבער דעם מענשען געזינדעל, וואס קלעפּט פעסט צו דער ערד שוועבט ענגלאנדס נאבּיליטי, ווי באשעפּענישען פון א העכערן מין, וואס באטראכטען ענגלאנד נאר ווי זייער אכסניא, איטאליען ווי זייער זומער־גארטען, פּאריז ווי זייער געזעלשאפטס־זאאל, יא די גאנצע וועלט ווי זייער אייגענטום. אהן דאגות און אהן הינדערני־שען שוועבען זיי זיך ארום, און זייער גאלד איז א קמיע, וואס דער־פילט ווי דורך א כשוף זייערע ווילדסטע פערלאנגען.

ארימע ארימקייט! ווי פּייניגענד מוז זיין דיין הונגער, דארט וואו די אנדערע באדען זיך אין אזא איבערפלוס! און האט מען דיר אויך מיט א גלייכגילטיגער האנד צוגעווארפען א ביסען ברויט אין שוים אריין, ווי ביטער מוזען זיין די טרעהרען, מיט וועלכע דו מאכסט עס ווייך! דו פאר׳סמ׳סט דיך מיט דיינע אייגענע טרעהרען. אודאי האסטו רעכט ווען דו חבר׳סט דיך מיט זינד און פארברעכען. ארויסגעשטויסענע פארברעכער טראגען אפט מעהר מענשליכקייט אין הארצען, ווי יענע קיהלע, אונטאדעלהאפטע שטאאטסבירגער פון דער טוגענד, אין וועמענס בלייכע הערצער דער קראפט פון שלעכטען איז אויסגעלאשען, אבער אויך די קראפט פון גוטען. און אפילו די זינד איז ניט תמיד זינד. איך האב געזעהן פרויען, אויף וועמענס באקען עס איז געווען אויסגעמאלט די רויטע זינד, און אין זייערע הערצער האט געוואוינט הימעלשע ריינקייט. איך האב געזעהן פרויען — איך ווינש מיר, הלואי זעה איך זיי ווייטער! —

# III.

## די ענגלענדער.

אונטער די ארקאדען פון דער לאנדאנער בערזע, האט יעדער נאציאן איהר אנגעוויזענעם פלאץ. און אויף טעוועלעך וואס הענגען אין דער הויף לייענט מען די נעמען: רוסען, שפאינער, שוועדען, דייטשען, מאלטעזער, אידען, האנדרעאטען, טערקען א. אז. וו. אמאל פלעגט יעדער סוחר שטעהן אונטער דעם טעוועלע, אויף וועלכען עס איז אנגעשריעבען דער נאמען פון זיין נאציאן. איצטער אבער וועט מען זיי אומזיסט זוכען דארטען; די מענשען האבען זיך א רוק געטאן; וואו עס פלעגען אמאל שטעהן שפאניער, שטעהען איצטער האלענדער, די האנזעאטען האבען אפגעטראטען זייערע ערטער פאר די אידען, וואו מען זוכט טערקען, געפינט מען איצטער רוסען, די איטאליענער שטעהען, וואו עס זענען אמאל געשטאנען די פראנצויזען, אפילו די דייטשען זענען געקומען ווייטער.

פונקט ווי אויף דער לאנדאנער בערזע, אזוי זענען אויך אין דער איבעריגער וועלט די אלטע טעוועלעך געבליבען שטעהען, בעת די מענשען אונטער זיי זענען אוועק גערוקט געווארען, און אויף זייער ארט זענען געקומען נייע מענשען, וועמענס קעפ פאסען זיך שלעכט צו די אלטע אויפשריפטען. די אלטע סטערעאטיפישע כאראקטעריסטיקען פון די פעלקער, ווי מיר געפינען זיי אין געלעהרנטע קאמפענדיען און ביער שענקען, קענען אונז מעהר גאר ניט נוצען און אונז נאר פארפיהרען צו טרויסטלאזע טעות'ן. פונקט אזוי ווי מיר האבען געזעהן ווי פאר אונזערע אויגען האט זיך דער כאראקטער פון אונזערע מערב'דיגע שכנים, אין די לעצטע צעהנדליגע יאהרען געהאלטען אין איין איבערמאכען, אזוי קענען מיר אויך זעהן פון זינט מען האט געעפענט דעם קאנטינענט, אן עהנליכע אומבייטונג אויף

יענער זייט פון קאנאל. שטייפע, שווייגענדיגע ענגלענדער זענען מחנות'ווייז עולה רגל קיין פראנקרייך, כדי זיך דארט אויסצולערנען רעדען און באוועגען. און ווען זיי קומען צוריק זעהט מען מיט שטוינען, אז זייער צונג איז לויז געווארען, אז זיי האבען ניט מעהר, ווי אמאל צוויי לינקע הענד, און זענען מעהר ניט צופריעדען פון ביעפסטייק און פלאמפודינג. איך אליין האב געזעהן אזא ענגלענדער וואס האט אין טייוויסטאק־טאווערן פאר־לאנגט אביסעל צוקער צו זיין בלומען־קרויט. דאס איז אן אפיקורסות אקעגען דער שטרענגער אנגליקאנישער קיך, איבער וועלכער דער קעלנער איז שיער אומגעפאלען. ווארים פון זינט דער רוימישער אינוואסיאן האט מען אין ענגלאנד דאס בלומענקרויט זיכער ניט געקאכט אנדערש ווי מיט אביסעל וואסער, און עס פלעגט אויפגעגעסען ווערען אהן וועלכע ניט איז זיסע פאטראוועס. עס איז אויך געווען דער זעלביגער ענגלענדער, וואס הגם איך האב איהם פריהער קיינמאל ניט געהאט געזעהען, האט ער זיך דאך געזעצט לעבען מיר, און אזוי פריינד־ליך אנגעהויבען א פראנצויזישען שמועס, אז איך האב איהם געמוזט מודה זיין, דאס מיך פרעהט זעהר איינמאל צו געפינען אן ענגלענדער, וואס האלט זיך ניט צוריק אקעגען א פרעמדען. אויף דעם האט ער מיר אהן א שמייכעלע, פונקט אזוי פריימוטיג געענטפערט, אז ער רעדט מיט מיר, כדי זיך צו איבען אין דער פראנצויזישער שפראך.

עסווארפט זיך אין די אויגען ווי די פראנצויזען ווערען מיט יעדען טאג פארטראכטער, טיעפער און ערענס־טער, אין דער זעלביגער מאס ווי די ענגלענ־דער שטרעבען דערצו צו ווערען לייכטער, אויבערפלעכ־ליכער, און הייטערער: פונקט אזוי ווי אין לעבען גופא אזוי אויך אין דער ליטעראטור. די לאנדאנער פרעסען זענען זעהר שטארק באשעפטיגט מיט פעשיאנאבלע שריפטען, מיט ראמאנען, וואס בא־וועגען זיך אין גלאנצענדיגע ספערען פון דעם High Life אדער וועלכע שפיגלען אפ אט די ספערען. ווי למשל: „אלמעקס", „וויוויאן גרעי", „טרימעין", „דהי גאידס", „פלירטיישאן", פון

וועלכע דער לעצטער ראמאן איז דער בעסטער מוסטער פון דעם גאנצען מין, פון יענע קאקעטעריי מיט אויסלענדישע מאניערען און רעדענסארטען, יענע פלומפע פיינקייט, יענע שווערע לייכטקייט, זויערע זיסעלקייט, געציערטע רויקייט, קורץ, א מוסטער פון דעם גאנצער מאדנער ריהרעוודיגקייט פון יענע הילצערנע שמעטער־לינגען, וואס פלאטערן ארום אין די זאלען פון וועסט לאנדאן.

פארקעהרט ווידער וואס פאר א ליטעראטור גיט אונז איצטער די פראנצויזישע פרעסע, יענע אמת׳ע פארטרעטעריין פון דעם גייסט און ווילען פון די פראנצויזען! פונקט ווי זייער גרויסער קייזער, האט פארווענדט די ליידיגע צייט פון זיין געפאנגנשאפט אויף דעם, צו דיקטירען זיין לעבען און פאר אונז צו אנטפלעקען די באהאלטענסטע שליסלען פון זיין געטליכער נשמה, און דעם פעלז פון סט. העלענען צו פארוואנדלען אין א לעהרנשטוהל פאר געשיכטע, פון וועמענס הויך די מענשען פון דער צייט זאלען גע־משפט ווערען און די שפעטעסטע אייניקלעך זאלען באלערנט ווע־רען: אזוי האבען אויך די פראנצויזען אליין אנגעהויבען צו באנו־צען די צייט פון זייער שלעכטען מזל, די צייט פון זייער פאליטי־שער אונטעטיקייט אזוי לויבענסווערט ווי עס איז נאר מעגליך. אויב זיי שרייבען די געשיכטע פון זייערע מעשים; יענע הענד, וואס האבען אזוי לאנג געהאט צו טאן מיט דער שווערד, ווערען ווידער א שרעק פאר זייערע שונאים, ווען זיי נעמען זיך צו דער פעדער. די גאנצע נאציאן איז גלייכצייטיג באשעפטיגט מיט דער אויסגאבע פון איהרע מעמוארען, און וואלט זי געפאלגט מיין עצה, וואלט זי נאך ארויסגעגעבען א גאנץ באזונדערע אויסגאבע ad Usum Delphini מיט היבשע קאליערטע בילדער פון דעם, ווי אזוי מען האט איינגענומען די באסטיליע, באשטורעמט דעם טולערישען פאלאץ.

האב איך אבער אויבען אנגעוויזען, ווי די ענגלענדער זוכען היינט צו טאג צו ווערען לייכט און פריוואל און קריכען אריין אין יענער אפענהויט, וועלכע די פראנצויזען רייסען אראפ פון זיך, מוז איך אבער באמערקען אז אזא שטרעבען געהט מעהר ארויס פון דער נאבילימי און גענטרי, פון דער פארנעהמער וועלט, ווי פון

דעם בירגערשטאנד. אדרבא, דער ארבייטענדיגער טייל פון דער נאציאן, באזונדערס די סוחרים אין די פאבריק־שטעדט און כמעט אלע שאטלענדער. טראגען דעם סמן פון פיעטיזם. יא, איך וואלט אפילו געזאגט פון פיוראטאניזם, אזוי, אז אט דער גאטזעליגער טייל פון פאלק איז פונקט אזוי דער היפך פון יענע וועלטליכע פארנעהמע לייט, ווי די קאוואליערען און שטוצקעפ, וועלכע וואלטער סקאט שילדערט אזוי אמת׳דיג אין זיינע ראמאנען.

מען ווייזט ארוים דעם שאטלענדישען בארד צופיעל עהרע, ווען מען גלויבט, אז זיין געניוס האט נאכגעשאפען די דרויסענדיגע ער־שיינונג אין דעם אינערליכען ארט דענקען פון אט די בײדע פארטייען פון דער געשיכטע, און אז עס איז א סמן פון זיין דיכטערישער גרויסקייט, אז ער האט פריי פון פאראורטיילען ווי א גאט וואס משפט, בײדען געטאן זייער רעכט און בײדע באהאנדלעט מיט דער גלייכער ליעבע. ווארפט מען נאר אריין א בליק אין די געבעט־הייזער פון ליווערפול און מאנטשעסטער, און דאן איז די פעשיא־נאבלע סאלאנס פון וועסט לאנדאן, אזוי זעהט מען דייטליך, אז וואלטער סקאט האט בלויז באשריעבען זיין אייגענע צייט און גע־שטאלטען וואס זענען אין גאנצען היינטיגע, האט ער אנגעטאן אין אלטע טראכטען. באטראכט מען נאך, אז ער האט פון איין זייט, אליין זייענדיג א שאטלענדער דורך דער ערציהונג אין נאציאנאלען גייסט, אריינגעזויגען אין זיך דעם פיוריטאנישען ארט דענקען, און פון דער אנדערער זייט אלס טארי וואס האלט זיך פאר אור־אור־אייניקעל פון די סטוארטס׳ס, מוז ער זיך פיהלען אמת׳דיג קעניגליך און אדעליג, און דערפון נעמט זיך דאס, וואס זיינע געפיהלען און געדאנקען נעמען ארום בײדע ריכטונגען מיט דער גלייכער ליעבע און ווערען אין דער זעלביגער צייט דורך זייער היפך נייטראלי־זירט. אזוי ערקלעהרט זיך זעהר לייכט זיין אונפארטייאישקייט ביי דער שילדערונג פון די אריסטאקראטען און דעמאקראטען פון קראמוועלס צייט, אן אונפארטייאישקייט, וואס האט אונז געפיהרט צום טעות, אז מיר דארפען אויך ערווארטען אין זיין געשיכטע פון נאפאלעאנ׳ען די זעלביגע געטריי **fair play** שילדערונג פון די פראנצויזישע רעוואלוציאנס העלדען.

ווער עס באטראכט ענגלאנד אויפמערקזאם, געפינט איצטער טאג טעגליך א געלעגענהייט צו בעאויבאכטען יענע ביידע טענדענ־צען, די פריוואלע און די פיוריטאנישע אין זייער גאנצער דער־ווידערדיגער בליהונג, און ווי עס פארשטעהט זיך אליין, אויך דעם קאמף צווישען זיי. אזא געלעגענהייט האט באזונדערס געגעבען דער באריהמטער פראצעס פון דעם הער ווייקפיעלד, א לוסטיגער קאוואליער, וועלכער האט אראפגעפיהרט פון וועג די טאכטער פון דעם רייכען הער טוירנער, א ליווערפולער סוחר, און מיט איהר חתונה געהאט אין גרעטנא גרין, וואו עס וואוינט א שמיד, וואס שמידט די שטארקסטע קייטען. דאס גאנצע צבוע׳טישע געזינדעל, דאס גאנצע פאלק, וואס זענען די אויסדערוועהלטע פון גאט, האט געמאכט א געוואלד וועגען דער דאזיגער הימעלשרייענדיגער עברה, אין די געבעטהייזער פון ליווערפול, האט מען געבעטען ביי גאט, ער זאל אויסגיסען זיין צארן אויף ווייקפיעלדס קאפ און אויף זיין ברודער, וואס האט איהם מיטגעהאלפען, און די ערד זאל זיי איינשלינגען, ווי זי האט איינגעשלונגען די גאנצע געמיינדע פון קרח, דתן ואבירם, און כדי נאך זיכערער צו זיין מיט דער הייליגער נקמה, האט מען אין דער זעלביגער צייט אין די געריכטסהייזער פון לאנדאן, געלאזט הערען דעם צארן פון דעם קינגס־בענטש, פון דעם אויבער פרעמיער, און אפילו פון דעם אויבערשטען הויז. איבער די וואס האבען פארשוועכט דאס הייליגסטע סאקראמענט — אין דער זעלבינער צייט האט מען אין די פאשיאנאבלע סאלאנס, זעהר טאלעראנט געשפאסט און געלאכט וועגען דעם מיידעל־רויבער. צום שענסטען האט זיך מיר ארויס־געוויזען אט דער היפוך פון די ביידע מיינונ־גען, ווען איך בין איינמאל אין דער גרויסער אפערא געזע־סען לעבען צוויי דיקע מאנטשעסטער׳שע דאמען, וואס האבען דעם פארזאמלונגס־ארט פון דער פארנעהמע וועלט געהאט באזוכט דאס ערשטע מאל אין זייער לעבען. זיי האבען ניט געקענט גענוג אויסדרוקען דעם אבשיי, וואס זייער הארץ האט געפיהלט, בעת עס האט זיך אנגעהויבען דער באלעט, און די הויך פארשארצטע שענע טענצערינס האבען ארויסגעוויזען זייערע תאוה׳דיגע גראציע־

זע באוועגונגען, און האבען אויסגעשטרעקט זייערע ליעבע לאנגע, זינדיגע פיס, און האבען פלוצלונג זיך אריינגעווארפען אין די ארעמס פון די אקעגען שפרינגענדיגע טענצערס; די ווארימע מוזיק, די אורקליידער פון לייבפארביגען טריקא, די נאטוראל־שפרינג, דאס אלץ האט פאראייניגט כדי ארויסצופרעסען פון די ארימע דא־מען א שוויים פון אנגסטען, און זייער בוזים רויט צו מאכען פון שאנד. Schoking! for shame! for shame! האבען זיי גע־האלטען אין קרעכצען און ניט געקענט אוועקנעהמען פון די אוי־גען די שפאקטיוועז און אזוי זענען זיי געבליבען זיצען אין אט דער סיטואציאן ביז צו דעם לעצטען אויגענבליק, ביז דער פארהאנג איז ארונטערגעפאלען.

טראץ די דאזיגע געגענגעזעצטע ריכטונגען אין גייסט און אין לעבען, געפינט מען דאך ביים ענגלישען פאלק א איינ־הייט פון געדאנק, וואס באשטעהט טאקע אין דעם, וואס עס פיהלט זיך ווי איין פאלק; די נייערע שטוצקעפ און קאוואליערען קענען זיך נאך אלץ אין איינעם פיינט האבען און פאראכטען איינס דאס אנדערע. זיי הערען פון דעסטוועגען דאך ניט אויף צו זיין ענגלענ־דער: אלס אזעלכענע זענען זיי איניג און געהערען צוזאמען, פונקט אזוי ווי פלאנצען, וואס האבען ארויסגעבליהט פון דעם זעלביגען באדען און זענען מיט אט דעם באדען וואונדערבאר צוזאמענגע־וועבט. דערפון נעמט זיך דאס די געהיימע איינשטימונג פון דעם גאנצען לעבען און וועבען אין ענגלאנד, וואס זעהט אוים פאר אונז ביים ערשטען אנבליק ווי א שויפלאץ פון פארווירונגען און ווידער־שפרוכען. איבער וואוילטאג און דלות, ארטאדאקסיע און אפיקורסות, פרייהייט און קנעכטשאפט, גרויזאמקייט און מילדקייט, עהרליכ־קייט און פאלשקייט, אט די היפכים אין זייערע ווילדסטע עקסטרע־מען, און איבער זיי דער גרויער פארנעבעלטער הימעל, פון אלע זייי־טען זשימענדיגע מאשינען, ציפערן, גאזליכט, קוימענס, ציישונגען, קריגלעך פארטער, געשלאסענע מיילער, דאס אלץ פאסט אזוי צו־זאמען, אז מיר קענען זיך גאר ניט פארשטעלען איינס אהן דאס אנדערע, און דאס וואס איינציגווייז וואלט דעוורעקט אונזער שטוינען אדער אונזער געלעכטער, זעהט אוים פאר אונז אין זייער

פאראייניגונג אלס גאנץ געוועהנליך און ערנסטהאפט.

איך גלויב אבער אז אזוי וועט עס אונז דערגעהן אומעטום. אפילו אין אזעלכענע לענדער פון וועלכע מיר האבען נאך מאדנערע באגריפען, און וואו מיר קענען ערוואַרטען נאך מעהר צו לאכען און נאך מעהר נשתומם צו ווערען. אונזער חשק צום רייזען, אונזער נייגעריגקייט צו זעהן פרעמדע לענדער, באזונדער, ווי מיר פיהלען דאס אין די אינגעלשע יאהרען, שטאמט בכלל ארויס פון דעם, וואס מיר דערוואַרטען אויסערגעוועהנליכע קאנטראסטען, דורך יענעם חשק פון מאסקעראדען, אין וועלכען מיר האבען ליעב אריינצו־דענקען די מענשען און ארט דענקען פון אונזער היים, אין יענע פרעמדע לענדער, און אויף אזא אופן פארשטעלען מיר אונזערע בעסטע באקאנטע אין די פרעמדע קאסטיומען און פרעמדע זיטען. אזוי למשל ווען מיר דענקען וועגען די האטענטאטען, שטעלען מיר זיך פאר די דאמען פון אונזער געבורטסשטאדט, וואס זענען שווארץ באפארבט און טאנצען ארום אין אונזער פארשטעלונג מיט א היבשען הינטער חלק, אין דער צייט, וואס אונזערע יונגע שענ־גייסטער קלעטערען ארויף אויף די פאלמען ווי וואלד גזלנים; טראכטען מיר וועגען די אייגוואוינער פון די נארד־פאל לענדער, אזוי זעהען מיר דארטען ווידער די גוט באקאנטע פנים'ער. אונזער מוהמע פאהרט אין איהר שליטען, וואס איז געשפאנט צו הינט, איבער דעם אייזוועג, דער דארער הער קאנרעקטאר ליגט אויף דער בעהרען־הויט און זויפט רוהיג זיין פריהמארגען פישאויל. די פרוי אקציז־קאלעקטארין, די פרוי אינספעקטארין, די פרוי אינפיבולאצי־אנס ראטין, זיצען צוזאמען און קייען חלב'נע ליכט, א. אז. וו. קומען מיר אבער ווירקליך אז אין יענע לענדער, אזוי זעהען מיר באלד, אז דארט זענען די מענשען מיט די זיטען און קאסטיומען צוזאמען גע־וואקסען ווי איינס. אז די געזיכטער פאסען צו די געדאנקען און די קליידער צו די באדערפעונישען. יא, אפילו פלאנצען, חיות, מענשען אין לאנד מאכען אויס איין גאנצע זאך, וואס שטימט צוזאמען.

## IV.

## אלד בעילי.

שוין דער נאמען אלד בעילי פילט אן די נשמה מיט גרויל. מען שטעלט זיך גלייך פאר א גרויסע, שווארצע, מיאוס'ע געביי־דע, א פלאץ פון עלענד און פארברעכען. דער לינקער פליגעל, וואס איז אייגענטליך דאס בעקאנטע ניו גייט, דיענט פאר א קרימינאל־געפענגניש. און דא זעהט מען נאר א הויכע וואנד פון פארשווארצטע געהויערטע שטיינער, אין וועלכער עס געפינען זיך צוויי נישען, מיט פונקט אזעלכענע שווארצע אלעגארישע פיגורען. און ווען איך האב ניט קיין טעות, שטעלט איינע פון זיי פאר די גערעכטיקייט, און ווי געוועהנליך, איז די האנד מיט דער וואג אפגעבראכען און ס'איז מעהר ניט פארבליבען ווי א בלינדע פרוי מיט א שווערד. אונגע־פעהר אין מיטען דער געביידע איז דער מזבח פאר אט דער גע־טין. נעמליך דאס פענסטער, וואו עס שטעהט די תליה, און ענדליך צו דער רעכטער זייט געפינט זיך דער קרימינאל געריכטס הויף, וואו עס ווערען אפגעהאלטען זיצונגען, דא געפינט זיך א טויער, וואס האט געמעגט האבען די זעלביגע אויפשריפט, וואס עס גע־פינט זיך אויף די טויערען פון דאנטעס גיהנום:

**Per me si va nella citta dolente**
**Per mi si va nel eterno dolore,**
**Per mi si va tra la perduta gente...**

דורך דעם דאזיגען טויער קומט מען אריין אין א קליינעם הויף, וואו עס פארזאמעלט זיך דער אפפאל פון דעם המון, כדי צו זעהן ווי דער פארברעכער וועט פארבייגעהן; דא שטעהען אויך זיינע פריינד און זיינע שונאים, קרובים, בעטעלקינדער, משוגעים און באזונדערס אלטע ווייבער, וואס רעדען ארום די פראצעסען

פונ׳ם טאג. און אפשר מיט מעהר איינזיכט ווי דער ריכטער און די דזשורי, טראַץ זייער גאנצער קאָמישער פייערליכקייט און זייער לאנגווייליגער יוריספרודענץ. האָב איך דאָך אליין געזעהן אין דרויסען פאר דער טיר פון געריכט אַן אלטע פרוי, וואס האט אין איהר קרייז בעסער פארטיידיגט דעם אָרימען שווארצען וויליאם, ווי איינוויניג אין זאַל יענעמס וואוילקענעוודיגער אדוואָקאט—ווען זי האט מיט דעם צופליקטען פארטוך אויסגעווישט די לעצטע טרעהר פון איהרע רויטע אויגען. האט זי דאכט זיך אויך פארטיליגט וויליאמ׳ס גאנצע שולד.

אינ׳ם געריכטס־זאַל גופא, וואס איז ניט באַזונדערס גרויס, איז אונטען פאר דער, אַזוי גערופענער, באר (פארצוימונג) ווייניג פלאץ פאר דעם פובליקום; דערפאר זענען אבער פאראַן אויבען פון ביידע זייטען זעהר געראמע גאלעריען, מיט הויכע בענק, וואו די צוקוקער שטעהען איינער איבער דעם אנדערן קאָפּ איבער קאָפּ.

ווען איך האָב באַזוכט אַלד בעילי, האָב איך אויך געפונען פלאץ אויף אַזא גאלעריע, וואס א טויער־היטעריין האט מיר אנגעוויזען, נאָכדעם ווי איך האָב איהר געגעבען א שילינג. איך בין אנגעקומען אין יענעם אויגענבליק, ווען די דזשורי האט זיך אויפגעהויבען כדי צו משפט׳ן, אויב דער שווארצער וויליאם איז שולדיג אין דעם פארברעכען, אין וועלכען ער איז פארקלאַגט, אדער ער איז ניט שולדיג.

אויך דאָ, ווי אין די אנדערע געריכטסהייזער פון לאַנדאָן, זיצען די ריכטער אין בלוי־שווארצע טאָגאָ׳ס, וואס זענען באַנייט מיט העל־וויאָלעטע אונטערשלאַק, און זייערע קעפּ זענען באַדעקט מיט וויים־געפודערטע פארוקען, וואס זענען אַפּט א מורא׳דיגער קאָנטראסט צו די שווארצע אויגען־ברעמען און די שווארצע באקענבערד. זיי זיצען ביי א לאנגען, גרינעם טיש, אויף הויכע שטוהלען, ביים אויבענאַן פון זאַל, וואו אויף דער וואנד שטעהט איינגעקריצט מיט יאָטיאָטיאָטיאָט יאָטיאָטיאָטשאָטש וואָרענט דעם ריכטער געגען פאלשקייטען ביי משפּט׳ן. פון ביידע זייטען זענען דאָ בענק פאר די דזשורי־לייט און פלעצער צום שטעהן פאר דעם באשולדיגער און פאר די עדות. פונקט איינקעגען

די ריכטער איז דער פּלאַץ פון דעם אַנגעקלאַגטען: די אַנגעקלאַגטע זיצען ניט אויף קיין פאַרברעכער - בענקעלע, ווי ביי די עפענטליכע געריכטען אין פראַנקרייך און אין רהיילאַנד: נאָר שטעהען גלייך הינטער א וואונדערליך ברעט, וואָס איז אויבען אויסגעשניטען ווי א טויער. עס הייסט אויך, אז אויף דעם ברעט געפינט זיך אזא קונציגער שפּיגעל, דורך וועלכען דער ריכטער קען זעהן יעדע מיענע פון דעם אַנגעקלאַגטען. פאַר דעם אַנגעקלאַגטען ליגען אויף עטליכע גרינע קרייטיכער, כדי צו שטאַרקען זיינע נערוועז. און טיילמאָל זענען זיי זעהר נויטיג, באַזונדערס ווען מען איז פאַרקלאַגט אויף לייב און לעבען. איך האָב אויך געזעהן אזעלכענע גרינע קרייטיכער אויפ'ן טיש פון די ריכטער, און אפילו א רויז האָב איך דאָרטען געזעהן ליגען. איך ווייס ניט ווי אזוי עס איז געקומען. דער אַנבליק פון אַט דער רויז האָט מיך זעהר טיעף גערירט. די רויטע בליהענדיגע רויז, די בלום פון ליעבע און פון פריהלינג איז געלעגען אויף דעם שרעקליכען ריכטער־טיש פון אַלד בעילי. אין זאַל איז געווען זעהר הייס און שטיקענדיג. אַלץ האָט אויסגעקוקט אזוי אונהיימליך צאַרענדיג, אזוי משוגע ערנסט. די מענשען האָבען אויסגעזעהן, פונקט ווי גרויע שפּינען וואָלטען געקראָכען אויף זייערע טעמפּע געזיכטער. מען האָט געקענט הערען ווי עס קלינגען די וואַגשאַלען איבער דעם קאָפּ פון דעם אָרימען שוואַרצען וויליאַם.

אויף דער גאַלעריע האָט זיך אויך צוזאַמענגעשטעלט א דזשורי. א דיקע דאַמע פון ווענענם רויט אויפגעבלאַזען געזיכט עס האָבען ארויסגעגלימערט צוויי קליינע אייגעלעך ווי גליה ווערימלעך, האָט געמאַכט די באַמערקונג, אז דער שוואַרצער וויליאַם איז זעהר א שעהנער. פאַרקעהרט איהר שכנ'טע, א צאַרט פּיפּסענדיג נשמהלע און א גוף פון שלעכטען פּאָסטפּאַפּיער, האָט בעהויפּטעט, אז ער טראָגט זיינע שוואַרצע האָר צו לאַנג און צושויבערט און בליצט מיט די אויגען ווי דער הער קיען אין אָטהעלאָ—פערקעהרט—האָט זי ווייטער געזאָגט „איז דאָך טאָמסאָן א גאַנץ אַנדערער מענש, מיט העלע האָר און גלאַט געקעמט לויט דער מאָדע און ער איז א זעהר

געשיקטער מענש. ער שפּיעלט אביסעל אויף דער פליט, מאַלט צו־
ביסלעך, ער רעדט אביסעל פראנצויזיש". „און גנב'עט אונטער
צוביסלעך" האָט צוגעגעבן די דיקע דאמע. „נו פטור גנב'ענען!"
האָט אויף דעם געענטפערט די דינע שכנ'טע." דאָס איז דאָך ניט
אזוי באַרבאַריש ווי פעלשונג; וואָרים א גנב, ווען אפילו ער גנב'עט
א שעפּסיל, פאַרשיקט מען איהם קיין מאָטאַני־בעי, בעת דער פאַר־
ברעכער, וואָס פעלשט א האַנדשריפט ווערט אָהן חסד און אָהן
רחמנות געהאַנגען." „אָהן חסד און אָהן רחמנות!" האָט געזיפצט
לעבען מיר א מאָגערער מאַן אין אן אָפּגעטראָגענעם, שווארצען
ראָק. „הענגען! קיין מענש האָט ניט קיין רעכט עמיצען אנדערש צו
לאָזען אומברענגען. און ווייינגער פאַר אַלע האָבען די קריסטען בע־
דאַרפט פאַראורטיילען צום טויט. וואָרים זיי דאַרפען דאָך געדענ־
קען, אז דער באַגרינעדר פון זייער רעליגיאָן, אונזער הער און אויס־
לייזער איז אויך אומשולדיג פאַראורטיילט געוואָרען און אויפגע־
האַנגען געוואָרען!" „וויים איך וואָס!" האָט ווידער אויסגערופען די
דינע דאמע און האָט געשמייכעלט מיט איהרע דינע ליפּען. „ווען אזא
פעלשער זאָל ניט געהאַנגען ווערען, וואָלט דאָך קיין רייכער מאַן
ניט געווען זיכער מיט זיין פאַרמעגען. אזוי למשל דער דיקער
איד פון לאָמבאַרד סטריט, סענט סווינטהונס לעין, אדער אונזער
פריינד הער סקאָט, וועמענס האַנדשריפט עס איז געוואָרען נאָכ־
געמאַכט אזוי אקוראט. און הער סקאָט האָט דאָך זיין פאַרמעגען
ערוואָרבען אזוי שווער. ער איז דורך דעם רייך געוואָרען, וואָס ער
פלעגט פאַר געלד צונעמען קראַנקהייטען פון אנדערע, און נאָך
היינט לויפען איהם נאָך די קינדער אין גאַס און שרייען: „איך
גיב דיר א סיקס פּענס, ווען דו נעמסט צו מיין צאָהן־ווייטאָג. מיר
גיבען דיר א שילינג, ווען דו ווילסט צונעמען גאָטפרידס האָרב"—
„קוריאָז!" איז איהר די דיקע דאמע אריינגעפאַלען אין די רייד.
„עס איז דאָך א קוריאָז, דער שווארצער וויליאם און טהאָמסאָן זע־
נען פריהער געווען חברים, און האָבען צוזאַמען געוואוינט און
צוזאַמען געגעסען, און איצטער פאַרקלאָגט טהאָמסאָן זיין אַלטען
פריינד פאַר פעלשונג! פאַרוואָס איז אבער ניט געקומען טהאָמ־
סאָנס שוועסטער? אזוי פלעגט זי דאָך תמיד נאָכלויפען איהר „זי־

סען וויליאם?" א יונגע, שענע פרוי, איבער וועמענס ליעב געזיכט עס איז געלעגען א פינסטער באטריבעניש, ווי א שווארצער וואואל איבער א בליהענדיגען רויזען־שטרויך, האט איצטער שטילערהייד דערצעהלט א גאנץ לאנגע, פארוויינטע געשיכטע, פון וועלכער איך האב נאר פארשטאנען אזוי פיעל, אז איהר פריינדין, די שענע מערי, איז פון איהר ברודער שיער גע'ממית'ט געווארען און זי ליגט טויט קראנק אין בעט. „רופט זי דאך ניט, די שענע מערי!" האט פארדראסיג געברומט די דיקע דאמע: „זי איז צו מאגער, אז מען זאל זי קענען אנרופען שען, און ווען איהר וויליאם זאל גאר ווערען אויפגעהאנגען—"

אין דעם אויגענבליק זענען די דזשורי־לייט אריינגעקומען און האבען ערקלעהרט, אז דער פארקלאגטער איז שולדיג אין פעלשונג. ווען מען האט גלייך נאכדעם ארויסגעפיהרט דעם שווארצען וויליאם פון זאל, האט ער צוגעווארפען א לאנגען, לאנגען בליק אויף עד־ווארד טהאמסאן.

לויט אן אריענטאלישע זאגע, איז דער שטן אמאל געווען א מלאך און ער האט געלעבט אין הימעל מיט אלע אנדערע מלאכים. ביז איינמאל האט ער זיי געוואלט אפרעדען פון גאט און ער איז דערפאר פון דער גאטהייט געווארען ארונטערגעווארפען אין דער אייביגער נאכט פון גיהנום. בעת אבער ער האט געהאלטען אין ארונטערזינקען פון הימעל, האט ער כסדר ארויפגעקוקט אין דער הויך, און כסדר אויף דעם מלאך, וואס האט איהם פארקלאגט; וואס טיעפער ער איז געזונקען אלץ מורא'דיגער און מורא'דיגער איז גע־ווארען זיין בליק — און דאס האט געמוזט זיין א שרעקליכער בליק; ווארים יענער מלאך, וועמען ער האט געטראפען, איז גע־ווארען בלייך, און קיינמאל האט זיך אויף זיינע באקען מעהר ניט געוויזען קיין רויטקייט, און ער הייסט זינט דעמאלט דער מלאך פון טויט.

בלייך ווי דער מלאך פון טויט איז געווארען עדוואורד טהאמ־סאן.

## V.

# די באפרייאונג.

ווען איך וועל ווידער האבען ליידיגע צייט פאר אונטערזו־זוכונגען, וועל איך אויף דעם לאנגווייליגסטען אופן גרינדליך באַווייזען אז ניט אינדיען איז געווען דאס לאנד, וואס האט ארויסגעבראכט דאס קאסטענטום, נאר עגיפטען. איך וועל דעמאלט אויך באווייזען, אז זינט צוויי טויזענד יאהר האט אט דאס קאסטענטום געוואוסט ווי אזוי זיך צו פארשטעלען אין פערשיעדענע טראכטען פון פארשיעדענע לענדער און יעדער צייט האט עס געוואוסט ווי אזוי צו אפנארען, און היינט, אז דאס קאסטענטום איז שוין אפשר טויט, מאכט עס אבער אן אנשטעל און עס דרעהט זיך נאך אלץ ארום צווישען אונז מיט בייזע אויגען און טוט אן צרות, פארגיפטעט אונזער בליהענדיג לעבען מיט זיין ריח פון א טויטען פגר. יא, אלס א וואמפיר פון מיטעלאלטער זויגט עס אויס דאס בלוט פון די פעלקער און דאס ליכט פון די הערצער. פון דער בלאטע, וואס אין נילוס־טאל זענען ארויסגעקראכען ניט בלויז קראקאדילען, וואס קענען אזוי גוט וויינען, נאר אויך יענע פריעסטער וואס פארשטעהען דאס נאך בעסער, און יענער פריווי־לעגירטער קריגער־שטאנד, וועמענס חשק צום מארד און צום פרעסען שטייגט נאך אריבער דעם קראקאדיל.

צוויי טיעפזיניגע מענער פון דער דייטשער נאציאן האבען ענטדעקט דעם הייל־זאמסטען געגען־כשוף אקעגען די ערגסטע מכות פון מצרים און דורך א שווארצער קונץ — דורך דער בוכדרוקעריי און דורך דעם פולווער — האבען זיי געבראכען די מאכט פון יע־נער גייסטליכער און וועלטליכער היעראַרכיע, וואס האט זיך געהאט אויסגעבילדעט דורך א פארבינדונג צווישען דעם פריסטענטום און

דער קריעגער קאסטע, דאָס איז די פארבינדונג צווישען דער אזוי גערופענער קאטוילישער קירך אין דעם פעאדאלען אדעל, וועלכע האָט גאנץ אייראָפּא געהאט פארשקלאפט וועלטליך און גייסטליך. די דרוק־פּרעס האָט צושמעטערט די קירכענגעביידע, אין וועלכער דער גרויסער פּאָטער פון רוים האָט געהאט איינגעקערקערט די גייסטער; און צפון אייראָפּא האָט ווידער פריי אָפּגעאָטעמט. אראָפּגעוואָרפען פון זיך די משא פון דעם נאכטיגען קאָשמאר, פון יענער גלחים־הער־שאַפט, וואָס הגם זי האָט געהאט אָפּגעווייכט פון דער עגיפּטישער פאָרם, אין וועלכער דער פּריעסטער שטאַנד איז איבערגעגאַנגען בירושה, האָט זי אבער אין גייסט דערפאר נאָך גיכער געקענט בלייבען געטריי צו דעם עגיפּטישען פּריעסטער־סיסטעם. ווייל זי איז ניט צוזאמענגעשטעלט געוואָרען דורך א נאַטירליכער פארמעה־רונג, נאָר זיי ווידמען זיך אומנאַטירליך ווי די מאַמעלוקען און שטעלען מיט זיך נאָך שאַרפער פאַר א קאָרפּאָראַציאָן פון אלטע פארזעסענע בחורים. פונקט אזוי זעהען מיר אויך, ווי די קריגס קאַסטע פארלירט איהר מאַכט, זינט איהר מלאכה האָט שוין מעהר קיין האַפּט ניט ביי דעם היינטיגען אופן פון קריעג; וואָרים פון די שופר־טענער פון די קאַנאָנען פאַלען איצטער איין די שטאַרקסטע פעסטונגס־טורמעס, ווי פאַרצייטענס די מויערען פון יריחו. דער אייזערנער פּאַנצער פון דעם ריטער באַשיצט פון דעם בלייערנעם רעגען פונקט אזוי ווייניג, ווי דער לייווענטענער קיטעל פון דעם פּויער; דאָס פּולווער מאַכט די מענשען גלייך. א בירגער־ליכע ביקס שיסט פונקט אזוי גוט ווי אן אדעליגע ביקס — דאָס פאָלק שטעהט אויף.

* *

*

די פריהערדיגע באַשטרעבונגען, וואָס מיר דערקענען אין דער געשיכטע פון די לאָמבאַרדישע און טאָסקאַנישע רעפּובליקען פון די שפּאַנישע קאָמונען און פון די פרייע שטעדט אין דייטשלאַנד, פארדיענען ניט דעם כבוד, אָנגערופען צו ווערען פאָלקסאויפ־שטאַנד; דאָס איז ניט געווען קיין שטרעבען נאָך פרייהייט, נאָר נאָך פרייהייטען, ניט קיין קאַמף פאַר רעכט, נאָר פאַר די גערעכטע;

קארפאראציאנען האבען געשטריטען פאר פריווילעגיען און אלץ איז געבליבען אין די פעסטע ראמען פון גילדען און צעכען. ערשט אין דער צייט פון דער רעפארמאציאן, איז דער קאמף געווארען אן אלגעמיינער און א גייסטיגער, און די פרייהייט איז פארלאנגט געווארען ניט אלס אן אריבערגעטראגענע, נאר אלס אורשפרינגליכע, ניט אלס אן ערווארבענע, נאר אלס אן איינגעבוירען רעכט. דא זענען ניט מעהר פארגעבראכט געווארען אלטע פארמעטען, נאר פרינציפען. און דער פויער אין דייטשלאנד און דער פוריטאנער אין ענגלאנד האבען זיך דעמאלט בארופען אויף דעם עוואנגעליום, וועמענס שפרוכען האבען דעמאלט געגאלטען אנשטאט דער פארנונפט. יא, האבען געגאלטען אפילו פאר עפּיס נאך העכערס, פאר דער אנטפלעקטער פארנונפט פון גאט. דא איז דייטליך געשטאנען אויסגעשפראכען, אז אלע מענשען זענען גלייך, אז גרויס־האלטען זיך איז אן עבירה, אז רייכטום איז א זינד. און אז אויך די ארימע זענען באשאפען געווארען צו געניסען אין גאט’ס שענעם גארטען, פון גאט, וואס איז דער פאטער פון אלעמען.

מיט דער ביבעל אין איין האנד און מיט דער שווערד אין דער אנדערער האנד האט דער פויער דורכגעצויגען דאס דרומ’דיגע דייטשלאנד. און זיי האבען געלאזט זאגען דער אפגעפרעסענער בירגערשאפט פון דעם הויכען בעטורעמטען נירענבערג, אז שפעטער זאל אין לאנד ניט בלייבען שטעהען קיין הויז, וואס זעהט אויס אנדערש ווי א פויערען הויז. נאך היינט צו טאג זעהען מיר אין פראנקען און אין שוואבען די שפורען פון דער גלייכהייט לעהרע, און דעם וואנדערער נעמט ארום א גרויענהאפטער יראת־הכבוד פאר דעם הייליגען גייסט, ווען ער דערזעהט אין לבנה־שיין די חורבות פון שלעסער, אויס דער צייט פון דעם פויערים־קריג. אז וואויל צו דעם, וואס איז א פשוט’ער מענש, און זעהט ניט עפּיס אנדערש; איז מען אבער א העכערער מענש — און דאס איז יעדער וואס קען געשיכטע, — אזוי זעהט מען אויך די גרויסע יאגד, וואס דער דייטשער אדעל, דער רויהסטער אין דער גאנצער וועלט, האט אנגעפירט אקעגען די באזיעגטע. מען זעהט ווי די, וואס האבען זיך ניט געקענט וועהרען זענען דערשלאגען געווארען אויף טויט

טויזענדערוויז, ווי זיי זענען געפייניגט געווארען, געשטאכען און געמאטערט: און פון די כוואליענדיגע קארנפעלדער זעהט מען זיי סודות'דיג שאקלען אט די פויערען־קעפ, און איבער זיי הערט מען פייפען א שרעקליכע לערך, וואס שרייט נאך נקמה, ווי דער פייפער פון העלפענשטיין.

אביסעל בעסער איז עס דערגאנגען די ברידער אין ענגלאנד און אין שאטלאנד; זייער אונטערגאנג איז ניט געווען מיט אזוי פיעל בזיונות און איז אויך ניט געווען אהן ערפאלג, און נאך איצטער זעהען מיר דארט די פרות פון זייער רעגימענט. אבער קיין פעסטען יסוד איז זיי אויך ניט געלונגען צו לייגען. די קאוואלירען הערשען נאך אלץ ווי פריהער, און האבען הנאה פון די שפאס געשיכטען וועגען די אלטע איינגע'עקשנ'טע שטוצקעפ, וואס זייער באפריינדעטער בארד האט אזוי שען באשריעבען פאר זייערט וועגען זיך צו אונטערהאלטען אין דער ליידיגער צייט. קיין געזעלשאפטליכע איבערקעהרעניש איז אין גרויס־בריטאניען ניט פארגעקומען. די רישטשעוואניעס פון די בירגערליכע און פאליטישע אינסטיטוציאנען זענען געבליבען ניט צונומען. די קאסטענהערשאפט און די צעך האבען זיך דארטען דערהאלטען ביז אויפ'ן היינטיגען טאג, און כאטש זי איז אנגעטרונקען מיט דעם ליכט פון דער נייער ציוויליזאציאן, איז ענגלאנד דאך פארבליבען אין מיטעלאלטערליכען צושטאנד, אדער נאך מעהר, אינ'ם צושטאנד פון א פעשיאנאבלען מיטעלאלטער. די קאנצעסיאנען, וואס זענען דארטען געמאכט געווארען צו די ליבעראלע אידעען, זענען מיט גרויס מיה קוים אויסגעקעמפט געווארען פון אט דער מיטעלאלטערליכער שטארקייט, און קיינמאל זענען אט די אלע מאדערנע פארבעסערונגען ניט ארויסגעגאנגען פון קיין פרינציפ נאר פון דער פאקטישער נויטווענדיגקייט. און זיי טראגען אלע די קללה פון האלבקייט, וואס רופט תמיד ארויס נייעם נויט אין א נייעם קאמפף אויף לעבען און טויט, און אלע געפאהרען, וואס פאלגען נאך. די רעליגיעזע רעפארמאציאן איז אין ענגלאנד בלויז אויף א העלפט פארענדיגט. און צווישען די הייליגע פיער געפעננעניש ווענד פון דער בישאפליך־אנגליקאנישער קירך,

פיהלט מען זיך נאך ערגער, ווי אין דעם בריטען שען באמאלטען און ווייך אויסגעבעטען גייסטיגען קערקער פון קאטוליציזם. מיט דער פאליטישער רעפארמאציאן איז אויך ניט געגאנגען פיעל בע־סער. דער פאלקס־פארטרעטונג פעלט אזוי פיעל ווי ס'איז נאר מעגליך — ווען אפילו די שטאנדען אונטערשיידען זיך שוין ניט מעהר דורך דעם קליידען, אונטערשיידען זיי זיך דאך נאך אלץ דורך פארשיעדענע געריכטסשטאנדען, פאטראנערזש, הויף־פעהיג־קייט, פארגעצויגענקייט, חזקות, און אנדערע שלעק; און ווען אפילו דאס אייגענטום און די פערזאן פון פאלק הענגט מעהר ניט אפ פון אריסטאקראטישער ווילקיר, נאר פון געזעץ, זענען דאך אבער אט די געזעצען ניט עפּיס אנדערש ווי אזא מין ציינער, מיט וועלכע די אריסטאקראטישע חיה כאפּט צו איהר רויב, און אן אנדער מין קינזשאלען מיט וועלכע זי דערשטעכט הינטערוויילעכץ דאס פאלק. ווארים ווירקליך קיין טיראן פון קאנטינענט, וועט דורך זיין ווילקיר ניט ארויספּרעסען אזוי פיעל טאקסען, וויפיעל דאס ענגלישע פאלק מוז באצאהלען צוליעב דעם געזעץ. און קיין טיראן איז נאך קיינ־מאל ניט געוועזען אזוי גרויזאם, ווי ענגלישע קרימינאל־געזעצען, וואס מארדען יעדען טאג פאר א זאך וואס איז ווערט א שילינג, און מארדען מיט דער קעלט פון אותיות. און ווען אפילו אין ענגלאנד ווערט זינט א קורצער צייט פארבארייט א פארבעסערונג אין אט דעם שלעכטען צושטאנד, ווען אפילו אויך אין וועלטליכער און גייסטיגער הינזיכט ווערט וואו ניט וואו אביסעל אויסגעבעסערט, ווען אפילו איצטער ווערט אויך דער גרויסער ליגען פון פאלקספארטרעטונג ווי ניט ווי אבי־סעל פארגיטיגט, מיט דעם, וואס מען ווארפט צו שטים־רעכט וואו ניט וואו אין א גרויסען פאבריקס־צענטער, אין א **rotten borough** ווען אפילו די גראבע אינטאלעראנץ ווערט וואו ניט וואו געמיל־דערט, דורך דעם, וואס מען פארטראגט אויך אנדערע סעקטען — איז דאך פון דעסטוועגען דאס אלץ ניט מעהר ווי אלטע לאטעם, וואס וועלען לאנג ניט אנהאלטען. און דער נארישער שניידער אין ענגלאנד קען פאראויס זעהן אז פריהער אדער שפעטער, וועט דאס אלטע מלוכה־קלייד צוריסען ווערען אין פיצ־פּיצעלעך.



קײנער פארלאטעט קײן אלטען בגד מיט א לאטע פון נײעם געװאנד: װארים די נײע לאטע רײסט פון אלטען. און דער ריס װערט ערגער. און קײנער גיסט ניט קײן נײעם װײן אין אלטע לאגלען. װארים אז יא, צורײסט דער נײער װײן דעם לאגעל און דער װײן גיסט זיך אויס, און די לאגלען װערען קאליע. נײערט, נײעם װײן גיסט מען אין נײע לאגלען.“

דער טיעפסטער אמת בליהט נאר ארויס פון דער טיעפסטער ליעבע. און דערפון נעמט זיך דאס, װאס עס שטימען אזוי די אנזיכטען פון די עלטערע בערג פרעדיגער, װאס פלעגען פרעדיגען געגען דער אריסטאקראטיע פון ירושלים, מיט די אנזיכטען פון יענע שפעטערע בערג פרעדיגער, װאס האבען אראפגעפרעדיגט פון דער הויך פון פאריזער קאנװענט, א דרײ פארביג עװאנגעליום, לויט װעלכען ניט בלויז די פארם פון דער מלוכה, נאר דאס גאנצע געזעלשאפטליכע לעבען זאל ניט װערען פארלאטעט, נאר נײ איבערגעמאכט, נײ באגרינדעט: יא, נײ געבוירען װערען.

איך רעד פון דער פראנצויזישער רעװאלוציאן. פון יענער װעלט־עפאכע, אין װעלכער די לעהרע פון פרײהײט און גלײכהײט איז אזוי זיעגרײך ארויסגעגאנגען פון יענעם אלגעמײנעם קװאל פון דער בעקענטניש, װאס מיר רופען אן די פערנונפט. א דערקענטניש, װאס איז אן אונאויפהערליכע אנטפלעקונג, װאס חזר׳ט זיך איבער אין יעדען מענשליכען קאפ, און באגרינדעט א װיסען. װאס מוז האבען נאך מעהר מעלות, װי יענע אנטפלעקונג, װאס מיר האבען בקבלה, װעלכע האט זיך נאר באװיזען צו װײניגע אויסדערװעהלטע און די גרויסע מאסע האט אין איהר נאר געקענט גלויבען. אט די נאר װאס דערמאנטע אנטפלעקונג, װאס איז פון איהר נאטור אריסטאקראטיש, האט קײנמאל ניט געקענט אזוי זיכער באקעמפען פריװיליעגענהערשאפט, װי דאס באקעמפט איצטער די פערנונפט, װאס איז אין איהר נאטור דעמאקראטיש. די געשיכטע פון דער רעװאלוציאן איז די קריגס־געשיכטע פון אט דעם קאמף, אין װעלכען מיר אלע האבען מעהר אדער װײניגער זיך באטײליגט.

דאס איז דער קאמף פאר לעבען און טויט מיט דעם עגיפטענטום.

הגם די שווערדען פון שונא ווערען וואס א טאג אלץ שטומ־פיגער, הגם די בעסטע פאזיציאנען האבען מיר שוין באזעצט, קע־נען מיר דאך פון דעסטוועגען פריהער ניט זינגען דאס נצחון־ליעד איידער די גאנצע ארבייט איז פארענדיגט. דאס קענען מיר נאר אין יענע נעכט, ווען עס איז א וואפענשטילשטאנד, און מיר געהען ארוים אויפ'ן פעלד מיט דעם לאמטערן, כדי מקבר צו זיין די טויטע. — הספדים העלפען דא גאר ניט! די פארלוימדונג, אט דער חוצפה'דיגער רוח זעצט זיך אויף די ערעלסטע קברים —

אך! האט דאך דער קאמף אויך געגאלטען פאר יענע ביטערע שונאים פון דעם אמת, וואס קענען אזוי ביטרע פאר'סמ'ן דעם גוטען נאמען פון זייער געגנער, און וואס קענען אפילו מאכען צו גאר נישט יענע ערנסטע בערג־פרעדיגער, די ריינסטע פרייהייטס־העלדען: ווארים ווען זיי האבען ניט געקענט לייקענען, אז ער איז דער גרעסטער מענש, האבען זיי איהם געמאכט פאר דעם קלענס־טען גאט. ווער עס קעמפט מיט גלחים, מוז זיין דארויף גרייט, אז דער גרעסטער ליגען און די שטארקסטע רכילות וועלען זעהן זיין גוטען נאמען צו שעדיגען און צו פארשווארצען. אבער פונקט אזוי ווי יענע פאהן, וואס איז אין דער מלחמה צומייסטען צופליקט געווארען און פון פולווער צומייסטען פארשווארצט געווארען, ווערט העכער געעהרט, ווי די פיינסטע און געזונדסטע רעקרוטען־פאהן, און צום סוף ווערט זי אויפגעשטעלט אין די קירכען אלס נאציא־נאל היילינקייט: אזוי וועלען אויך אמאל די נעמען פון אונזערע העל־דען, וואס זענען צום מייסטען צופליקט און פארשווארצט געווא־רען, נאך מיט מעהר ענטוזיאזם געעהרט ווערען אין דער הייליגער קירך פון דער פרייהייט.

פונקט אזוי ווי די העלדען פון דער רעוואלוציאן, האט מען אויך פארלוימדעט די רעוואלוציאן גופא. און מען האט זי פאר־געשטעלט אלס שרעק פאר די פירשטען און מגפה פאר'ן פאלק. אין די שולען האט מען די קינדער געהייסען לערנען אויף אויסענווייניג אלע שרעקען פון דער רעוואלוציאן, און אויף די יארידים האט מען איין צייט ניט געזעהען עפים אנדערש ווי שרייענדיגע

קאַלירטע בילדער פון דער גילאָטינע. אודאי קען מען ניט לײקענען, אַז די דאָזיגע מאַשין, װאָס עס האָט אױסגעטראַכט אַ פראַנצױזישער דאָקטאָר מאַסיע גילאָטין, און מיט װעלכער מען קען זעהר לײכט אָפּשײדען די נאַרישע קעפּ פון די בײזע הערצער, אודאי האָט מען אָט די מאַשין באַנוצט אַביסעל צו אָפט, אבער דאָך נאָר בײ אַזעלכענע קראַנקהײטען, װאָס זענען אונהײלבאַר, װי למשל בײ פּעראַט, ליגען און שװאַכקײט. און מען האָט די פּאַציענטען ניט לאַנג געמוטשעט, ניט אָנגעטאָן קײן יסורים, װי מען פלעגט אַמאָל אין די גוטע צײטען פּײניגען און מאַטערן די טױזענדער און איבערטױזענדער ראַטיריער, און װילעינס, בירגער און פּױערים. דאָס װאָס די פראַנצױזען האָבען מיט דער דאָזיגער מאַשין אַרונטערגענומען אפילו דעם הױפּט קאָפּ פון זײער מלוכה, דאָס איז אודאי שרעקליך, און מען װײס ניט צי זאָל מען זײ דערפאַר באַשולדיגען אין פאָטער־מאָרד צי אין זעלבסטמאָרד; אבער בײ אַ מילדערער און גרינדליכער באַטראַכטונג געפינען מיר אױס, אַז לודװיג פון פראַנקרײך איז געװען װעניגער אַ קרבן פון לײדענשאַפטען װי ער איז געװען אַ קרבן פון די אומשטענדען. און אַז יענע װאָס האָבען דאָס פאָלק געשטופּט צו אַזעלכענע קרבנות, און װעלכע האָבען אין אַלע צײטען פאַרגאָסען פירשטען־בלוט אין אַ גרעסערער מאָס, קענען ניט אױפטרעטען בלױז אַלס פאַרקלאָגער. דאָס פאָלק האָט מקריב געװען בלױז צװײ קעניגע, און בײדע זענען פיעל מעהר געװען קעניגע פון אַדעל אײדער קעניגע פון פאָלק. און דאָס איז געװען ניט אין צײט פון פריעדען, און ניט פאַר זײערע אײגענע אינטערעסען. נאָר אין אַ צײט פון אַ שרעקליכער מלחמה, װען זי האָט זיך געזעהן, פון זײ פאַראַטען. און אין אַ צײט װען דאָס פאָלק האָט זײן אײגען בלוט צום װינציגסטען געשװינט; אבער זיכער מעהר פון טױזענד פירשטען זענען געפאַלען דורך געהײמע מאָרדען, און געשעהן איז עס צוליעב אַבזיכט אָדער קלײנליכע אינטערעסען, דורך דעם מעסער, דורך דעם שװערד און דורך דעם גיפט פון דעם אַדעל און פון די גלחים. עס זעהט אױס װי די דאָזיגע קאַסטען, װאָלטען דאָס מאָרדען פון פירשטען אײך צוגערעכענט צו זײערע פּריװילעגיען, און דערפאַר באַקלאָגען זײ דאָס אַזױ דעם טױט פון לודװיג

דעם זעכצעהנטען און דעם טויט פון קארל דעם ערשטען. אַי, ווען וועלען שוין די קעניגע סוף כל סוף אמאָל איינזעהן, אז זיי וואָלטען אלס קעניגע פון פאָלק און באשיצערס פון די געזעצען געקענט זיין פיעל זיכערער, ווי אונטער דער גווארדיע פון זייערע אדעליגע לייב־מערדער.

* *
*

אבער ניט בלויז האָט מען פארלוימדעט די העלדען פון דער רעוואָלוציאָן און די רעוואָלוציאָן גופא, נאָר אפילו אונזער גאנצע צייט. די גאנצע ליטורגיע פון אונזערע הייליגסטע אידעען האָט מען פאראָדיערט, מיט אַן אונערהערטען רשעות, און ווען מען הערט זיי אָדער מען לייענט זיי, אונזערע פאראכטעטע פאראכטער הייסט ביי זיי גאר דאָס פאָלק די בעסטיע, די פרייהייט הייסט חוצפה, און מיט די אויגען, וואָס קוקען נאָר אין הימעל אריין און מיט פרומע זיפצען ווערט באקלאָגט און מען באדויערט, אז מיר ווערען אויסגעלאסען און אז מיר האָבען ליידער ניט קיין רעליגיאָן. די הייליגע צבועקס, וואָס בויגען זיך אונטער דער משא פון זייערע אייגענע געהיימע זינד, וואגען צו לעסטערן א צייט, וואָס איז אפשר די הייליגסטע פון די אלע צייטען, וואָס זענען געווען און וואָס וועלען זיין, א צייט וואָס איז זיך מקריב פאר דעם גליק פון דער צוקונפט, א משיח צווישען די יאהרהונדערטען, וואָס וואָלט אפשר קוים געקענט דערטראָגען איהר דאָרנקרוין און דעם שווערען צלם, ווען זי זאָל ניט פון צייט צו צייט פאר זיך א שפיעל טאָן א וואָדעוויל און זאָל ניט אמאָל מאכען א שפאס איבער די נייע פרושים און צדוקים. די גרויסע יסורים וואָלטען געווען ניט אריבערצוטראָגען אָהן אזעלכענע וויצען און ליצנות. דער ערנסט טרעט ארויס נאָך שטארקער, ווען דער שפאס קומט פריהער אָנזאָגען, אז ער קומט. די צייט איז מיט דעם אין גאנצען גלייך צו איהרע קינדער צווישען די פראנצויזען, וואָס האָבען געשריעבען שרעקליכע לייכטפערטיגע ביכער, און קענען דאָך זיין זעהר ערנסט אין שטרענג, וואו שטרענקייט און ערנסטקייט איז געוואָרען נויטווענ־

דיג: אזוי למשל לאקלא און אפילו ליווע דע קאוורעי, וואס ווען עס האט זיך געהאנדעלט אין דער פרייהייט האבען זיי געקעמפפט מיט דער מוטיקייט פון מארטירער און מיט אויפאפפערונג, אבער אזוי פלעגען זיי שרייבען זעהר פריוואל און קיצעלדיג און האבען ליידער גאר קיין רעלגיאן ניט געהאט.

פונקט ווי די פרייהייט וואלט ניט געווען קיין רעליגיאן ווי אלע אנדערע! און אזוי ווי זי איז די אונזעריגע, וואלטען מיר אויך געקענט, ווען מיר זאלען מעסטען מיט דערזעלביגער מאס, ער־קלעהרען איהרע פארכאטער פאר פריוואל און איר־רעליגיעז.

יא, איך חזר איבער די ווערטער, מיט וועלכע איך האב די דאַ־זיגע בלעטער אנגעהויבען: די פרייהייט איז א נייע רעליגיאן, די רע־ליגיאן פון אונזער צייט. ווען אפילו קריסטוס איז ניט דער גאט פון דער דאזיגער רעליגיאן, איז ער פון דעסטוועגען איהרער א כהן גדול, און זיין נאמען שטראהלט, ברעננענדיג גליק אין די הערצער פון די תלמידים. די פראנצויזען זענען אדער דאס אויסדערוועהלטע פאלק פון דער נייער רעליגיאן, אין איהר שפראך זענען פארצייכענט געווארען די ערשטע עוואנגעליען און די ערשטע דאגמען. פאריז איז דאס נייע ירושלים, און דער רהיין איז דער ירדן, וואס טיילט אפ דאס געהייליגטע לאנד פון דעם לאנד פון די פיליסטער.

## באמערקונגען.

### די רייזע איפ'ן הארץ.

זייט 11 לידער: אַ סטודענט פון געטינגען, וועלכער איז געוועזן בעריהמט מיט זיין וואוקס, שטאַרקייט, און קענען זיך שלאַ־גען אויף דועלען.

„ 12 Legibus barbarorum — די געזעצען פון בארבארען.

„ 13 Mens — נשמה.

„ 14 קארפוס יורים: געזעצבוך.

„ 18 Doctores juris — דאָקטאָר פון רעכטס־וויסענשאפט.

„ „ Cavaliere servente — בעדינענדע קאוואלערען.

„ „ קאיאקיוס: א פראנצויזישער רעכטס־געלעהרטער פון 16טען יאהרהונדערט.

„ „ רוסטיקום: הייגע מיינט דאָ דעם געטינגער פראָפעסאר אנטאָן באוער, בעקאנטער רעכטס־געלעהרטער.

„ 19 פראַמעטעאוס: דער גריכישער גאָט, וועלכער איז צוגע־שמידט געוואָרען צו פעלזען פון זעווסע'ן, דעם הויפט־גאָט לויט דער גריכישער מיטאלאָגיע.

„ 20 מינכענהויזען: דער דירעקטאָר פון געטינגער אוניווערזי־טעט.

„ 23 „הערצאָג ערנסט“: דער שוואבישער הערצאָג, וואָס האָט גע־לעבט אין יאָהר 1003; וועגען איהם זענען געשאפען גע־וואָרען פיעל פאָלקס־ליעדער און לעגענדען.

„ 25 האפמאן: דער בעריהמטער ראָמאַנטיקער, מאָלער און שריפטשטעלער.

„ 30 לאפאיעט: דער פראנצויזישער גענעראל איז צו יענער צייט געוועזן אין אַמעריקא אלס גאסט פון דער „אַמעריקאַ־נישער נאַציע“.

„ 45 שאול אשער: הייגע'ס פריינד, אַ געבילדעטער פילאָזאָף און אנהענגער פון קאַנט. (אַ איד).

„ 48 "פענאמענא" און „נומענא„: די הויפט־בעגריפען פון קאנט'ס פילאָזאָפיע.

„ 60 Dejeuner dinatoire — שווערער אָנבייסען.

„ 63 „אלמאנזאר“, „ראטקליף“: דער נאָמען פון הייגעס צוויי דראמען אין פערזען.

„ 67 קלאודיאוס: בעקאנטער דיכטער; די ווערטער פונ'ם פערז זענען פון זיין בעריהמטען רהיין־ליעד.

זייט 69 פאלימאפסעסטום: אַן׳אלטערטימליכע האַנדשריפט אויף פאַרמעט.

״ 71 האלע: אוניווערזיטעט־שטאָדט.

״ 71 שיוץ: אַ בעקאַנטער ליטעראַטור־פאָרשער.

״ 73 ליכטענשטיין: אַ פראָפעסאָר פון זאָאָלאָגיע.

״ ״ בוכגאלץ: מחבר פון דער געשיכטע פון נאפאָלעאָן.

״ 82 Lex falcidia — דער געזעץ וועגען ירושה אין 40טע יאָהרען פאר קריסטוס געבורט.

״ ״ Quicumque civis Romanus — מיט די ווערטער הויבט זיך אָן דער דערמאָנטער ירושה־געזעץ.

״ ״ Cum omni causa מיט אַלץ, וואָס געהערט אַהער.

״ ״ גאַנס: בעקאַנטער יוריסט.

״ ״ עלווערזוס: אַ געטינגענער פּראָפעסאָר.

## צ פ ו ן י ם.

״ 8 „La tentation du vieillard" — דער נסיון פון אַן אַלטען זקן.

״ 11 „בערטהאָלד׳ס טאָגעבוך": אַ ראָמאַן פון אַסוואלד, וועלכער איז געווען אין זיין צייט בעריהמט.

״ 14 שלעגעל: דער בעגרינדער פון דער „ראָמאַנטישער שולע" אין דער ליטעראַטור. קריטיקער און פילאזאף. היינע האָט איהם שארף קריטיקירט אין זיין בוך פון דעמזעלבען נאָמען.

״ 17 פעליקס מענדעלזאָן—בארטהאָלדי: דער בעקאנטער דייטשער קאָמפאזיטאר, היינעס אַ פריינד.

״ 25 „דער דייטשער לעגיאָן": אַ באַטאַליאָן פון געוועזענע אָפיצירען פון דער האַנאָווערישער ארמעי, וועלכע ענגלאנד האָט צוזאמענגעשטעלט אין 1803טען יאָהר.

״ 26 „Rule Britania, rule the waves, Britons never shall be Slaves!" — דער ענגלישער נאַציאָנאַלער הימן: „געוועלטיג, בריטאניע, געוועלטיג איבער די חוואליעס, ענגלענדער זאָלען קיינמאָל ניט זיין שקלאפען!"

״ 36 עס איז אינטערעסאנט צו וויסען, אַז היינע האָט פאָראויס־געזעהן דעם ווערט פון וואלטער סקאָט׳ס ווערק איבער נאָ־פאָלעאָן, נאָך איידער ער האָט עס געהאָט געלייענט. שפּע־טער האָט ער אויך אָנגעשריעבען אַ באַזונדערען עסעי, וואָס באשעפטיגט זיך מיט דעם דערמאָנטען בוך.

## א י ד ע ע ן.

״ 6 Au Contraire — אדרבא.

״ 9 גריא וואונטאה: אַ גאַס אין האַמבורג.

## ענגלישע פראגמענטען.

זייט 9 Canaille roturier — געבראָטענער רשע.

" 10 טעאטר פון סט. דזשיימס: דאָ מיינט היינע דעם קעניג־ליכען פּאלאץ, וועלכער געפינט זיך אין סט. דזשעמס.

" " „זאָקענבענדעל פון דער קעבין": היינע מיינט דאָ דעם ענגלישען הויף־מעדאל, וועלכער טראָגט דעם נאָמען „זאָקענ־בענדעל".

" " „שפּעקולאטיוו פּאָלק": היינע מיינט די דייטשע סברה־פילאָזאָפיע (ספּעקולאטיווע פילאזאפיע).

" 12 „סמיטהפיעלד": דער פלייש־מארק אין לאָנדאָן.

" 14 טשיפּסייד: איינע פון די לעבעדיגסטע גאַסען אין לאָנדאָן.

" 15 "God domn",, -- פערפלוכט!

" 17 "finished",, -- פערענדיגט.

" 18 "West end of the Town",, -- די מעריב־זייט פון שטאָדט.

" 22 High life -- דאָס לעבען פון אויבערשטע „פיער הונדערט.

" 23 Ad usum Delphini — צום געברויך פאר'ן קרוינפּרינץ.

" 24 Fair play -- גערעכטע בעציהונג (גערעכטער אורטייל)

" 25 קינגס בענטש: דאָס העכסטע געריכט אין ענגלאנד אין יענער צייט.

" 26 Sheking! for shame, for shame! -- ס'איז צו דערווידער! שאַנדע, שאַנדע!

" 28 דער דאָזיגער קאַפּיטעל „אָלד בעילי" און דער פאָלגענדער „די באפּריזאונג" זענען אין אָריגינאל ניט אין דער זעלבער אָרדענונג ווי אין דער אויסגאבע. דאָס איז דערפאר, ווייל מיר גיבען אין אונזער אויסגאבע בלויז פינף קאפּיטלעך פון די ענגלישע פראגמענטען און דאָס, ניט לויט דעם אָרי־גינעלען סדר.

" 28 אלד בעילי: אַן אַלטער ענגלישער קרימינאל־געריכט צו־זאמען מיט אַ געפענגעניש.

" " Per me si va nella cetta dolente .א. אז. וו.:

דורך מיין טויער געהט מען אין דער שטאָדט פון טרויער.

דורך מיר געהט מען צום אויביגען אומגליק

דורך מיר געהט מען צו די פארלוירענע מענשען.

" 31 מאַטאַני בעי: אַ פּלאץ וואו מ'פלעגט פארשיקען גנבים.

" 35 נירענבערג: אַ שטאָדט אין דייטשלאנד.

" 37 Rotten Borough — אַ צופוילטער בעצירק.

" 41 לאַקלאַ: איינער פון די שטארקסטע אָנהענגער פון דער ערשטער רעוואָלוציאָן.

" " ליווע דע קאוורעי: אַ באוואוסטער שרייבער אין יענער צייט.

# אינהאלט: